# גראַיעווע
# יזכור־בוך



רעדאַקציע :

דר. ג. גאָרין, פאָרזיצער

היימאַן בלום

סאָל פישביין



אַרויסגעגעבן פון

פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט

ניו־יאָרק, 1950

# אינהאַלט:

## פערטער טייל: גראַיעווער אין אַמעריקע



## פינפטער טייל: גראַיעווער שרייבער, געלערנטע

# פאָרוואָרט

מיט צערפוילטע הערצער און פאַרטרויערטע געמיטער שטייען מיר ביי דער אויפדעקונג פון דעם באַשיידענעם דענקמאָל פאַר די קדושים און מאַרטירער, אונדזערע אומגעבראַכטע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, חברים און פריינט פון אונדזער אַלטער היימשטאָט, גראַיעווע.

בלויז עטלעכע גראַיעוווער אידן האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַצי־רוצחים, עטלעכע בלויז זענען געבליבן לעבן צו דערציילן פון דעם חורבן. אין גראַיעווע ווי אין די הונדערטער אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן איז נישטאָ מער קיין איין איד. האָט דעריבער גענומען עטלעכע יאָר נאָך דעם היטלער־מבול ביז מיר האָבן דערפילט די מוטיקייט און צונויפגעזאַמלט די כחות צו שטעלן דעם דענקמאָל — אַ „גראַיעוווער יזכור־בוך".

אַ שטעטל, מיט אַ אידישער קהילה פון בלויז עטלעכע טויזנט נפשות, האָט גראַיעווע די לעצטע צענדליקער יאָרן פון איר לעבן באַוויזן אויפצונעמען און איינצוזאַפּן אין זיך די געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און פּאָליטישע שטרעמונגען און שטרעבונגען פון דעם גרויסן שעפערישן אידישן קיבוץ אין פוילן. די קליינע גראַיעווע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ צאָל אָנגעזעענע אידישע און העברעאישע שרייבער, געלערנטע און געזעלשאַפטלעכע פירער, פון וועלכע אַ באַדייטנדיקע צאָל האָבן צוזאַמען מיט אַנדערע בני־עיר באַצייטנס אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, ארץ ישראל און אַנדערע לענדער. דאָס „גראַיעוווער יזכור־בוך" איז אינגאַנצן געשריבן פון די אייגענע כוחות און שטעלט מיט זיך פאָר אי אַ מאָנאָגראַפיע פון אונדזער פאַרטיליקטער קהילה, אי אַ געוויסע אָפּשפּיגלונג פונם לעבן פון די גראַיעוווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע און ישראל.

פאַרשטייט זיך, אַז אין די מערסטע אָפּהאַנדלונגען פון דעם בוך הערט מען דאָס געוויין פון אבלים; אין די זכרונות — דער טאָן פון הספד און עלעגיע, און אַוודאי איז פאַראַן געיאָמער אין די באַשרייבונגען פון דעם חורבן. פאַר די שרייבער און אַרויסגעבער פון דעם בוך איז חורבן גראַיעווע, ווי די אַלגעמיינע טראַגעדיע פון דעם אידנטום אין אייראָפּע, פאַרבונדן מיט פערזענלעכער טראַגעדיע, מיט טרויער נאָך זייערע אייגענע און נאָענטע... זענען אויך פאַראַן דאָ און דאָרט איבערחזרונגען אין באַשרייבונגען וועגן די זעלביקע ענינים, געשעענישן און פערזאָנען. אָבער איינס דאָס צווייטע דערגאַנצט און אַלע צוזאַמען שאַפן אַ בילד פון דער אידישן חורבן אין די שכנישע שטעטלעך אַרום גראַיעווע — שטשוטשין, קייט און לעבנס־שטייגער, אירע נויטן, שטרעבונגען און געראַנגלען, אירע פריידן און לײדן, אַנטוישונגען און דערגרייכונגען. אַלץ צוזאַמען דערציילט וויפיל מיר האָבן פאַרלאָרן, ווי אומשאַצבאַר עס איז דער פאַרלוסט!

פאַראַן אויך אין דעם בוך באַשרייבונגען און דאָקומענטן פון דעם אידישן חורבן אין די שכנישע שטעטלעך אַרום גראַיעווע — שטשוטשין, ראַדזשילאָוו, קאָלנע און אַנדערע, די שטעטלעך האָבן שטענדיק זיך געברידערט מיט גראַיעווע און געגאָסן פון איר געזעלשאַפטלעך און קולטורעל.

זאָלן די לאַנדסלייט פון די פאַרשניטענע אידישע שטעטלעך, ווי די שארית הפליטה, וואו נאָר זיי געפינען זיך, באַטראַכטן דעם „גראַיעווער יזכור־בוך" ווי אַ דענקמאָל פאַר זייערע ליבסטע און טייערסטע, סיי פאַר די וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם בוך און סיי פאַר די וואָס ווערן נישט דערמאָנט.

מיר דריקן דאָ אויס אַ האַרציקן דאַנק און יישר־כח די אַלע לאַנדס־לייט וואָס האָבן צוגעשיקט מאַטעריאַלן פאַר דעם יזכור־בוך. מיר בעטן גלייכצייטיק אַנטשולדיקונג ביי אונדזערע ליבע לאַנדסלייט וועמענס אַר־טיקלען האָבן צוליב טעכנישע סיבות נישט געקאָנט אַריין אין דעם בוך.

מיר זיינען באַזונדער דאַנקבאַר אונדזער בן־עיר, דעם דיכטער נחמן ראַפּפּ, איינער פון דער קליינער צאָל גראַיעווער אידן, וואָס זיינען פאַר־בליבן אין פוילן און וועלכער האָט דערפילט די שווערע און פיינלעכע מיסיע אויסצופאָרשן און באַשרייבן כאָטש אַ קליינעם טייל פון חורבן גראַיעווע. דער דיכטער האָט אַליין פאַרלאָרן אין גראַיעווע זיינע נאָ־ענטסטע קרובים און ווי דורך אַ נס זיך געראַטעוועט אין סאָוועטן־פאַר־באַנד. נאָך דעם בלוטיקן נאַצי־מבול איז ער צוריקגעקומען קיין פוילן אָבער אין זיין היימשטאָט האָט ער שוין קיין לעבעדיקן (און אויך קיין טויטן) אידישן נפש נישט געפונען, ווי ער דערציילט אין זיין געשיכטע פון דער גראַיעווער געטאָ און ווי ער האָט דאָס מספיד געווען אין זיין ביכל לידער „פונקען אין אַש", אַרויסגעגעבן אין ווראָצלאַוו, אין 1947. די באַשרייבונג פון נחמן ראַפּפּ, וואָס מיר דרוקן אין דעם בוך, איז זיכער אַ וויכטיקער ביטראָג צו דער געשיכטע פון אידישן חורבן און מאַרטיראָ־לאָגיע אונטער די נאַציס. אַזוי זיינען אויך די דאָקומענטן פון דער אידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין ביאַליסטאָק, וואָס מיר דרוקן דאָ. פאַר די ענגליש־רעדנדיקע קינדער און קרובים פון אונדזערע לאַנדסלייט דרוקן מיר אַ פאַרקירצטע איבערזעצונג פון נ. ראַפּפּס באַשרייבונג און אויך אַן אַריינפיר צו דעם בוך פון ד"ר ג. גאָרין.

מיט געבויגענע קעפּ און פאַרבראָכענע הענט שטייען מיר ביי דעם באַשיידענעם דענקמאָל פאַר אונדזער אומגעבראַכטער גראַיעווער אידישער קהילה. חבל על דאבדין ולא משתכחין. זאָל דאָס יזכור־בוך זיין אַ שטענדיקע דערמאָנונג פאַר די לאַנדסלייט פון גראַיעווע און אומגעגנט צו פאַראייניקן זייערע כחות דורך דעם גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס העלפן בויען און שטאַרקן דאָס אידישע פאָלקס־לעבן. זאָל דאָס „גראַיעווער יזכור־בוך" זיין אַ דערמאָנונג לדור דורות, אַז דער קיום פון אידישן פאָלק איז אויף אייביק אומצעשיידבאַר פון די אידעאַלן „באחרית הימים", פון סאָציאַלן יושר, פעלקער־פרייהייט און וועלט־שלום.

## רעדאַקציע־קאָלעגיע פון
## פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט

ד"ר ג. גאָרין, פּאָרזיצער
היימאַן בלום
ש. י. פישביין

ניו יאָרק, אַפּריל 15, 1950



פלאַן פון גרייעווע
דורך א'ד' פישביין
מילן
באהן גאס
וואַגזאַל
ראַמפּעס
שטשוטשין
מארק
פּאָוויאַט גאס
רב'ס גאס
שול גאס
באָד גאס
באַנגאָס ער גאס
קאָשאַק
בית עולם
אָסאָוויעץ

נחמן ראַפּפּ (וואָרצלאַוו)

# חצות

פאַרמאַכט איז די טיר און די לאָדנס פאַרריגלט,
אַליין בין איך דאָ אין מיין פינצטערן חדר,
איצט זע איך מיין בראָך ווי אין טונקעלן שפּיגל —
איך ריכט אָפּ אַ וויסטן, אַ חרובן סדר.

איך שיט נישט קיין אַש אויף מיין קאָפּ, ווי מיין זיידע,
איך רייס נישט קיין קריעה, אַזוי ווי מיין טאַטע —
צו שווער איז די פּיין, צו גרויס די אבדה,
אַז איך זאָל מיט קריעה זי טאָן פאַרלאַטן.

נאָר איצט איז חצות אין מיין עלנטן חדר,
איך שעם זיך נישט איצט פאַר קיין פריינט און קיין שונאים,
זאָל הערן די נאַכט היינט מיין קללה, מיין נדר,
זאָל טרינקן די נאַכט דאָס געוויין פון מיין פּנים...

אָ, ווער האָט פאַרשאלטן די שעהען, די רגעס,
ווען מ׳האָט מיינע ברידער אין גריבער געשליידערט ?
אָ, ווער האָט געיאָמערט, ווען איבער די ברעגעס
האָט בלוטיקער מבול פאַרטרונקען די לייבער ?

די תפילות פון אונדזער׳ע טאַטעס און מאַמעס,
אָ, ווער האָט געהערט ביי יציאת נשמה:
רבונו של עולם, פאַרהיט, נישט פאַרזאַם עס,
אל קנא ונוקם — דו גאָט פון נקמה...

איך זוך פון געוויסן אַ צאַפּל, אַ שפּליטער,
איך זוך אין די אויגן פון מענטשן אַ פונק נאָר,
וואָס זאָל כאָטש דערמאָנען אין הייליקן ציטער
פון חסד און רחמים, אַ פלעמל, אַ וואונק נאָר . . .

מיט טויזנטער הענט איך פאַרדעק מיינע וואונדן,
נישט זען זאָל די זון זיי, קיין פריינט זאָל נישט וויסן,
און אויך פאַרן שונא איך האַלט זיי פאַרבונדן,
ווייל ס'וועט פון זיין אָנבליק דאָס האַרץ מיר צעריסן.

נאָר איצטער אין פינצטערן טרויער פון חדר,
איך שעם זיך ניט איצט פאַר קיין פריינט און קיין שונאים,
זאָל הערן די נאַכט היינט מיין קללה, מיין נדר,
זאָל טרינקען די נאַכט דאָס געוויין פון מיין פּנים . . .

ש. י. פישביין

# גראַיעווע פון אַמאָל

(געשיכטלעכע פאַרצייכענונגען)

גראַיעווע, לאָמזשער גובערניע, געפינט זיך פיר וויאָרסט פון דער דייטשישער גרענעץ, ביים מזרח־פרייסישן שטעטל פּראָסטקען.

דער טייך לענק, (וואָס מ'האָט גערופן „קאָשעראַווע"), ביי וועלכן גראַ־יעווע האָט אויפגעבליט, ציט זיך פון די אָזשערעס אין דרום־פּרייסן ביז דער אַלטער פּוילישער פעסטונג אָסאָוויעץ.

די גינסטיקע געאָגראַפישע פּאָזיציע און אַנדערע פאַקטאָרן גיבן אונדז געגנוג גרונט זיך משער צו זיין, אַז גראַיעווע האָט הינטער זיך אַ לעבנס־געשיכטע פון הונדערטער יאָרן. פאַראַן אויך סימנים פון אַן אַלטן אידישן ישוב אין גראַיעווע. אַפּנים אָבער, אַז אידן האָבן זיך קיינמאָל ניט פאַרגע־שטעלט, אַז מען וועט אַמאָל אַרויסגעבן „יזכור־ביכער" נאָך די הונדערטער אידישע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן... זיינען פאַרבליבן זייער ווייניק געבורט־שיינען און יחוס־בריוו פון אונדזערע פאַרטיליקטע ישובים. פּרובירן מיר איצט רעסטאַווירן זייערע אַלטע געשיכטלעכע שפּורן; אויפנעמען די אָפּקלאַנגען פון זייער אַנטוויקלונג און די אָפּשפּיגלונגען פון זייער פאַרגאַנ־גענהייט.

## ווי אַלט איז גראַיעווע?

כראָניקער גיבן זיך געוויינטלעך אָפּ מיט געשעענישן פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, אָדער מיט געשעענישן פון היסטאָרישן באַדייט אין פאַרבינדונג מיט באַשטימטע ערטער און שטעט. וואָס איז שייך קלענערע שטעטלעך אָדער דערפער, ווערט זייער געשיכטע באַטראַכט לויט אָפיציעלע דאָקומענטן און לויט אומאָפיציעלע אינפאָרמאַציע, ווי אויך אין שייכות מיט די געשעענישן אין אַרומיקע שטעטלעך.

לויט דער פּוילישער ענציקלאָפּעדיע „סלאָווניק געאָגראַפּיטשני, קרו־לעווסטווא פּאָלסקע", זיינען די שטעט שטשוטשין און לאָמזשע דערמאָנט געוואָרן אין די יאָרן 1326 (שטשוטשין) און 1340 (לאָמזשע). דאָס שטעטל ראַיגראָד ווערט דערמאָנט שוין אין 12־טן יאָרהונדערט. געוויינטלעך ווערן די שטעט דערמאָנט אין זייער פּריסטער פּעריאָדע דורך די טעטיקייטן פון דער קאַטוילישער רעליגיע אָדער דורך דער בויאונג פון קירכן. אין די שפּעטערדיקע פּעריאָדן ווערן שוין פאַרצייכנט געשעענישן פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער.

עס איז צום דרינגען, אַז גראַיעווע איז אַזוי אַלט ווי די שטעטלעך אַרום איר, ד. ה. לאָמזשע און שטשוטשין אין דרום און ראַיגראָד אין צפון.

צום ערשטן מאָל ווערט גראַיעווע דערמאָנט אין „סלאָווניק פּאָלסקי" אין פאַרבינדונג מיט אַ הילצערנער קירך, וואָס איז אין גראַיעווע געבויט געוואָרן אין יאָר 1497. שפּעטער ווערט גראַיעווע דערמאָנט אין 1725, ווען עס ווערט געבויט אַ ציגעלנע קירך.

ביזן אויפבוי פון קעניגלעכן פּאָטשט־שאָסיי, וועלכער ציט זיך פון קאָוונע־וואַרשע, אין די יאָרן 1800 איז גראַיעווע געווען מינדערוויכטיק אין פאַר־גלייך מיט שטשוטשין און ראַיאגראָד. פּראָוויאַנט־אַרטיקלען אַזעלכע ווי נאַפט, זאַלץ א. א. וו. פלעגט מען פירן מיט אַ זאַמד־וועג קיין באגושע אָדער שטשוטשין. מיטן אויפבוי פון פּאָטשט־שאָסיי ווערט גראַיעווע אַ דורכגאַנגס־צענטער פאַר פּראַכט־טראַנספּאָרט פון יאגוסטאוו, ראַיגראָד דורך גראַיעווע צו לאָמזשע און וואַרשע.

פון אַזוי ווייט ווי יאָגוסטאָוו, אין אַגריקולטורעלן הינטערגרונט פון לאַנד, פאָרן אַרום סוחרים און קויפן אויף די דאָרפישע פּראָדוקטן. די פּראָדוקטן ווערן געלאָדן אין גרויסע „בוידן" (וועגענער באַצויגן מיט לייוונט). עס ציען זיך די קאַראַוואַנען מיט בוידן געשלעפּט פון דריי פאַר פערד — דורך גראַיעווע ווייטער צו לאָמזשע פאַר אויסלאָדונג אין די גרויסע מערק. שאַפן זיך אכסניות און אָפּרו־פלעצער אין גראַיעווע, מחמת דאָ רוט מען און מען בייט די פערד. עס פאַרמערן זיך סוחרים, ליפעראַנטן און האַנטווערקער. גראַ־יעווע גלייכט זיך אויס און שטייגט אַריבער אירע שכנישע שטעט.

## די אידישע קהילה אין גראַיעווע

די „ענציקלאָפּעדיא יודאיקא" גיט איבער, אַז אין 1856 האָט זיך אין גראַיעווע געפונען אַ באַפעלקערונג פון צוויי טויזנט מענטשן — 1457 אידן און 551 פּאָליאַקן. מען קאָן אויך פון דעם דרינגען, אַז דער גראַיעווער אידישער ישוב איז אַזוי אַלט ווי די אַרומיקע ישובים און אַז זיינע אידישע אינסטיטוציעס, ווי בתי־מדרשים, האָבן עקזיסטירט אין גראַיעווע פאַר די

לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר. מען גיט איבער, אַז דער אַלטער בית־המדרש איז שוין געווען אַ זייער אַלטע געביידע מיט 75 יאָר צוריק. מענטשן, וואָס זיינען געווען אין גראַיעווע ביים צעוואָרפן די אַלטע שול, אין 1899, דענקען, אַז די אַלטע שול האָט לויט איר געבוי פון שווערע מאַסיווע שטיי־נער, שוין עקזיסטירט לכל הפחות אַ הונדערט יאָר.

די אידישע פאַרוואַלטונגס־ענינים זיינען שוין לאַנג אָנגעפירט געוואָרן דורך דער אידישער קהילה. יעדן יאָר אַרום פסח צייט פלעגן זיך פאַר־זאַמלען פאָרשטייער, וועלכע זיינען דעלעגירט געוואָרן פון יעדן בית המדרש אָדער דאַוון־שטיבל פאַרן צוועק אויסצוקלייבן פאַרוואַלטער פון דער קהילה. באַרעכטיקט אויסצוקלייבן די דעלעגירטע פלעגן זיין בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט געשעפטן אָדער אייגנטום, אַזוי אַז בעלי־מלאכות אָדער אָר־בעטסלייט, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין אייגנטום, זיינען ניט געווען באַרעכ־טיקט אָנטייל צו נעמען אין אויסוואַל פון די דעלעגירטע.

די פאָרשטייער פון אַלע בתי־מדרשים פלעגן אויסקלייבן „דאָזאָרעס" און גבאים, וועלכע פלעגן צוזאַמען מיטן רב און דיין פאָרשטעלן מיט זיך די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה. די שטאָטישע קהילה האָט זיך אויסגעהאַלטן פון אַ שטייער, וואָס פלעגט אַרויפגעלייגט ווערן אויפן פאַרקויף פון פלייש. מען האָט דעם שטייער גערופן „קאַראָפּקע". די שטייערן פלעגן אַזוי אַרום געדעקט ווערן פון דער גאַנצער אידישער געמיינדע, כאָטש שטימרעכט האָט די אַלגעמיינע געמיינדע ניט געהאַט.

לײדער איז דער גראַיעווער פּנקס נישט איינגעהיט געוואָרן, אַזוי אַז די פאַקטן וועגן קהילה־פאַרוואַלטונגען פון דער גאַנץ פריער צייט זיינען נישט באַקאַנט. עס איז אָבער באַוואוסט לויט דער אינפאָרמאַציע פון עדות וועגן יענער צייט, אַז אין 1885 זיינען די דאָזאָרעס געווען: מלך וואַקס, אברהם־יאַנקל זשמיעווסקי, לייבל לעוויט, ישכר פּאַדבעלסקי. שפּעטער זיינען אויך געווען דאָזאָרעס: מאַרקוס, באַבקאָווסקי, קאַפּטשאַווסקי, טוטעלמאַן.

אין יאָר 1888 האָט די קהילה אויסגעבויט די באָד. דער ערשטער בעדער איז געווען שלמה דער בעדער, נאָכדעם איז געוואָרן בעדער ברוך־מרדכי און שפּעטער זיין אײדעם מאיר.

ווען די אַלטע שול איז צעוואָרפן געוואָרן אין 1899 האָט מען אָנגע־הויבן די אַרבעט פון בויען די נייע שול. אין צוגאָב צו דער קהילה־פאַר־וואַלטונג איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פאַרן בוי פון דער שול. אין שפּיץ פון קאָמיטעט איז געשטאַנען עלי וויערזשבלאָווסקי. עס זיינען אויך באַקאַנט געוויסע פאַקטן וועגן איינצלנע משפחות פון אַ פריערדי־קער פּעריאָדע. אַזוי איז באַוואוסט, אַז אין יאָר 1837 איז געווען אַקטיוו אַ גראַיעווער איד אַלס „דאָקטאָר", גערופן האָט מען אים ישראלקע דער רופא, מלך וואַקסעס שווער.



מאיר אָרוש׳עס פישביין
(געבוירן אין גראַיעווע אין 1798,
געשטאָרבן אין 1898)

אין גראַיעווע האָבן שוין אין פאַבריקן יאָרהונדערט עקזיסטירט עטלעכע גאַרבאַרניעס, וועלכע פלעגן אויסאַרבעטן אַ פיינעם לעדער. אַזוי פרי ווי אין די יאָרן 1840 האָט די משפחה מאיר פישביין — אָרושעס איידעם — אָנגעפירט מיט גאַרבאַרניעס, וועלכע פלעגן באַשעפטיקן אַ סך אַרבעטער. אין די זיבעציקער יאָרן פלעגט מאיר ארושעס פאַרקויפן לעדער אין דאַנציק.

אין צוגאָב צום האַנדל ווערן די אידן אין גראַיעווע אַן אינטעגראַלער טייל פון דער אַלגעמיינער ווירטשאַפט פון געגענט. אידישע בעלי מלאכות אַרבעטן און באַדינען דעם דאָרף ווי אויך די שטאָט. אידישע שמידן מאַכן אַקער־אייזנס, שמידן וועגענער, מאַכן בראָנעס און קאָסעס און שמידן די פערד; שטעלמאַכער מאַכן וועגענער, פעסער, רעדער; שוסטעריי, שניידעריי, סטאָלעריי, היטל־מאַכעריי, בעקעריי, זייגער־מאַכעריי זיינען געווען דורכאויס אידישע באַשעפטיקונגען אין גראַיעווע. דאָס גלייכן מילנערס, שערערס און פורמאַנעס. די לעצטע דינען אַלס טראַנספּאָרטלער. גראַיעווע איז אַזוי אַרום געווען אַ זייער קאָנסטרוקטיווע, פּראָדוצירנדיקע געמיינדע.

## גראַיעווע אין פוילישן אויפשטאַנד

נאָך דער ענטגילטיקער צעטיילונג פון פוילן אין 1795, ספּעציעל נאָכן ווינער קאָנגרעס פון די דעמאָלטיקע גרויסמאַכטן, רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך, ווערט אַ טייל פוילן באַוואוסט ווי רוסיש־פוילן. אין 1815 — אַן „אויטאָנאָמישע" פּראָווינץ פון רוסלאַנד.

אין גרויסן אויפשטאַנד פון די פּאָליאַקן אין קאַמף פאַר דער פוילישער באַפרייאונג אין יאָר 1831, קאָנצענטרירט זיך אַ פוילישע אויפשטאנדס־אַרמיי אַרום די גרויסע וועלדער אויפן וועג פון גראַיעווע קיין ראיגראָד אונטער דער פירערשאַפט פון פוילישן פאַטריאָט דאָמבראָווסקי.

קעגן די אויפשטענדלער פון גראַיעווער געגנט שיקט דאַן די רוסישע רעגירונג אַרויס אַן אַרמיי פון 8,000 פיעכאָטע (אינפאַנטריע), 2,000 אַרטילע־

ריסטן און טויזנטער קאַוואַלעריסטן. דאָס איז געווען אַ גרויסע אַרמיי פאַר יענער צייט, וואָס דאָס באַווייזט די ערנסטקייט פון אויפשטאַנד.

עס איז אויך באַוואוסט אַז צוויי גראַיעווער אידן זיינען באַשטראָפט גע־וואָרן דורך דער צאַרישער רעגירונג פאַר זייער באַטייליקונג און הילף צו די אויפשטענדלער (דאָס זיינען געווען ליזער העפּנער און דוד קאַלקאַ).

אין דער „געשיכטע פון די אידן אין פוילן און אין רוסלאַנד" גיט אָן פּראָפעסאָר דובנאָוו, אַז אין 1825 האָט דער גרויספירשט פאַוולאָוויטש, וועל־כער איז באַשטימט געוואָרן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, צו רעגירן איבער פוילן, אַרויסגעגעבן אַן אוקאַז, אַז אידן טאָרן זיך ניט געפינען אויף אַ שטח פון 50 וויאָרסט פון די מערב־גרענעצן, סיידן די אידן וואָס האָבן אַן אומבאַ־וועגלעכן פאַרמעגן. די אידן האָבן זיך געווערט קעגן דעם ברוטאַלן געזעץ מיט אַלע מעגלעכע מיטלען און כאָטש ס'איז ניט באַוואוסט וויפיל אידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די גרענעץ־שטעטלעך דורך דער גזירה, איז אָבער זיכער, אַז דער נאָרמאַלער לעבן און וואוקס פון די אידישע ישובים ביי די גרענעץ־שטעטלעך, גראַיעווע אַריינרעכנדיק, איז זייער געשטערט גע־וואָרן. אָט דער גרויזאַמער פאַרבאָט איז ערשט אָפּגעשאַפט געוואָרן אין יאָר 1862 אונטער דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

די „ענציקלאָפּעדיא יודאיקא" גיט אָן, אַז אין 1862 איז פאַרוועררט גע־וואָרן אידן אין פוילן איינצוואַנדערן און זיך צו באַזעצן אין גראַיעווע. דאָס באַווייזט, אַז בעת דער אוקאַז אַרויסצוטרייבן די אידן פון גראַיעווע און אַנ־דערע גרענעץ־שטעט איז שוין אָפּגעשאַפט געוואָרן, איז אָבער נאָך אַלץ געווען פאַרווערט נייע אידישע איינוואַנדערער זיך צו באַזעצן אין גראַיעווע.

## גראַיעווע אַ האַנדלס־צענטער

דאָס לייגן פון דער באַן־ליניע בריסק־ליטאָווסק־גראַיעווע איז פאַרענדיקט געוואָרן אַרום 1874. גראַיעווע קומט דאַן אַרויף אויף דער מאַפּע ווי אַ וויכטיקע האַנדלס־שטאָט. עס עפענען זיך דירעקטע פאַרבינדונגען, דורך גראַיעווע, צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. רוי־מאַטעריאַלן פון רוסלאַנד און אינדוסטריעלע פּראָדוקטן פון דייטשלאַנד ווערן דורכגעפירט און אויסגע־ליפערט אין גראַיעווע.

די אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן פון גאַנצן אַרומיקן גראַיעווער געגנט ווי אויך פון אוקראַינע און רוסלאַנד ווערן געפירט דורך גראַיעווע. גראַיעווער סוחרים פאָרן קיין רוסלאַנד קויפן פערד, גענדז, תבואות, פלאַקס א. אַז. וו. און ליפערן דאָס דורך גראַיעווע קיין דייטשלאַנד. צוויי מאָל אַ טאָג גייט אַ רוסישע באַן אַריין אין דייטשלאַנד און צוויי מאָל אַ טאָג קומט אַ דייטשישע באַן קיין גראַיעווע. גרויסע סקלאַדן ווערן אויפגעבויט. דער האַנדל ווערט

אויסגעברייטערט, עס שטעלט זיך איין אַ האַנדלס־קאַמער, אַן אָפּצאָל־הויז. עס שטעלן זיך איין עקספּעדיציע־קאַמערן, קאַנטאָרן, גראַיעווע ווערט אַ צענטראַלער פּונקט אין דעם האַנדל צווישן רוסלאַנד מיט דייטשלאַנד.

מיטן אויפשטייג פון אויסלענדישן האַנדל האָבן זיך אַנטוויקלט גרויסע אידישע קאַנטאָרן, עקספּעדיציע־הייזער און באַנקן. באַוואוסט צווישן די פּראָמינענטסטע גראַיעווער אידן זיינען די געשעפטס־הייזער פון יעזשערסקי, וויערזשבלאָווסקי, אַלשוואַנגער, זילבערשטיין, לעווין, ביינוש קאַלקאַ, ביאַליסטאָצקי, מאַרקוס, טוטעלמאַן, קנאַראַזאָווסקי און אַנדערע.

אין 1892 האָבן אַ טייל פון די דערמאָנטע גבירים באַשלאָסן, אַז דאַוונען אין אַלטן בית מדרש מיט אַלע בעלי מלאכות, קבצנים און פּורמאַנעס שטייט זיי נישט אָן. און אַזוי ווי די שול איז געווען אַ נישט באַהיצטע און מער ווי אין זומער האָט מען אין איר נישט געקענט דאַוונען, האָבן די קאַנטאָריסטן און אויפגעקומענע גבירים באַשלאָסן אויפצובויען אַ בית המדרש פאַר זיך אַליין. אַזוי אַרום האָט מען אָנגעהויבן בויען דעם נייעם בית־מדרש.

דער „סלאַווניק געאָגראַפּיטשני, קרולעווסטווא פּאָלסקע", רעדאַקטירט אין 1881, גיט אָן, אַז אין 1876 האָט דער עקספּאָרט דורך גראַיעווער האַנדלס־קאַמער באַטראָפן אַכט און אַ האַלב מיליאָן רובל און דער אימפּאָרט 13 און אַ האַלב מיליאָן רובל. פאַר אַ סומע פון צוויי און צוואַנציק מיליאָן רובל וואַרע איז דורכגעפירט געוואָרן דורך גראַיעווע אין איין יאָר און דער האַנדל איז געשטיגן פון יאָר צו יאָר.

גראַיעווע האָט געהאַט אַ גרעסערע פאַבריק פון גומי און שלייקעס, וועלכע איז אין 1896 איבערגענומען געוואָרן פון הענפנערן. אין דער פּראָדוקציע פון שלייקעס האָט די פאַבריק אין איין צייט באַשעפטיקט 50 אידן פון דער אַלגעמיינער צאָל פון 200 אַרבעטער.

אין גראַיעווע איז אויך געווען אַ פאַבריק פאַר דער פּראָדוקציע פון כעמישער באַמיסטיקונג און קלעי פאַר סטאָליאַרעס. די פאַבריק האָט מען גערופן „קנאָכן־פאַבריק", ווייל אין דער פּראָדוקציע פון כעמישע באַמיסטיקונג פלעגן גענוצט ווערן ביינער פון בהמות.

צום האַנדל פון שטאָט האָט צוגעטראָגן דער פאַקט, וואָס אין גראַיעווע איז געוואָרן איינגעקוואַרטירט אין יאָר 1890 אַ גאַרניזאָן פון קאַוואַלעריע, וועלכער איז באַשטאַנען פון אַכט סקוואַדראָנען און געציילט 1,200 מענטשן. אידישע סוחרים האָבן צוגעשטעלט פּראָוויאַנט פאַר די סאָלדאַטן. די אַלגעמיינע באַזאָרגונג פון די סאָלדאַטן האָט פאַרגרעסערט די שפע פון דער שטאָט.

אין גראַיעווע איז אויך געווען אַ גרויסע מאָדערנע שנאַפּס־פאַבריק. די

פאַבריק האָט באַלאַנגט צום פריץ יעגעלסקי און דער פאַרוואַלטער איז געווען אַ איד מיטן נאָמען חיים בערנזאָן.

אין גראַיעווע איז אויך געווען אַ הענטשקע־פאַבריק, וועלכע האָט באַלאַנגט צו קאַלקען און אין וועלכער עס האָבן געאַרבעט אידישע פרויען. די הענטשקעס פלעגן געפירט ווערן צום פאַרקויפן אין די גרויסע שטעט.

אויפן געביט פון בילדונג איז אויסער חדרים אויך געווען אַ שטאַטישע שולע אונטער דער דירעקציע פון חנינה גראָן. די שולע וואָס האָט אין 1882 פונקציאָנירט אונטער גראָנ'ען האָט אויך געהאַט די לערער פעלטין און ראַטשילד. שפּעטער ווערט די שולע איבערגענומען פון לערער שאַצקי.

אין יאָר 1890 קומען פאַר אין גראַיעווער געגנט גרויסע מיליטערישע מאַנעוורעס פון די פאָלקן פון גאַנצן אומגעגנט. פון וואַרשע איז אַראָפּגע־קומען דער גענעראַל גראַף שוואוואַלאָוו אָנצופירן מיט די מאַנעוורעס. פון שטאָט זיינען אַרויסגעקומען דריי דעפּוטאַציעס אויפצונעמען די געהויבענע געסט. די דעפּוטאַציעס זיינען באַשטאַנען פון דער רוסישער, פוילישער און אידישער באַפעלקערונג. די אידישע דעפּוטאַציע איז באַשטאַנען פון אויסדער־וויילטע בעלי־בתים פון שטאָט אָנגעפירט פון דעמאָלטיקן רב, אליהו־אהרן מיליקאָווסקי. ווי דער מנהג איז געווען, האָט די דעפּוטאַציע געטראָגן ברויט מיט זאַלץ אויף אַ זילבערנער טאַץ. ווען עס איז געקומען צו דער אויפנאַמע איז די אידישע דעפּוטאַציע נישט צוגעלאָזן געוואָרן. די פאַרמעגלעכע גראַ־יעווער אידן יעזשערסקי און וויערזשבאַלאָווסקי האָבן דעם אינצידענט איבער־געגעבן צו דער דייטשישער פּרעסע און די בערלינער „טאַגעבלאַט" האָט געשריבן וועגן דעם זייער קריטיש. מיט אַ צייט שפּעטער האָט זיך שוואוואַ־לאָוו געווענדעט צו דער גראַיעווער קהילה דורכן לאָמזשער גובערנאַטאָר, אַז מען זאָל אים צושיקן די זילבערנע טאַץ...

מיטן וואוקס פון האַנדל, אינדוסטריע און האַנטווערקעריי, איז אויך געוואַקסן די באַפעלקערונג אין גראַיעווע. דער „סלאָווניק" גיט אָן, אַז שוין אין 1880 איז געווען אין גראַיעווע אַ באַפעלקערונג פון 5,000 מענטשן און אין 1897 איז די באַפעלקערונג צוגעוואַקסן ביז דער צאָל פון 4,336 אידן און 3,315 פּאָליאַקן — אַ שטאָט פון 8,000 מענטשן.

מיטן אויפבוי פון דער באַן האָט זיך געענדערט דער פיזישער אויסזען פון שטאָט. אין דער געגנט פון דער באַן־סטאַנציע און די וואַרעהייזער זיינען פריער געווען דורכאויס זומפּן. דער גאַנצער קוואַרטאַל איז געוואָרן אויסגע־טריקנט און אויפן אָרט פון די זומפּן איז געוואָרן אויסגעבויט אַ שיינער מאַרק, אַן אָפּצאָל־הויז, חוץ די וואַרעהייזער און באַן־סטאַנציע. נייע גאַסן זיינען אויסגעלייגט געוואָרן און די שטאָט האָט אויפגעבליט אַזוי, אַז צום

סוף פון 19־טן יאָרהונדערט איז גראַיעווע שוין געווען אַן אָנגעזעענע, פּראָ־דוקטיווע און קאָמערציעלע שטאָט.


ביבליאָגראַפיע : געשיכטע פון די אידן אין פּוילן און אין רוסלאַנד :

1. פּראָפעסאָר דובנאָוו
2. סלאָווניק געאָגראַפיטשני, קרולעווסטווא פּאָלסקע
3. ענציקלאָפּעדיא יודאַיקאַ
4. פאַקטן געזאַמלט פון פּריוואַטע פּערזאָנען :
   א) ה׳ מאַקס וואקס
   ב) לעאָן בײליס אין מאָונט־ווערנאָן
   ג) פרוי שרה רבקה פישביין





אַ טייל פון גראַיעוואר בית־עולם און די „יעזשערקע" (קוקענדיג פון טייך־גאַס). געצייכענט פון א. ד. פישביין.

מאיר וואַסער

# אונזער היימשטאָט — גראַיעווע

געווידמעט מיין טרייער לעבנס־באַגלייטערין מאַניע (מרים), אומגעבראַכט אין טרעבלינקע, אין חודש אויגוסט, 1942; מיין איינציגן קינד האַנושע (הינדע), אומגעבראַכט אין טרעבלינקע, אויגוסט 1942, אין עלטער פון 16 יאָר; מיין ברודער גרשון, געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ, אויגוסט 1940, און זיין פרוי, אומגעבראַכט אין טרעבלינקע; מיין שוועסטער חוה קאַנטאָראָוויטש מיט איר מאַן העשל און 2 אינגלעך אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע ביאַליסטאָקער אידן; מיין ברודער אליהו, מיט זיין פרוי און 2 אינגלעך, אומגעבראַכט אין טרעבלינקע; מיין שוועסטער צביה, אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע גראַיעווער אידן.

אַ שטאָט ווי אַלע שטעט, איינע פון די איבער 600 „אידישע" שטעט און שטעטלעך אין פוילן דער מדינה.

העכער 800 יאָר איז אַלט געווען דער אידישער ישוב אין פוילן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. די אידן אין פוילן האָבן דורכגעלעבט פאַרשיידענע צייטן — גוטע און שלעכטע. אַפּנים מער שלעכטע, ווי גוטע, אָבער שטענדיק געגאַנגען פאָרויס.

דאָס פוילישע אידנטום האָט זיך קונה־שם געווען אין דער גרויסער, ברייטער וועלט, וואו נאָר אַ איד האָט זיך געפונען. אין די אַלטע, אַמאָליקע צייטן גע'שמ'ט מיט לומדות, חסידות און מעשים טובים. אין די לעצטע פאָר דורות איז דאָרטן אַנטשטאַנען די מאָדערנע אידישע קולטור און ליטעראַטור. אין משך פון הונדערטער יאָרן האָט דאָס אידישע פוילן משפיע געווען אַלע אידישע ישובים אין גאָר דער וועלט.

דער אידישער ישוב אין פוילן האָט אויך באַדייטנדיק באַווירקט דעם נישט־אידישן אַרום. אָבער ער אַליין איז נישט ווייניק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם דאָזיקן אַרום. די אידייען פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען. מיט חסידישן ברען און מסירת־נפש האָט די אידישע יוגנט זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די טויזנטיעריקע יאָריקע חלומות פון איד און מענטש.

איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה. פוילן איז געווען באַשערט די ערשטע פאַרפלייצט צו ווערן פון דער דייטש־היטלעריסטישער כוואַליע, וועלכע האָט מיט אַ מוראדיקן אימפעט זיך געגומען קייקלען איבער די לענדער פון איראָפּע. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די היטלעריסטישע חיות האָבן

אויסגעריסן מיטן וואָרצל דעם שפּרודלדיקן אידישן ישוב אין פּוילן און כמעט אַלע אידן דאָרטן פאַרטיליקט. פון די העכער זעקס מיליאָן אידן, אומגעבראַכטע דורך די היטלעריסטישע משחיתים אין די געטאָס, טויט־לאַגערן און גאַז־קאַמערן פון מאַידאַנעק, טרעבלינקע, סאָביבאָר, אָשוויענטשים (אוישוויץ) און אַנדערע זיינען אַן ערך אַ העלפט געווען די אידן פון פּוילן.

נישטאָ מער דער פאַר־מלחמהדיקער, גרויסער דריי און אַ האַלב מיליאָ־ניקער אידישער ישוב אין פּוילן. די ווייט גרעסטע מערהייט שטעט און שטעטלעך, וואו אידן האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט, זיינען איצט „יודן־ריין".

דעם זעלבן ביטערן גורל האָט געטיילט אויך אונדזער היימשטאָט גראַ־יעווע. אין דעם טויטן־מאַרש פון מיליאָנען קדושים זיינען געטריבן געוואָרן אויך אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע — אונדזערע לייבלעכע ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס. זייער גרויסער, אומבאַקאַנטער ברודער־קבר איז מיט דער ערד אויסגעגליכן. קיין שום מצבה, קיין שום צייכן וויזט נישט אָן דעם אָרט פון זייער אומקום.

ווילן מיר אויפן באַשיידנסטן אופן זיי דערמאָנען. מיר ווילן פּרואוון פאַרצייכענען זייער לעבן, זייערע פריידן און ליידן, דאגות און שמחות אין די צייטן פאַרן בלוטיקן מבול.

## מיט אַן אייגענעם פּנים

כאָטש אַ שטאָט אַ קליינע האָט גראַיעווע זיך אויסגעצייכנט אין דעם גאַנצן אַרום. גראַיעווע האָט פאַרמאָגט איר אייגנאַרטיקייט, וועלכע האָט זי אויסגעטיילט פון צווישן די אַנדערע אַרומיקע שטעט — קלענערע, ווי גרע־סערע. דער אייגנאַרטיקער פּנים פון גראַיעווע האָט זיך געפורעמט אין משך פון דורות. אָבער אויפן איבערבראָך פון היינטיקן יאָרהונדערט איז די פיזיאָ־נאָמיע פון דער שטאָט שוין געווען אַ קלאָרע און באַשטימטע. און אָט־דעם פעריאָד ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה ווילן מיר דאָ פאַרצייכענען.

אויף דער אַנטוויקלונג פון גראַיעווע האָבן געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפּעה צוויי פאַקטאָרן. ערשטנס, די נאָענטקייט צום דייטשישן גרענעץ. סך־הכל 4 וויאָרסט, (עפּעס מער ווי 2 אַמעריקאַנער מייל) האָט אָפּגעטיילט גראַיעווע פונעם פּרייסישן גרענעץ־שטעטל פּראָסטקען. צווייטנס, דאָס וואָס צוליב דער באַן־פאַרבינדונג מיט דייטשלאַנד איז גראַיעווע געוואָרן אַ טראַנזיט־פּונקט פאַר אַ לעבעדיקן אינטערנאַציאָנאַלן האַנדלס־פאַרקער.

גראַיעווע איז געווען די לעצטע באַן־סטאַנציע פון דער גרויסער דרום־מערבדיקער באַן־ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן אַזש פון אָדעס ביים שוואַרצן ים, איבער קיעוו און אוקראַינע, אַריינגעשניטן זיך אין פּאָלעסיע (בריסק) און דאַן איבער ביאַליסטאָק, זיך פאַרענדיקט אין גראַיעווע.

קיין איינע פון די אַרומיקע שטעט האָט נישט געהאַט קיין באַן־פאַרבינ־

דונג. אַפילו די גרעסערע — גובערניע־שטעט — לאָמזשע פון איין זייט און סואוואַלק פון דער אַנדערער זייט האָבן ביז טיף אין די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט נישט געהאַט קיין באַן־פאַרבינדונג. אַזוי אַרום איז גראַ־יעווע געוואָרן דער טראַנזיט־צענטער פאַר סחורות, וועלכע פלעגן אָנקומען מיט דער באַן פאַר אַלע שטעט און שטעטלעך וויט אַרום. פון דאַנען פלעגן די סחורות פאַנאַנדערגעפירט ווערן דורך באַלעגאַלעס אין לאָסט־וועגענער און בוידן אין די אַרומיקע שטעט אַריך.

# פון וואָס האָבן אידן געלעבט?

## עקספּאָרט

דאָס וויכטיקסטע אינעם לעבן פון גראַיעווע איז געווען די גרענעץ. דורך גראַיעווע פלעגן עקספּאָרטירט ווערן קיין דייטשלאַנד אַלערליי תבואות, גע־פירט מיט דער באַן אַזש פון טיף־רוסלאַנד און אוקראַינע. פון צווישן די גראַ־יעווער אידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט תבואה־עקספּאָרט זיינען געבליבן אין זכרון שטראַוסבערג, די בופּענשטיינס, משה־איציק וויינשטיין, באַרקאָוו־סקי. עס פלעגט אויך עקספּאָרטירט ווערן געהילץ — רויע און באַאַרבעטע, וואָס פלעגט קומען פון די פּאָלעסיער וועלדער.

בכלל איז דער עקספּאָרט געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער. אַזוי למשל, פלעגן עקספּאָרטירט ווערן שוואָמען פון די ווייס־רוסישע וועלדער. גראַיעווער אידן — די ברידער ראַבינאָוויטש, יאַנקל גינזבורג, נתן פּראַנק און אַ ריי אַנדערע האָבן דערפון געצויגן חיונה. פלאַקס פלעגן עקספּאָרטירן קאָמפּאַניער מיט די זין. עס פלעגן עקספּאָרטירט ווערן אויך ראַקעס.

אָבער דעם אויבנאַן אינעם עקספּאָרט האָבן פאַרנומען עופות, דער עיקר געגנדז. נאָך אַ גרעסערן אָרט האָט פאַרנומען דער עקספּאָרט פון פערד.

די געגנדז פלעגן געבראַכט ווערן פון רוסלאַנד. אין משך פון זומער פלעגן כמעט יעדן טאָג אַדורכגיין גאַנצע באַן־צוגן מיט צענדליקער וואַגאָנעס אָנגעלאָדן מיט געגנדז. אויף דער דייטשישער זייט פון דער גרענעץ פלעגן די געגנדז מוזן דורכגיין אַ קאַראַנטין. אויב די קאָנטראָל פלעגט אַרויסווייזן אַפילו אַ פּאָר קראַנקע געגנדז אין אַ וואַגאָן, פלעגט דער גאַנצער וואַגאָן צוריק־געשיקט ווערן קיין גראַיעווע. און אַזעלכע פאַלן פלעגן די סוחרים אָפּטמאָל פּרוּאוון לאָזן טרייבן די געגנדז מיט דעם שאָסיי איבער באָגושע קיין פּראָסטקען, וואו דער קאָנטראָל איז נישט געווען אַזוי שטרענג.

צווישן די געגנדז־הענדלער זיינען געווען : יאַנקל וואָדאָווסקי, ליב זדאַנאָ־וויטש, רינקאָווסקי, יודעינסקי און אַנדערע.

גאָר באַדייטנדיק האָט זיך אַנטוויקלט דער עקספּאָרט פון פערד. גראַיע־

ווער פערד־הענדלער פלעגן פאָרן קיין טיף־רוסלאַנד איינצוקויפן פערד, גע־האדעוועטע אין די ברייטע רוסישע סטעפּעס. דייטשלאַנד איז געווען אַ גוטער אָפּזאַץ־מאַרק פאַר רוסישע פערד. גאַנצע באַן־צוגן, צו 8 פערד אין אַ וואַגאָן, פלעגן אַדורכגיין איבער גראַיעווע קיין דייטשלאַנד. טייל פון די עקספּאָר־טירטע פערד פלעגן איבער דייטשלאַנד אַפילו אָנשפּאַרן אין אַנדערע לענדער. בעת דער ענגליש־בורישער מלחמה (1899) זיינען דורך גראַיעווע אַדורכגע־גאַנגען טויזנטער פערד, וואָס זיינען איינגעקויפט געוואָרן פאַר דער ענגלי־שער אַרמיי.

די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון גראַיעווער פערד־האַנדל איז זייער טשיקאַווע. זייט צענדליקער יאָרן פלעגן גראַיעווער אידן פאָרן קיין דייטש־לאַנד פאַרקויפן דזשעגאַכץ (שמירעכץ פאַר וואָגנס). פון איין זמן ביזן צווייטן, פון נאָך פסח ביז סוכות און פון נאָך סוכות ביז פסח פלעגן גראַיעווער „דזשעג־טשאַרעס" אַרומפאָרן אין זייערע בוידן איבער די דערפער פון פרייסן און אַנדערע דייטשישע מדינות, כדי צו פאַרקויפן זייער סחורה. דערפון האָבן זיי געצויגן פרנסה. ביסלעכווייז זיינען די מער־אונטערנעמערישע פון צווישן די דזשעגטשאַרעס אַריבער אויף פערד־האַנדל און האָבן זיך גאַנץ היפש אַרויפ־געאַרבעט. די באַדייטנדיקסטע פערד־הענדלער זיינען געווען: יאַמשון מיט זיין שותף שימער, ביאַלישעווסקי, וואיסלאַווסקי, קאַלינאָווסקי. איינער פון די פערד־הענדלער קורלענדער האָט זיך באַזעצט אין ברעסלאו, וואו ער האָט פאַרמאָגט אייגענע גרויסע פערד־שטאַלן.

## אימפּאָרט

נישט קיין קלענערע, נאָר אפשר נאָך אַ גרעסערע ראָל האָט אין דער אַנטוויקלונג פון גראַיעווע געשפּילט דער אימפּאָרט פון אויסלענדישע סחורות, וואָס פלעגן דורך דער גראַיעווער גרענעץ און דער טאַמאָזשנע (קאָסטאָמס־הויז) גיין קיין רוסלאַנד. די סחורות זיינען געווען פאַרשיידנאַרטיקע. אָבער דער רוב איז באַשטאַנען פון מאַשינען און טיילן פון מאַשינען פאַר דער רוסי־שער אינדוסטריע. אַ באַדייטנדיקן אָרט האָט פאַרנומען דער אימפּאָרט פון הערינג, וועלכע פלעגן געשיקט ווערן קיין פּוילן, ווייס־רוסלאַנד און אויך ווייטער. אין משך פון לאַנגע יאָרן פלעגן דורך דעם גרענעץ אַדורכגיין וואַגאָ־נעס מיט דינאַמיט פאַר די קוילן־גרובנס פון דרום־רוסלאַנד און פאַר די נאַפט־גרובנס פון קאַווקאַז.

אַרום דעם אימפּאָרט פון אויסלענדישע סחורות זיינען אַנטשטאַנען אַ ריי עקספּעדיציע־קאָנטאָרן. זייער עובדה איז געווען אָפּצאָלן אויף דער טאַמאָזשנע דעם גרענעץ־צאָל און ווייטער אָפּשיקן די סחורות אין די ערטער פון זייער באַשטימונג. אַגב איז דער רוסישער צאָל־טאַריף געווען אַ קאָמפּלי־

צירטער. ס׳פלעגט נעמען לאַנגע יאָרן ביז אַן אָנגעשטעלטער פלעגט זיך ספעציאַליזירן אַלס דעקלאַראַנט פונעם גרענעץ־צאָל.

די קאַנטאָרן זיינען געווען אין אידישע הענט. די וויכטיקסטע פון זיי זיינען געווען: נ. יעזשעוסקי, ברידער לעווין, אליהו ווערזשבאַלאָווסקי, אַל־שוואַנגער און פייפנזילבער, יודל ביאַליסטאָצקי. טיילוויז פלעגן דערמיט זיך אויך פאַרנעמען ביינוש קאלקא און מאיר זילבערשטיין. אין די קאַנטאָרן זיינען געווען באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל אָנגעשטעלטע פון צווישן דער באַלעבאַטי־שער יוגנט. ווערזשבאַלאָווסקי און יעזשעוסקי זיינען אין דער זעלבער צייט געווען אויך באַנקירן, פאַרטרעטער פון גרויסע בענק אין וואַרשע.

אין קעגנזאַץ צום עקספאָרט, וועלכן גראַיעווער אידן האָבן געפירט אויף אייגענער האַנט און אחריות, איז זייער ראָל אין אימפאָרט געווען מער אַ באַ־גרענעצטע. זי איז באַשטאַנען בלויז אין דער פונקציע פון אָפּצאָלן דעם גרענעץ־צאָל און ווייטער עקספּאָרטירן די סחורות.

## דער געהיימער גרענעץ האַנדל

אַרום דער גרענעץ איז געפירט געוואָרן אַ ברייט־פאַרצווייגטער פאַרבאָ־טענער האַנדל. אַ פאָר הונדערט מענטשן זיינען געווען אַריינגעצויגן אין דעם. פון דייטשלאַנד פלעגן אויף אַזאַ אופן אַריינגעשמוגלט ווערן פאַרשיידנאַרטיקע סחורות, אָנהויבנדיק מיט וואָרעמע אונטערוועש און אַנדערע סחורות ביז דייטשישע לאָטעריע־צעטלען און אַפילו רעוואָלווערן פאַר די פוילישע און רוסישע רעוואָלוציאָנערן און פאַר דעם אידישן זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמען אַרום 1905־טן יאָר.

אין דער פרי פלעגן צענדליקער מענטשן — מענער, פרויען און אַפילו קינדער אַריינפאָרן מיט דער באַן קיין פרייסן און פון דאָרטן פלעגן זיי צוריק־קומען באַלאָדן מיט „טריפהנע" סחורות. די גרענעץ־וועכטער און די אויפ־זעער אויף דער טאַמאָזשנע זיינען מערסטנס געווען אונטערגעקויפט און זיי פלעגן זיך מאַכן נישט זעענדיק. עס פלעגן אָבער טרעפן אויך דורכפאַלן מיט אַרעסטן און פראָצעסן.

אַ חוץ מיט דער באַן פלעגט דער שמוגל אויך גיין דורך דעם גרענעץ־פונקט ביים דאָרף באגושע. אַ שאָסיי, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן עק שטאָט, ביים סוף באגושער גאַס האָט געפירט צום גרענעץ־פונקט. צענדליקער פורן מיט פאַסאַזשירן פלעגן פאָרן אַהין און צוריק. עס איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז אַ גרויסער טייל פון די פאַסאַזשירן קומט צוריק באַלאָדן מיט „טריפהנער" סחורה.

אַ באַזונדער אָרט האָט פאַרנומען די אומלעגאַלע עמיגראַציע דורך דער גרענעץ. צענדליקער טויזנטער אידישע עמיגראַנטן פלעגן „גנבענען" די

גרענעץ אַרום גראַיעווע אויף זייער וועג קיין אַמעריקע. צווישן די אומלע־גאַלע עמיגראַנטן זיינען אויך געווען רעוואָלוציאָנערן, נישט נאָר אידן. אַזוי, למשל, איז באַקאַנט, אַז דער שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון דער פּוילישער רעפּובליק צווישן ביידע וועלט־מלחמות, מאָשציצקי, האָט אין זיינע יונגע יאָרן אַלס רעוואָלוציאָנער געגנבעט די גרענעץ ביי באגושע.

## אינדוסטריע

קיין ספּעציעלע אַרטיקע אינדוסטריע האָט גראַיעווע נישט פאַרמאָגט. אָבער ווידעראַמאָל אַ דאַנק דער נאָענטקייט צו דער גרענעץ זיינען געמאַכט געוואָרן פּרוואון צו פאַרלייגן פאַבריקן, וועלכע זאָלן זיך שטיצן אויף רוי־מאַטעריאַלן געבראַכט פון דייטשלאַנד, נישט דווקא אויף אַ כשרן אופן. אייניקע פּרוואוון האָבן זיך איינגעגעבן. די אונטערנעמונגען האָבן זיך פאַרפעס־טיקט און האָבן שפּעטער שוין נישט געדאַרפט אָנקומען צו געשמוגלטע איבער דער גרענעץ רוי־מאַטעריאַלן.

אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט אַ געוויסער אַראָנסאָן פאַרלייגט אַ וועבעריי פון זיידענע בענדער. אין די שפּעטערע יאָרן איז די פאַבריק אַריבערגעפירט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק, וואו זי האָט עקזיס־טירט לאַנגע יאָרן.

אַן ערך אין דער זעלבער צייט איז אין גראַיעווע געשאַפן געוואָרן אַ פאַבריק פון גומי־אויסאַרבעטונגען, ווי גומי־באַנד פאַר שיך, שלייקעס (סוס־פּענדערס) און זאָקן־בענדער. די גרינדער זיינען געווען: ליזער העפּנער מיט זיין זון לייבל־משה און אידעם הערש וואַסער. אַ שותף צו דער פאַבריק איז געווען אַ דייטשישער איד זאַלינגער פון ליק (פּריסן). נאָך עטלעכע יאָרן האָבן זיי געמוזט אויפגעבן די פאַבריק. זי איז דאַן איבערגענומען געוואָרן דורך אַ סוּוואַלקער באַנקיר פּאַקראַיסקי. צוליב דעם וואָס פּאַקראַיסקי האָט געהאַט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיינע באַנק־געשעפטן, איז די פאַבריק אין יאָר 1896 ליציטירט געוואָרן. זי איז דעמאָלט אָפּגעקויפט געוואָרן דורך איינעם פון אירע גרינדער לייבל־משה (וואָלף) העפּנער.

אין משך פון עטלעכע יאָרן איז העפּנערן געלונגען צו פאַרפעסטיקן דעם מצב פון דער פאַבריק. מיט דער צייט איז זי געוואָרן איינע פון די מאָדערנסטע און גרעסטע אויף איר געביט אין איראָפּע. זי האָט באַשעפטיקט קנאַפּע 300 אַרבעטער. דער רוב אַרבעטער, וועבער, שפּינער, א. א. וו., זיינען געווען נישט־אידן. אידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט בלויז אין דער קאָנפעקציע־אָפּטיילונג, וואָס האָט אויסגעאַרבעט שלייקעס און זאָקן־האַלטער. אויך אין דער שאַכטל־אָפּטיילונג און אין דער קאָסטן־מאַכעריי האָבן געאַרבעט נאָר אידן.

אין די ניינציקער יאָרן האָט יאָסל ביאַלאָסטאָצקי פאַרלייגט אַ כעמישע פאַבריק, וועלכע איז אין מויל פון פאָלק געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען

„קנאַכן־מיל". פוןביינער פלעגט די פאַבריק אויסאַרבעטן קליי, ווי אויך קינסטלעכע מיסט (פערטיליזער). אין דער הינזיכט איז די פאַבריק געווען איינע פון די ערשטע אינעם גרויסן צאַרן־לאַנד.

אַ פאַבריק פון רעגנשירעמס האָבן פאַרלייגט די ברידער רינקאָווסקי. די פאַבריק האָט אָנגעהאַלטן יאָרן. אַן ענלעכע פאַבריק האָט אויך געשאַפן לייבל יאַכסאָן.

אין יאָר 1905 האָט בערל גערשוני געגרינדעט אַ פאַבריק פון פערלמוטערנע קנעפּ. ער האָט באַשעפטיקט אַ פּאָר צענדליק אַרבעטער, מערסטנס נישט־אידן.

אין די שפּעטערע יאָרן האָט אַ געוויסער שטייגמאַן געשאַפן אַ דאַמף־מיל.

עס איז אין גראַיעווע אויך געווען אַ גאַרבעריי וועלכע האָט געהערט צו לייבל לשוויט און זיין זון טוביה.

## האַנדל

דער גאַנצער אינערלעכער שטאָטישער האַנדל איז געלעגן אין אידישע הענט. פון דער גרויסער צאָל קראָמען, וואָס האָבן אויסגעפילט דעם מאַרק פון אַלע פיר זייטן און טיילווייז די שאָסיי־גאַס, ראַיגראַדער גאַס, שול גאַס און אַנדערע גאַסן, זיינען בלויז עטלעכע געווען נישט־אידישע.

מערסטנס זיינען עס געווען קליינע קראָמען פאַרן באַדאַרף פון דער שטאָטישער, אין איר רוב אידישער, ווי אויך פון דער אַרומיקער דאָרפישער באַפעלקערונג. אין די מאַרק־טעג, דינסטיק און פרייטיק, פלעגן די פויערים ברענגען אין שטאָט אַריין צום פאַרקויף תבואה, קאַרטאָפל, אייער, עופות, ווי אויך האָלץ און טאָרף צום הייצן. פאַר די אָפּגעלייזטע געלט פלעגן זיי איינקויפן אין די אידישע קראָמען וואָס זיי האָבן באַדאַרפט פאַר זייער באַלעבאַטישקייט.

גאָר לעבעדיק פלעגט זיין בעת די יאַרידים. הונדערטער פויערישע וועגענער פלעגן אויספילן דעם מאַרק, די שול־גאַס און אַלע אַרומיקע גאַסן. אַ חוץ די שוין דערמאָנטע דאָרפישע פּראָדוקטן פלעגן די פויערים דאַן ברענגען צום פאַרקויף אויך בהמות און פערד. די אויפקויפער זיינען ווידעראַמאָל געווען אידן. און די אידישע קרעמער, ווי אויך די מאַרק־הענדלער, פלעגן בעת די יאַרידים געשמאַק לייזן פון די פויערים.

צווישן די קראָמען האָבן זיך אויסגעטיילט אַ ריי גרעסערע, למשל, די שניט־קראָמען פון עטל מישקאָווסקי, זרח עלקאָן, די אייזנקראָם פון אברהם יאַנקל זשמישעווסקי, די באַקאַליי־ און דעליקאַטעסן־קראָמען פון סאַפּירשטיין און וויגאָדסקי.

אַ באַזונדער אָרט האָט פאַרנומען דאָס באַזאָרגן מיט פּראָדוקטן דאָס מיליטער — אַ פאָלק קאַוואַלעריע און אַ בריגאַדע פון דער גרענעץ־וואַך.

די גראַיעווער אידן לייזער העפנער מיט זיין זון לייבל־משה און אידעם הערש וואַסער האָבן געבויט די קאַזאַרמעס פון דראַגונער פּאָלק. לייבל־משה העפנער האָט שפּעטער אויך געבויט די געביידעס פאַר דעם שטאַב פון דער גרענעץ־וואַך און וואוינונגען פאַר די אָפיצירן. משה באַבקאָווסקי האָט געבויט די קאַזאַרמעס פאַר דער גרענעץ־וואַך.

דעם גרעסטן טייל פּראָדוקטן פאַרן מיליטער האָבן צוגעשטעלט אידישע פּאָדראַדטשיקעס: בערנשטיין, דאָרן, קאַץ, עפּשטיין, בורשטיין א. א.

די גראַיעווער אידן קנאַרזאָווסקי, משה שיע זשמיעווסקי און באַבקאָווסקי פלעגן אַלס בוי־אונטערנעמער (פּאָדראַדטשיקעס), בויען רעגירונג־געביידעס, בריקן און וועגן אין פאַרשיידענע שטעט און געגנטן.

זייט לאַנגע יאָרן פלעגן גראַיעווער סוחרים האַלטן אין אַרענדע יעזשע־רעס — סיי אויף דער זייט פון דער גרענעץ, ווי, למשל, טאַטשילאָווא, סיי אויף דער פּרייסישער זייט. יששכר קאַפּטשאָווסקי און מאיר נאָווינסקי, ביידע איי־דעמס פון איינעם פון די ערשטע און עלטסטע גראַיעווער נגידים — פאָד־ביעלסקי פלעגן האַלטן יעזשערעס פאַר פיש־פאַנג אין די באַרימטע פּרייסישע מאַזורער יעזשערעס.

## מלאכה

אויך מלאכה איז געלעגן כמעט אויסשליסלעך אין אידישע הענט. קודם־כל די שניידערס, צווישן זיי די בעסטע פאַכמענער אין דער געגנט, ווי: משה־מענדל קוריטאָווסקי און זיין זון יאַנקל־יודקע, האַמבורג, אברהם־יצחק און אַנדערע. קיין נישט־אידישע שניידערס זיינען אין גראַיעווע נישט געווען. דאָס זעלבע די שוסטערס, לאַזשע, טוביה, שטיפּל, שמעון, גרשון (מיטן אויסנאַם פון איינעם לאַסקאָווסקי). ס'רוב פון זיי פלעגט אַרבעטן אויף באַשטעלונג, אָבער געווען אויך אַזעלכע, וועלכע פלעגן אַרבעטן פאַרן מאַרק.

אַ חוץ שניידערס, שוסטערס, היטל־מאַכערס, זיינען געווען: סטאָלאַרעס, שלאָסער, בלעכער, מאַלאַרעס, מולאַרעס, שטעלמאַכער, שמידן. די לעצטע האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך גאַנצע „דינאַסטיעס" — זיידעס, טאַטעס און אייניקלעך. די בעקערס זיינען אויך געווען אידן, צווישן זיי מאָטי אַבראַמסקי, פּסח סטאַראָזשינסקי, רוטקע באגיש מיט אירע זין גדליה און שיע־לייזער, לאַנ־גוס, אפרים זעליגזאָן, מיכל ציבולסקי, און אַנדערע. געווען זייגערמאַכערס: לוי טענענבוים און זיבערסקי. ביידע האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט זייערע זין. און דאַן דער גאָלדשמיד לשווין. אויך די קצבים און פישערס זיינען געווען אידן.

גרויס איז געווען די צאָל באַלעגאָלעס און טרעגערס. אַ טייל פון די באַלעגאָלעס פלעגן פאַנאַנדערפירן די סחורות פון באַן אין די אַרומיקע שטעט. אונטערן שטאָט זיינען געווען עטלעכע האָלענדישע ווינט־מילן. די מילן

פלעגן באַדינען מערסטנס די פויערים. זיי פלעגן אויך צושטעלן ראזאווע מעל פאַר די בעקערס. צוויי פון די ווינט־מילן האָבן געהערט צו די ברידער אברהם־יצחק און חיים קאַצפּראַווסקי. בעסערע ווייצן־מעל פלעגט געבראַכט ווערן מיט דער באַן פון רוסלאַנד דורך לייבל טוטלמאַן, מאַרקוס און אַנדערע.

## דאָס גייסטיקע לעבן

וועדליק פאַר אַזאַ קליינער שטאָט איז דאָס גייסטיקע לעבן געווען גאַנץ פאַרשיידנפאַרביק. אין דער גרויסער שול, אין די בתי־מדרשים און אין די חסידים שטיבלעך האָט מען נישט נאָר געדאַוונט, נאָר אויך גאַנץ געשמאַק געלערנט. געווען אין שטאָט אַ ריי לומדים, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט ווייט אַרום.

די דערציאונג פונעם יונגן דור איז ס׳רוב געווען אַ פרום־אָרטאָדאָקסישע. אַ חוץ חדרים איז אויך געווען אַ תלמוד־תורה און אַ קליינע ישיבה.

אַ דאַנק דער פאַרבינדנג מיט דער ברייטער וועלט איז גראַיעווע, פריער ווי די אַרומיקע שטעט, אָנגעשטעקט געוואָרן מיטן גייסט פון דער השכלה. די ערשטע משכילים זיינען געווען: קנארזאווסקי, אברהם מרדכי פיורקא, לייבל קאלקא א. א.

פיורקא איז דווקא געווען אַ גרויסער למדן און קענער פון חכמת היהדות. ער איז גלייכצייטיק געווען אַ העברעאישער שרייבער און בעל־הדקדוק. אַלס



אַ קלאַס פון אידישע שילערינס פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

לערער פון העברעאיש האָט ער איינגעפּלאַנצט ליבע צו דער שפּראַך פון די נביאים ביי אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט. ער האָט אַרויסגעוויזן פיל קענטעניש און איניציאַטיוו ביים צונויפשטעלן און אַרויסגעבן העברעאישע לערנביכער. זיין מאָגערע הכנסה האָט ער פאַרווענדעט אויף אַרויסצוגעבן דעם ערשטן העב־רעאישן קינדער־זשורנאַל „גן שעשועים". נישט קוקנדיק אַרויסבאַקומען ביי דער צאַרישער מאַכט אַ דערלויבעניש פאַרן זשורנאַל, האָט ער לכתחילה אים געמוזט דרוקן אין ליק (פרייסן). אַגב איז נאָך דעמאָלט אויך נישט געווען אין גראַיעווע קיין דרוקעריי. שפּעטער האָט א. מ. פּיורקא, אַליין געשאַפן אַ דרוקע־ריי, וואָס איז אַגב געווען די איינציקע אידישע דרוקעריי אינעם גאַנצן אַרום, ווי אויך אַ אידישע בוכהאַנדלונג.

## חיבת ציון — ציוניזם

די אַנטשטייאונג פון חיבת ציון האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין גראַיעווע. אין די ניינציקער יאָרן זיינען אין גראַיעווע געווען אַן ערך 80 חובבי־ציון, וועלכע פלעגן צאָלן צו דריי רובל אַ יאָר יעדער איינער לטובת דעם אָדעסער קאָמיטעט פון די חובבי־ציון. טאַקע אָט די חובבי־ציון האָבן געבילדעט דעם יסוד פון דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין גראַיעווע, „בני ציון". שוין אויף די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן אין באַזעל זיינען די גראַיעווער ציוניסטן געווען פאַרטראָטן דורך אייגענע דעלעגאַטן, — ביינוש קאלקא, ראַווי־דאָוויטש.

די פרומע אָרטאָדאָקסישע אידן האָבן, ווי אומעטום, לכתחילה געקוקט קרום אויף די ציוניסטן. ס'זיינען פאָרגעקומען וויכוחים און מחלוקות. דער רב מילייקאָווסקי (שפּעטער רב אין כאַרקאָוו) פלעגט פרואוון אויסגלייכן, אָבער אָן דערפאָלג.

אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם אין גראַיעווע האָבן געשפּילט יאַקוב אלשוואַנגער (געשטאָרבן אַלס יונגער דאָקטאָר) און זיין ברו־דער אַלעק (זיצט פיל יאָרן אין ישראל). בעת זיי פלעגן אַלס סטודענטן פון אוניווערזיטעט, קומען אַהיים אויף יום־טובים און וואַקאַציעס, פלעגן זיי איינ־אָרדענען פאַרלעזונגען אויף ציוניסטישע טעמעס. אַ געוויסע ראָל האָט אויך געשפּילט אלימלך פּאַמעראַנץ.

## די ביבליאָטעקן

גראַיעווע האָט אויך פאַרמאָגט די ערשטע אין דער געגנט אידיש־העב־רעאישע ביבליאָטעק. דעם יסוד האָט געלייגט איינער גרינבוים, אַן אָנגע־שטעלטער אין דער קאָנטאָר פון יעזשערסקי. ער האָט אָוועקגעשענקט זיין אייגענע ביבליאָטעק פון אַ פּאָר הונדערט ביכער, ס'רוב העברעאישע. ער

האָט אויך געשטעלט אין רשות פון דער ביבליאָטעק זיין וואוינונג (אין יאַמ־שונס הויז).

די ביבליאָטעק איז געוואָרן דער זאַמלפּונקט פון די ציוניסטן. אַהין פלעגט אויך קומען די נישט־ציוניסטישע יוגנט, וועמען ס'האָבן געמאַטערט די שווערע פּראָבלעמען, וואָס דאָס אידישע און דאָס אַלגעמיינע לעבן האָט אַרויסגערוקט.

מיט דער צייט איז געקומען צו חלוקי־דעות. אַ טייל פון דער יוגנט האָט דאַן געפּרואווט גרינדן אַ צווייטע ביבליאָטעק. אָבער דאָס איז געווען נישט אַזוי לייכט, ווייל מ'האָט פריער געמוזט באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער פּאָליציייאישער מאַכט. מ'האָט געפּועלט ביי אליהו וואַקס, וועלכער איז געווען „כשר" אין די אויגן פון דער פּאָליציי, אַז די ביטע פאַר דערלויבעניש זאָל אָנגעגעבן ווערן אויף זיין נאָמען. אָבער די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די אַלגעמיינע געשעענישן אין 1905 האָבן, דוכט זיך, געשטערט צו רעאַליזירן דעם פּלאַן.

ווי דער שטייגער איז, זיינען אין גייסטיקן לעבן פון גראַיעווע אויך געווען שאָטן־זייטן. עס זיינען געווען די מחלוקות אַרום רבנים, דיינים, שוחטים, צווישן מתנגדים און חסידים, דאַן צווישן אָרטאָדאָקסן און ציוניסטן פלעגן פון צייט צו צייט צעהיצן די געמיטער ביז גאָר. אויך דער שטענדי־קער שטרייט צווישן „טאַטעס און קינדער", צווישן יונג און אַלט האָט געפונען אַ בולטע אָפּשפּיגלונג אין גראַיעווע. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געקענט וועזנטלעך אָפּשוואַכן דעם אינטענסיוון גייסטיקן לעבן, וואָס האָט, ווי אין אַנדערע היגזיכטן אַרויסגערוקט אונדזער שטאָט פאָראויס לגבי די שכנישע שטעט.

וואָס שייך דאָס צוזאַמענלעבן מיט די נישט־אידישע שכנים איז עס אין יענער צייט לכתחילה געווען פאַרהעלטניסמעסיק נישט שלעכט. דער אַקטי־ווער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין 1912, נאָך די וואַלן צו דער פערטער רוסישער „דומע", ווען מיט אידישע שטימען איז אין וואַרשע געוויילט געוואָרן דער פּוילישער סאָציאַליסט יאַגעלאָ. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אויך אין גראַיעווע אָנגעהויבן צו מערקן אַ כסדרדיקע פאַרערגערונג פון די באַציאונגען. די גאַנצע לאַמזשער געגנט איז מיט דער צייט געוואָרן, באַ־זונדער צווישןביידע וועלט־מלחמות, איינע פון די צום מערסטן פאַרסמטע אַנטיסעמיטישע נעסטן פון דעם האַלב־פאַשיסטישן, פאַר־מלחמהדיקן פּוילן.

## אַרבעטער באַוועגונג

די ערשטע פּרוואוון אָרגאַניזירן די אידישע אַרבעטער אינעם געזעל־שאַפטלעכן לעבן זיינען געמאַכט געוואָרן אין די יאָרן 1901־1902. דאָס איז

געטאָן געוואָרן דורך עטלעכע יונגערע ציוניסטן מיט אלימלך פּאָמעראַנץ בראש.

אין יענע צייטן פלעגן די אַרבעטער, דער עיקר האַנטווערקער־געזעלן — שניידערס, שוסטערס, סטאָלערס א. א. אַרבעטן פון פאַרטאָג ביז שפּעט ביי־נאַכט. איבעררייסן זיינען געווען קורצע אויף דאַוונען און איבערבייסן. דאָ־נערשטיק פלעגט מען אָפט אַרבעטן די גאַנצע נאַכט. אויך שבת צו־נאַכט, נאָך הבדלה, פלעגט מען זיך ווידער שטעלן צו דער אַרבעט ביז האַלבער נאַכט.

לכתחילה איז דער איינציקער ציל געווען אַריינצוציען די אַרבעטער אינעם קרייז פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. מ׳האָט אָפּגעדונגען אַ בוידעם־שטיבל אין מלך וואַקסי הויז. שבתים און יום־טובים פלעגט מען דאָרטן דאַוונען אין אַן אייגענעם מנין. עס פלעגן דאָרטן אויך געהאַלטן ווערן שמועסן אויף ציוניסטישע טעמעס.

אין יענער צייט איז שוין כמעט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון תחום אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן די אידישע אַרבעטער און דער יוגנט. אויך אין גראַיעווע האָבן זיך באַוויזן איינצלנע סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן. דאָס זיינען געווען פרעמד־שטאָטיקע אַרבע־טער — סטאָלערס, דרוקער, וועלכע האָבן צייטווייליק געאַרבעט אין גראַיעווע. עס זיינען אויך געווען איינצלנע גראַיעווער אַרבעטער, וועלכע האָבן אַ צייט געאַרבעט אין גרעסערע שטעט ווי ביאַליסטאָק, אָדער וואַרשע, ווי אויך פון צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. אָבער די שטאָט אַלס אַזעלכע — די אַרבע־טער, ווי אויך די יוגנט בכלל — זיינען נאָך אין יענער צייט ווייניק געוואָרן באַרירט פון רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַליסטישן שטראָם.

אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען בהדרגהדיג. אַלס פועל־יוצא פון די מפּלות אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אין די יאָרן 1905־1904, איז די לופט אינעם ריזיקן צאַרן־לאַנד געוואָרן אָנגעלאָדן מיט סאָציאַלן פולווער. אַ רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן איבערן גאַנצן לאַנד.

דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן מערקן אַן ענדערונג אין דער שטימונג אויך צווישן דער גראַיעווער יוגנט בכלל און די אַרבעטער בפרט. די גייסטיקע אָנ־פירונג פון די גראַיעווער „פועלי ציון" האָט איבערגענומען אַ יונגער ציו־ניסטישער אידעאַליסט מרדכי רעמבעלינקער. מען האָט אָנגעהויבן ווידמען מער אויפמערקזאַמקייט די אוממיטלבאַרע נויטן און באַדערפעניש פון די אַרבעטער.

## שטרייקן און צוזאַמענשטויסן

זומער־צייט 1905 קומען שוין פאָר שטרייקן, דער עיקר פון די שניי־דער־געזעלן. בעת אַ שטרייק אין שניידער־וואַרשטאַט פון יאַנקל־יודקע קוריי־

וואווסקי קומט צו אַ שאַרפן פיזישן צוזאַמענשטויס און דער אַריינמישונג פון דער פּאָליציי.

די פּאָליציי האָט געגומען קוקן מיט חשד אויף די אַרבעטער. מ׳האָט שוין געמוזט זיך אויסהיטן פאַר אַ „גוט אויג" פון יעדן פּאָליציאַנט און זשאַנ־דאַר. צוליב דעם פלעגן די פאַרזאַמלונגען פון די „פּועלי־ציון" שיין מוזן אָפּגעהאַלטן ווערן אין וואַלד אונטערן שטאָט.*)



מרדכי רעמבעלינקער



אלימלך פּאָמעראַנץ
העברעאישער לערער און ציונ. טוער.

אין העפּנערס גומי־פאַבריק קומען דאַן פאָר אַ ריי שטרייקן פון די נישט־אידישע אַרבעטער. אויך די אידישע אַרבעטער — שטעפּערס און אַנדערע גייען אַרויס אין שטרייק. אָבער דאָ איז פאָרגעקומען אַ דערשיינונג, וועלכע איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר פיל אידישע פאַבריקאַנטן אין יענער צייט.

*) פון די פּועלי־ציון פון יענער צייט געפינען זיך איצט אין אַמעריקע: היימאַן בלום, סעם קרינסקי, רפאל קאַץ, הערשל זיידנבערג, פיליפּ בוזמאַן, בעני באגיש, אדם טייטעלבוים, און אנדערע.

בלית־ברירה האָט העפּנער געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די וועבער און פון די אַנדערע נישט־אידישע אַרבעטער. ער האָט אָבער עקשנותדיק זיך אָפּגעזאָגט אַפילו צו פאַרהאַנדלען מיט די שטרייקנדיקע אידישע אַרבעטער. וואָכנלאַנג האָט געדויערט דער שטרייק. איינזעענדיק, אַז ער קען דעם שטרייק נישט ברעכן האָט דער פאַבריקאַנט אין גאַנצן געשלאָסן די אָפּטיילונג, וואו עס האָבן געאַרבעט די אידישע אַרבעטער (קאָנפעקציע). די אַרבעט האָט ער גענומען אָפּשיקן קיין וואַרשע אויף אויסצופאַרטיקן. דאָס איז געווען אַ ביטער־רער קלאַפּ פאַר צענדליקער אידישע אַרבעטער און זייערע משפחות, וועלכע זיינען געבליבן אָן ברויט צוליב דער פאַרביסנקייט און תקיפות פון אַ אידישן פאַבריקאַנט. איינער פון די אָנפירער פון סטרייק איז געווען איטשע ווי־לענסקי, אַ שטעפּער, וועלכער איז אומגעקומען, צוזאַמען מיט די קדושים פון וואַרשעווער געטאָ.

## פּאָליטישע דערוואַכונג

אין די פּועלי־ציון גופא האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטיילן איינצלנע מיט־גלידער, וועלכע זיינען נישט געווען צופרידן מיט דעם אַפּאָליטישן און אויס־שליסלעך ציוניסטישן כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע. די אומצופרידענע האָבן זיך געפונען אונטער דעם שטאַרקן איינדרוק פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פונעם „בונד", וועלכער האָט דעמאָלט געשפּילט ביי די אידישע אַרבעטער די אָנפירנדיקע ראָל איבעם קאַמף קעגן צאַריזם אויפן שטח פון תחום המושב.

סוף זומער איז קיין גראַיעווע צוריקגעקומען אַבוש קאַלקא (זון פון ביי־נוש קאַלקא). סך־הכל 18 יאָר אַלט, האָט ער שוין געהאַט היגטער זיך אַ „געשיכטע". פאַר זיינע סימפּאַטיעס צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און דעם „בונד" איז ער שוין פריער געווען אויסגעשלאָסן פון דער סואוואַלקער גימנאַזיע. ער איז דאַן געוואָרן אַן אפטייק־אָנגעשטעלטער אין איינער פון די וועבער־שטעט ביי מאָסקווע (דוכט זיך איוואַנאַווא־וואזניע־סענסק). בעת אַ שטרייק פון די דאָרטיקע וועבער־אַרבעטער ווערט קאַלקא אַרעסטירט. צוליב דעם וואָס ער איז געווען מינדער־יאָריק ווערט ער אָפּגע־שיקט אַהיים אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי.

די אומצופרידענע צווישן די פּועלי־ציון האָבן זיך געשטעלט אין פאַר־בינדונג מיט קאַלקאַן. צוזאַמען מיטן שרייבער פון די שורות, וועלכער פלעגט פריער העלפן רעמבערלינקערן ביי די פּועלי־ציון, האָבן די אומצופרידענע גע־פּרואווט אַריבערגעווינען אויף זייער זייט די גאַנצע אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן אָבער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד רעמבעלינקערן, אַנטשקאָוו־סקין און פון אַ ריי אַנדערע.

סוכות־צייט 1905 האָט פּלוצלונג זיך באַוויזן אין די גאַסן אויף די ווענט, ווי אויך אין די בתי־מדרשים פּראָקלאַמאַציעס פון „בונד". זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע פון „בונד", וועלכע האָט גאָר שנעל אַריבערגעוואונען אַ גרויסן טייל פון די „פּועלי־ציון". צווישןביידע אָרגאַניזאַציעס זיינען אָנגעגאַנגען אומענדלעכע דיסקוסיעס. עס זיינען אויך אָפּגעהאַלטן געוואָרן עפנטלעכע גרויסע דיסקו־סיע־פאַרזאַמלונגען מיט דער באַטייליקונג פון אַראָפּגעבראַכטע פון דער פרעמד (ביאַליסטאָק) פאַרשטייער פון ביידע אָרגאַניזאַציעס.

דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1905 איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ מוראדיקער פּאָליטישער רעאַקציע, אַבוש קאַלקאַ ווערט אַרעסטירט אין גראַיעווע און אָפּגעפירט אין דער לאָמזשער טורמע. עס ווערט פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס פאַר אַלע זיינע „חטאים". נאָך אַ יאָר צייט תפיסה ווערט ער פאַרמשפּט צו קאַטאָרגע אויף צוויי יאָר מיט אַכט חדשים און נאָכדעם צו פאַר־שיקונג אין סיביר. דער „מילדער" אורטייל ווערט מאָטיווירט צוליב זיין מינדעריאָריקייט. אין 1912 איז ער אַנטלאָפן פון זיין פאַרשיקונג־פּלאַץ אין סיביר. ער איז געקומען קיין אַמעריקע, וואו ער איז פאַרבליבן ביז 1917 יאָר. פון דעמאָלט אָן איז ער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די רעאַקציע האָט פאַרטריבן אויך די גראַיעווער אַרבעטער־באַוועגונג אונטער דער ערד. אָבער דער אָנגעצונדענער פלאַם איז נישט אין גאַנצן גע־וואָרן אויסגעלאָשן. יאָרן שפּעטער, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, איז די באַוועגונג ווידער אַרויס אויפן אויבערפלאַך.

**
*

אַזוי האָט אויסגעזען אין יענע צייטן דאָס לעבן אין אונדזער היימשטאָט. עס איז געווען אַ לעבן ניט קיין רחבותדיקער. עס האָבן ניט געפעלט קיין דאגות און אָפט צרות אָבער עס זיינען געווען אויך פריידן, געווען אויך גייס־טיקער און געזעלשאַפטלעכער אויפשטייג.

שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דערפון איז היינט צו־טאָג אין גראַיעווע קיין שפּור נישט געבליבן, אַז די דייטש־היטלעריסטישע האָרדעס האָבן אַלע אידן אין גראַיעווע אומגעבראַכט און די שטאָט פון אונדזער קינדהייט און יוגנט, וואו עס האָט געקלאַפּט דער דופק פון אַ קרעפטיק אידיש לעבן איז איצט „יודן־ריין".

מיר גראַיעווער, צעזייטע איבער דער וועלט, וועלן זיכער באַהאַלטן אין אונדזערע הערצער דעם אָנדענק פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע — טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, קרובים און פריינט, פון אַלע גראַ־יעווער אידן, וועלכע זיינען דורך די רוצחים אכזריותדיק פאַרלענדט געוואָרן.



די שוהל, בית המדרש און אהבת חסד — געצייכענט פון א. ד. פישביין

פראָפ. שמעון ראַבידאָוויטש

# גראַיעווע – די שטרעבנדיקע און טרוימענדיקע

(אַ קאַפּיטל זכרונות)

1

וואָס איך שרייב דאָ וועגן אונדזער געמיינזאַמען געבורטס־שטעטל, די קהילה קדושה, גראַיעווע — באַזירט זיך אויף מיינע יוגנט־איינדרוקן ביז צום יאָר 1914 ד. ה., גענויער ביז צו דער פינפטער וואָך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מיין פאַמיליע האָט פאַרלאָזן גראַיעווע, ווי פיל אַנדערע גראַיעווער פאַמיליעס — אַלס „ביעזשענצעס", פליכטלינגע, ווי מ'האָט זיי דעמאָלט גע־רופן. זייט 1914 האָב איך צו מיין גרויס באַדויערן, גראַיעווע נישט באַזוכט. איך באַדויער זייער טיף, וואָס איך האָב נישט אָנגענומען אין די 30־ער יאָרן אַ פאָרשלאַג צו מאַכן אַ לעקציע־טורנע איבער פוילן, ווייל איך וואָלט זיכער באַזוכט קודם־כל דאָס שטעטל פון מיין יוגנט.

די גראַיעווער אידישע קהילה איז געווען אין די יאָרן ביז צום ערשטן וועלט־קריג נאַטירלעך ווי אַלע קליינע פראָווינציעלע קהילות אין לאָמזשער גובערניע און די שכנותדיקע געגנטן: עקאָנאָמיש אַ מיטלשטאַנד־קהילה, דער עיקר סוחרים און קרעמער, אַ ביסל בעלי־מלאכה און כמה „שיינע אידן". זי האָט זיך אָבער אין אַ געוויסער הינזיכט אונטערשיידט פון אַנדערע שטעט־לעך דורך דעם, וואָס זי איז געווען אַ גרענעץ־שטאָט און איז געשטאַנען אין אַ טעגלעכן און זייער לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט מזרח־פרייסן (פראָסטקען — אָדער פראָסטקע, ווי גראַיעווער אידן פלעגן זי רופן; ליק ביז קעניגסבערג וואו גראַיעווער אידן פלעגן באַזוכן די פראָפעסאָרן; קראַנץ, וואו די רייכע פלעגן גיין זומער „אויף די בעדער"), פון איין זייט; און מיטן גרויסן אידישן צענטער אין ביאַליסטאָק פון דער אַנדערער זייט.

כאַטש געאָגראַפיש איז גראַיעווע געווען זיכער פוילן, האָט איר אידישער ישוב געהערט גייסטיק און שפּראַכלעך צו ליטע. זי איז געווען טיפּיש ליטוויש אויך אין איר דרך אין לערנען (ד. ה. תלמוד־לערנען).

די גראַיעווער קהילה איז געווען דורך און דורך רעליגיעז אָרטאָדאָקסיש מיט אַ איבערוויגנדיקער מאַיאָריטעט — מתנגדים. ס'זיינען דאָרט געווען צוויי גרעסערע חסידים „שטיבלעך"; קאָצקער און גערער, און עס זיינען דאָרט אויך געווען אַ פּאָר איינצלנע אָנהענגער־חסידים פון אַנדערע רביים. קיין איין איינציקע אידישע קראָם איז דאָרט שבת נישט געווען אָפן (אויסער שוואַרצ'עס אַפּטייק, אָבער וועלכער גראַיעווער איד וואָלט עס געגאַנגען קויפן סתם זאַכן, וואָס זיינען נישט בגדר פּקוח־נפש?) און אַזוי ווי דאָס רוב קראָמען זיינען געווען אידישע און די פּאָליאַקן פון די אַרומיקע דערפער זיינען שבת נישט געקומען קיין גראַיעווע, ווייל ס'איז נישט געווען וואָס צו קויפן — איז די שבת־מנוחה אין גראַיעווע געווען טאָטאַל, אין שטרענגסטן זינען פון וואָרט. אַפילו די עטוואָס פרייערע יוגנט, וועלכע האָט אָנגעהויבן בולט צו ווערן אין גראַיעווע, קורץ פאַר 1914, איינגעשלאָסן די פאָר גימנאַזיסטן, וועלכע פלעגען קומען אין זייער געבורטס־שטעטל אויף „קאַניקולעס" (וואַקאַציע), האָבן נישט מעיז פּנים געווען אַרויסצוגיין שבת אויפן גאַס מיט אַ שטעקל. אפשר האָבן די אידישע דאָקטוירים יאָ אַ ביסל מקיל געווען אין דעם פּרט — דער דאָקטער און דער אַפּטייקער האָבן גענאָסן אין יעדן אידישן שטעטל אַ ביסל אַ „פּריווילעגירטע" שטעלונג בנוגע דעם רעליגיעזן לעבנס־שטייגער, מיט זיי האָט מען אָפּט נישט אַזוי שטאַרק מדקדק געווען. פון די גראַיעווער פאַבריק־מאַכער — ס'זיינען געווען אַ סך הכל 4 אידישע פאַבריקמאַכער־קראָמען — האָט איינער אָדער צוויי דוכט מיר, געהאַט דעם „מוט" אַריינצופאָרן אַ ביסל אין שבת אַריין (אָבער טאַקע נאָר אַ ביסל), נאָכדעם ווי זלמן דער שמש, זלמן זמודע, דער הינקנדיקער, האָט שוין אויסגעשריען אין די הויפּט־גאַסן פון גראַיעווע זיין: „אין שול אַריין"... וואָס עס האָט שטענדיק געקלונגען: „אין־על־שול־אַריין". און פאַרוואָס מ'האָט אויסגעקליבן דווקא אַ קוליאַווען שמש פאַר דער דאָזיקער אָנשטרייגנגענדיקער פונקציע, ווייס איך באמת נישט. (גראַיעווער שמשים זיינען אַ קאַפּיטל פאַר זיך). אַפילו דער קליינער קרייז פון עקספּעדיטאָרס און זייערע אָנגעשטעלטע — וואָס עטלעכע פון זיי האָבן געמוזט גיין שבת צום באַן און מחלל שבת זיין בפרהסיה, זיינען געווען דאָס רוב אָפיציעל און פּראַקטיש בית־מדרש־אידן. זיי האָבן נישט געדאַוונט בציבור יעדן טאָג, אפשר אויך נישט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק — אָבער ראש חודש, חול המועד, פּורים, שוין נישט רעדנדיק שבת און יום־טוב, זיינען זיי געשטאַנען אין בית־מדרש אין זייערע טליתים מיט אַלע אַנדערע גראַ־יעווער אידן, און עטלעכע אַפילו מיטן טלית איבערן קאָפּ, ווי די אַנדערע.

אין דעם פּרט האָט די אידישע גראַיעווע געהאַט דעם זעלבן פּנים ווי

דאָס רוב אידישע שטעטלעך — ספּעציעל די קלענערע, מיט אַ קאָמפּאַקטער אידישער באַפעלקערונג — אין רוסלאַנד בכלל. אַזוי איז געווען גראַיעווער אידישקייט אַ טאָטאַלע — מיט אַן אַפּגעשלאָסענעם לעבנס־שטייגער, אַ אידיש־קייט פון בשכבך ובקומך וכו׳, פון ערשטן טאָג פון געבורט ווען חדר־אינגלעך פלעגן גיין צו קימפּעטאָרנס לייענען קריאת־שמע און קריגן אַ טאָרבעלע מיט ניס און בעבלעך — ביז צו דער לוויה אויפן בית־עולם, הינטער דער שול־גאַס, — די שרעק פון יעדן גראַיעוון אידישן קינד אין די לאַנגע ווינטער־נעכט אין חדר, און נאָך מער גייענדיק אַהיים אין די לבנהלאָזע נעכט (די „גאַז"־לאַטערנע אין מיטן פון מאַרק ביים פּלומפּ, האָט מען אַריינגעפירט אין גראַיעווע פיל שפּעטער).

2

דאָס געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע לעבן פון דער גראַיעווער קהילה איז גע־ווען נישט שטאַרק אַנטוויקלט, ווי אין דאָס רוב פון די פּראָווינציעלע שטעט־לעך פון דעם דאָזיקן טיפּ. די געציילטע „משכילים" אין גראַיעווע האָבן געלעבט ווי די אַנדערע אידן. די רעוואָלוציאָנערע שטימונג פון אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט געפונען אַ שוואַכן אָפּקלאַנג צווישן דער גראַיעווער יוגנט, ספּעציעל ווען מען פאַרגלייכט צ. ב. מיט דער גרויסער פּאָליטישער באַוועגלעכקייט און אַקטיוויטעט פון פאַרשידענע אידישע קרייזן אין דער נישט־ווייטער ביאַליסטאָק, (וואָס האָט פאַרמאָגט אידישע פאַבריקן, אידישע אינדוסטריעלער און אַרבעטער). נאָר אַ קליינער טייל פון גראַיעווער בעלי־מלאכות, ספּעציעל די יונגערע, און אַ ביסל אינטעליגענץ — ד. ה. אַ פּאָר גימנאַזיסטן און סטודענטן, אָבער זיי זיינען געווען זייער, זייער ווייניק אין צאָל, באַשרענקט נאָר אויף איינצלנע משפּחות אין שטעטל — איז אַ ביסל מיטגעריסן געוואָרן פון די כוואַליעס פון דער ווייטער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג, אָבער קיין ריכטיק אָרגאַניזירטע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, פון אַ געוויסן פאָרנעם, — ווי „בונד" אָדער פּועלי־ציון — איז אין גראַיעווע נישט געווען, אויף ווי ווייט איך געדענק. אַ פּאָר יחידים פלעגן קריגן פון ביאַליס־טאָק און אַנדערע ערטער אומלעגאַלע ליטעראַטור און זיי פלעגן זיי אַ ביסל פאַרשפּרייטן צווישן די בעלי־מלאכות און דער יוגנט, און אַ קליינער קרייז פון „לינקע" יונגעלייט פלעגט אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען אויפן בית־עולם און דווקא תשעה באָב, ווען אַלע אידן גייען אויפן „גוטן אָרט" און די פּאָליציי האָט נישט חושד געווען, אַז יענע געציילטע יונגעלייט גייען דאָרט צוליב גאַנץ אַנדערע טעמים...

גראַיעווע האָט געהאַט אַ סך חברות און צדקה־אַנשטאַלטן, ווי אַנדערע אידישע שטעטלעך. קורץ פאַר דער מלחמה האָבן די אידן אָנגעהויבן צו אָר־גאַניזירן אַ מין קאָלעקטיווע ליי־געזעלשאַפט, אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק, וועלכע

איז געווען נויטווענדיק, כדי צו העלפן און פאַרטיידיקן דעם אידישן סוחר קעגן דעם פוילישן באָיקאָט און דעם ווירטשאַפטלעכן עקספּאַנסיאָניזם פון פוילישע קאָנקורענטן.

פאַרהעלטניסמעסיק איז דער רידעווודיקסטער פּאָליטישער קרייז געווען דער ציוניסטישער. די חבת־ציון באַוועגונג האָט אויך אין גראַיעווע געפונען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג. אָבער די גרינדונג פון „פּאָליטישן ציוניזם" פון טעאָדאָר הערצל האָט מן הסתם „דערשראָקן" אַ סך פון די פריערדיקע על־טערע אָנהענגער פון רעיון ישוב ארץ־ישראל.

3

ווען איך שרייב דאָ אַ בלעטל פון אַ קאַפּיטל וועגן „ציוניזם אין גראַיעווע" מוז איך דאָס פאַרבינדן מיט מיין פאָטער, ר' חיים יצחק ז"ל, כאָטש איך בין דאָ נישט אויסן צו שרייבן מיין פאָטערס ביאָגראַפיע, און אוודאי, אוודאי נישט מיין אויטאָ־ביאָגראַפיע. אָבער מיין פאָטער איז געווען כל ימיו דער „ראש הציונים" אין גראַיעווע. ער איז אויך געשיקט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון לאָמזשער גובערניע צום 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס — נאָך הערצלס טויט, ווען ס'איז אַנטשידן געוואָרן די פראַגע פון אוגאַנדע, און מיין פאָטער האָט געהערט צו די ניין־זאָגערס, כאָטש די פרימערע ציוניסטן, די „מזרחי", אונטער דער פירונג פון הרב ריינעס, האָבן געזאָגט „יאָ" צו אוגאַנדע. מיין פאָטער איז אין זיין לעבן געווען אַזוי פאַרבונדן מיטן ציוניזם אין גראַיעווע, אַז איך קאָן נישט מפריד זיין בין הדבקים.

די איבערוועגנדיקע מערהייט פון גראַיעווער אידן איז געווען זייער אַפּאַ־טיש צום ציוניזם, נישט פאַראינטערעסירט, אָדער נייטראַל. די מער באַ־וואוסטזיניקע, גייסטיקע פירער פון דער אָרטאָדאָקסיע זיינען אַפילו געווען שטאַרק קעגנעריש — פּאַסיוו צי אַקטיוו. מיין פאָטער האָט מיר דערציילט, אַז דער דעמאָלטדיקער גראַיעווער רב, ר' אליהו אהרן מיליקאָווסקי — דער מחבר פון „אהלי אהרן", געדרוקט אין גראַיעווע, (שפּעטער רב אין כאַרקאָוו, דערנאָך ראש אַב בית־דין אין תל־אָביב, וואו ער איז נישט לאַנג צוריק נפטר געוואָרן, נאָכדעם ווי ער האָט דערגרייכט אַ הויכן עלטער) האָט צוערשט סימפּאַטיזירט מיטן ציוניזם, אָבער שפּעטער, אונטער דעם מאָראַלישן דרוק פון דער ריכטונג פון ר' חיים בריסקער, דער גרעסטער תלמודישער אויטאָריטעט אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד — האָט ער זיך שטאַרק מתרחק געווען (דערווייטערט) פון ציוניזם. אויך זיין נאָכפאָלגער, דרך אגב, ר' משה אביגדור עמיאל (שפּעטער רב אין אַנטווערפּן און דאַן דער רב הראשי אין תל־אָביב) איז ביז צו די מלחמה־יאָרן געשטאַנען זייער ווייט פון ציוניזם. איך געדענק, אַז דער ציוניסטישער מטיף און רעליגיעזער שרייבער, אַ גוטער פריינד פון

מיין פאָטער, ר׳ יצחק ניסענבוים אין וואַרשע, האָט אַפילו געשריבן אין 1913 צו מיין פאָטער, אַז הרב עמיאל, דעמאָלט קאַנדידאַט פאַר גראַיעווער רבנות, איז גאָרנישט קיין סימפּאַטיקער פון ציוניזם. אין די מלחמה־יאָרן האָט הרב עמיאל זיך אַנגעשלאָסן אַן דער „מזרחי" און איז געוואָרן איינער פון זיינע וויכטיקסטע אידעאָלאָגן און גייסטיקע פירער.

שוין אַלס גאַנץ יונג קינד האָב איך מיך אָפּט אַנגעשטויסן אויף דער קעגנערשאַפט פון אַ סך פרומע אידן אין גראַיעווע קעגן ציוניזם. וואָס זיי האָבן נישט געוואָגט צו זאָגן מיין פאָטער אין פנים, האָבן זיי מיר געזאָגט, בעת איך פלעג זיצן מיט זיי ביים גרויסן אויוון אין נייעם בית־המדרש און לערנען גמרא. ציוניזם און אַפּיקורסות זיינען געווען ביי זיי סינאָנימען. מיין פאָטער וואָלט מסתמא שטאַרק גערודפט געוואָרן ווען ער וואָלט נישט געווען אַן אמתער ירא וחרד ווי זיי, און ווען ער וואָלט נישט געווען אַ שטענדיקער לערנער אין בית־מדרש. ער איז געווען דער איינציקער אידישער סוחר אין גראַיעווע, וועלכער פלעגט גיין טאָג־טעגלעך פאַרטאָג, זומער און ווינטער, פאַרן ערשטן מנין, וועלכער פלעגט אַנהויבן דאַוונען מיט די ערשטע סימנים פון זון־אויפגאַנג, אין בית־מדרש לערנען אַ בלאַט גמרא מיט די קינדער, אידער ער פלעגט מאַכן זיין טעגלעכן באַזוך אין זיין שפּייכלער־ביוראָ אין פראָסטקען. דעם גרויסן דרך־ארץ, וועלכן אויך די אולטראַ־אָרטאָדאָקסישע גראַיעווער אידן האָבן געהאַט פאַרן ראש הציונים אין זייער שטעטל, האָט אַ ביסל אָפּגעשוואַכט די אָרטאָדאָקסישע קעגנערשאַפט צום רעיון פון ציוניזם און האָט נישט דערלויבט זיי אַנצונעמען ראַדיקאַלע פאָרמען. אָבער גאַנץ כשר איז מיין פאָטער דאָך נישט געווען אין די אויגן פון יענע פרומע אידן. „ר׳ חיים־יצחק איז דאָך אַ ביסל געכאַפּט אין דער מעשה", פלעגן זיי זאָגן צווישן זיך. און איך פלעג עס אָפּט הערן אין נייעם בית־מדרש, וואו איך האָב פאַרבראַכט אַ גרויסן טייל פון מיין יוגנט אין גראַיעווע.

נישט נאָר אונדזער שטוב איז געווען דער ציוניסטישער צענטער אין גראַיעווע — אויך אונדזער שפּייכלער איז געווען שטאַרק „ציוניסטיש"... אין אים האָבן זיך אַ סך יאָרן געוואַלגערט — צווישן דעם פאָטערס סחורות — די רעשטלעך פון דער ערשטער ביבליאָטעק אין גראַיעווע, וועלכע די ציוניסטן האָבן געגרינדעט (אויף דער שטשוטשינער גאַס). דאָרט איז געשטאַנען אַ טונקל־ברוינע ביכער־שראַנק מיט אַ טיר, וועלכע האָט זיך שווער געעפנט און צוגעמאַכט — און דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל געזען דעם „השלוח" און „אחיאסף" און אַנדערע העברעאישע פּובליקאַציעס — געזען אידער איך בין געווען בכוח זיי ריכטיק צו לייענען און צו פאַרשטיין. מן הסתם — אַזוי בין איך באַרעכטיקט משער צו זיין — האָט מען צוליב מורא פאַר דער גראַיעווער פּאָליציי (ציוניסטישע פאַראיינען זיינען נישט געווען לעגאַליזירט אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד און פּוילן) צוגעמאַכט די ביבליאָטעק גלייך נאָך איר

גרינדונג, און איר פאַרבאַהאַלטן אין שפּייכלער פון ראש הציונים — ביז קורץ פאַר דער מלחמה איז ווידער געגרינדעט געוואָרן אַ קליינע אידיש־העברע־אישע עפנטלעכע ביבליאָטעק אין גראַיעווע.

ביי אונדז אין שטוב זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון די פירנדיקע ציוניסטן אין שטאָט. קיין אָפיציעלע וואַלן זיינען צווישן די גראַיעווער ציו־ניסטן נישט געווען. דער „פאַרלאַמענטאַריזם" איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אַנטוויקלט אין אידישע שטעטלעך ווי גראַיעווע. אָבער מען האָט גענוי געוואוסט ווער ס'איז געווען דער ראש הציונים, און ווער די נאָענטסטע און אַקטיווסטע מיטאַרבעטער. און דאָס האָט אויך די גראַיעווער פּאָליציי גע־וואוסט — און אָפט געמאַכט ביי אונדז אין שטוב „אָביסקעס" (הויז־זוכונגען), גענישטערט אין אַלע שאַפעס, שופלאַדן פון פאָטערס שרייבטיש און ביכער־שראַנק („סאַוואַנטקע" אין גראַיעווער אידיש). און אַפילו ווען זיי האָבן נישט געפונען קיין שקלים אָדער נאַציאָנאַל־פאָנד־פּושקעס, האָט דאָס געמוזט קאָסטן אַ פינף אָדער צען רובל, כדי זיי זאָלן נישט מאַכן קיין „פּראָטאָקאָל" קעגן פאָטער. און אַזוי האָט מען „צעריבן די מעשה", ווי מ'פלעגט דאָס דעמאָלט באַשרייבן. צי דאָס זיינען געווען רעזולטאַטן פון מסירות, איז שווער צו זאָגן, עס איז געווען גענוג, אַז עפּעס אַ ציוניסטישער מטיף אָדער ארץ־ישראלדיקער משולח (אַזוי האָבן זיי דעמאָלט געהייסן, זייערע מאָדערנע יורשים הייסן היינט „שליחים") זאָל אונדז באַזוכן און בלייבן איבער נאַכט — אַז אַ 3—2 פּאָלי־ציסטן זאָלן קומען מאָרגן אָדער אַ טאָג שפּעטער און איבערקערן אונדזער גאַנצע הויז . . . צווערשט פלעגן מיר זיך זייער שרעקן — שפּעטער האָבן מיר זיך צוגעוואוינט צו די דאָזיקע נישט־איינגעלאַדענע באַזוכער. און צוליב זיכערקייט־טעמים האָט מיין פאָטער טאָקע געהאַלטן די ציוניסטישע ליטע־ראַטור, שקלים־פּושקעס און אַנדערע טריף־פּסולע ענינים אויף דער אַנדערער זייט פון גרענעץ — אין זיין שפּייכלער אין פּראָסטקען.

4

ווי לייכט איז דאָס היינט צו זיין אַ ציוניסט. דער יונגער דור קאָן זיך דאָס גאָר נישט פאָרשטעלן, ווי שווער דאָס איז געווען אין יענע יאָרן אין אונדזער גראַיעווע. דער „בונד" האָט דאָרט נישט געהאַט קיין גרויסע השפּעה אויף די בעלי־מלאכות אָדער אויף דער יוגנט. ווי דערמאָנט, פון סאָציאַליזם זיינען נאָר אַ פּאָר אַקאַדעמישע יוגנטלעכע באַאיינפלוסט געוואָרן. די „שטרעב־גע האַנט" פון דער גראַיעווער פּאָליציי האָט מען געקאָנט ווי ס'איז בייקומען. זיי זיינען געווען „ערלעכע גוים", ד. ה. זיי האָבן יאָ גענומען . . . די גרעסטע שוועריקייט פאַרן גראַיעווער ציוניזם איז געווען די טראַדיציאָנעלע אַפּאַטיע פון דעם מיטלשטאַנד, רוב מנין ורוב בנין פון גראַיעווער קהילה, און די

אידעאָלאָגישע קעגנערשאַפט פון דער קאָווגער „לשכה שחורה" און פון אונדזערע מיליטאַנטע אָרטאָדאָקסישע קרייזן.

נאָך לאַנגע מלחמות האָט מען צ. ב. דערלויבט מיין פאָטער זיך אַוועקצושטעלן שבת נחמו אין נייעם בית־מדרש אויף דער בימה און לאָזן שמשון דעם שמש מאַכן מי שברך'ס פאַרן אָדעסער „וועד לישוב ארץ ישראל", און אַזוי איז דאָס געוואָרן ביסלעכווייז אַ מנהג אויך אין די אַנדערע גראַיעווער בתי־מדרשים. שפעטער האָט מען אויך „דערלויבט" מיין פאָטער צו זאָגן אין בית־מדרש תשעה באָב אין דער פרי אַלע ציון־קינות און „אלי ציון". די אַנדערע זאָגערס פון די קינות האָבן אָנגעהויבן צו שפּירן, אַז די דאָזיקע ציון קינות איז אַ „מאַנאָפּאָל" פון ראש הציונים און דאָס איז געווען אַ גרויסער ציוניסטישער טריאומף פאַר דער קליינער הייפעלע פון ציון־טרוימער אין גראַיעווע. צווישן זיי וויל איך דאָ ספּעציעל דערמאָנען: חיים קאָצפּעראווסקען, אַ מילנער (מ'האָט אים גערופן חיים מיט דער נגינה מלרע, ווייל ער, אַ גוטער ראש השנה בעל תפילה, פלעגט זאָגן על פּי דקדוק: זכרנו לחיים א. ז. וו. שטרענג מיט דער נגינה מלרע); יעקב־יהושע כרמין, דער ציוניסטישער מלמד (מיין פאָטער האָט אים שטאַרק מאָראַליש אונטערשטיצט און אויך געשיקט אַלע זיינע פינף זין צו אים אין חדר, וועלכער איז געווען „מאָדערן", ווייל מ'האָט דאָרט געלערנט לויט שניידערס לערנבוך „בית־ספר", אַ ביסל „היינטיקער" ווי אין די אַנדערע גראַיעווער חדרים, זיין שם־לוואי איז געווען אין גראַיעווע: „סטאָ־ראַזום"); אלימלך פּאָמעראַנץ, דער טייערער און איבערגעגעבענער העברעאישער לערער (אויך איך האָב ביי אים געלערנט אַ זמן, אַ האַלב יאָר); הערשל קאָפּטשיאָווסקי, זייער אַ גרויסער אידעאַליסט, אַ פיינער מענטש, און אַ זון פון איינער פון די שענסטע משפחות אין גראַיעווע, (געשטאָרבן אין דער ערשטער מלחמה, אויפן וועג צווישן שטשוטשין און גראַיעווע); בערל ראָזען, פיינשטיין, זיידקע בערמאַן, כינקאָווסקי, מיין אָנקל מרדכי רעמבעלינקער, געווירצמאַן, דער יונגערער צבי וויסלאָבסקי, ד"ר שאול אלשוואַנגער, אַ טרייער העברעאיסט, אַ זון פון דער משפחה, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע אידישע געלערנטע און ציוניסטישע טוער (עמנואל אַלשוואַנגער, אַלעק אַלשוואַנגער אין ארץ־ישראל, מיין פריינד, אליהו אַלשוואַנגער, לעבט איצט אין דער שווייץ, אַן אוצר פול פון חכמה און ליבשאַפט צו לשון קודש, כאָטש מ'האָט אים לאַנג פאַררעכנט צו די אידישיסטן. פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע איז ער צו מיר געקומען אין לאָנדאָן און מיר געבעטן, יאָ, כמעט גוזר געווען, אַז איך זאָל נישט גיין קיין אַמעריקע, נאָר דווקא קיין ארץ־ישראל). ד"ר ש. אַלשוואַנגער, ווי אַלע זיינע ברידער, האָבן אַריינגעבראַכט אין גראַיעווע אַ נייע אַטמאָספערע. זיי האָבן פאַראייניקט אין זיך רוסישע און דייטשישע קולטור, און זיי פאַרדינען אַ באַזונדער אָרט אין דער געשיכטע פון גראַיעווער אינטעליגענץ. אַ̇ט אַ

אינגל פון 15 יאָר בין איך איינמאָל געגאַנגען צו ד"ר אלשוואַנגער אַלס פּאַציענט — צוליב איין איינציקן טעם: איך האָב געוואָלט האָבן די הנאה און זכיה צו אונטערזוכט ווערן מעדיציניש אויף העברעאיש... די 50 קאַפּי־קעס, פון מיין „פּריוואַטער קאַסע", זיינען מיר דאָס ווערט געווען. געדאַרפט האָב איך דעמאָלט אַ דאָקטער אויף כפרות... וואָס פאַראַ לוקסוס אַ יונגער העברעאיסט אין גראַיעווע האָט זיך געקענט דעמאָלט פאַרגינען!...

5

איך וועל דאָ נאָך קורץ באַשרייבן די הויפּט־אַקטיוויטעטן פון דער קליי־נער ציוניסטישער גרופּע אין גראַיעווע. זיי זיינען דאָן באַשטאַנען הויפּטזעכלעך אין געלט זאַמלען און פּראָפּאַגאַנדע — אין היינטיקן לשון, קאַמף פאַר אָנערקענונג פון מצוות ישוב ארץ־ישראל, ברענגען פּסוקים און דברי חז"ל, אַז ארץ־ישראל איז כשר... אַ סך פון די ימים־טובים און להבדיל תשעה־באָב זיינען ספּעציעל באַנוצט געוואָרן פאַר אַן אינטענסיווער ציוניסטישער אַרבעט. אום תשעה־באָב האָט מען געזאַמלט געלט פאַרן קרן קימת לישראל. שקלים האָט מען פאַרקויפט אַ גאַנץ יאָר און ערב די קאָנגרעסן; שבת נחמו — אַלע מי שנדרס פאַר ארץ־ישראל. אַ באַזונדערע אַקטיווי־טעט איז אַנטוויקלט געוואָרן אין חודש אלול אויף דעם געביט פון פאַרקויפן אתרוגים. די פרומע מהדרין מן המהדרין פלעגן דעמאָלט שטאַרק אַגיטירן קעגן ארץ־ישראלדיקע אתרוגים, ווייל, ערשטנס, זיינען די אידישע קאָלאָניסטן בכלל אַפּיקורסים און צווייטנס, האַלטן זיי בישט קיין שמיטה. אַנשטאָט די ארץ־ישראלדיקע אתרוגים פלעגן זיי ברענגען קאָרפירער אתרוגים — און גראָד נאָכדעם ווי אין קאָרפו איז פאַרגעקומען אַ פּאָגראָם אויף אידן. אין חודש אלול פלעגט מען זיך אָנהייבן צו קאָכן אין גראַיעווער בתי־מדרשים איבער דער אתרוגים־פראַגע.

איך געדענק ווי איך פלעג אַרומגיין איבער די בתי־מדרשים און קלעפּן לאַנגע כרוזים, וואָס באַוויזן — מן הסתם מן הנביאים ומן הכתובים און פון דער איבעריקער היילי̇קער ליטעראַטור, אַז נישט נאָר איז נישט קיין זינד צו קויפן אַן ארץ־ישראלדיקן אתרוג, נאָר פאַרקערט ס'איז גאָר אַ גרויסע מצווה, און ס'שטייט דאָך טאַקע: ולקחתם לכם משלכם אַז"ו. איך פלעג זיך מאַ־טערן אָנצוקלעפּן די כרוזים אויף די טירן פון די בתי־מדרשים, — דער איינ־ציקער „פּובליסיטי"־צענטער אין דער אַלטער גראַיעווע — און אונדזערע פרומע קעגנער פלעגן זיי אַראָפּרייסן, אַזוי פלעגן זיי אויך אַראָפּרייסן יעדע מודעה אין די בתי־מדרשים וועגן אַ ציוניסטישן מטיף — ווי ניסענבוים אָדער יעווזעראָוו. וועלכע פלעגן קומען קיין גראַיעווע. שוין דער וואָרט „מטיף" איז געווען אַ דאָרן אין זייערע אויגן — פאַרוואָס עפּעס מטיף און נישט מגיד

אָדער דרשן? און מיין רבי, ר' בערעלע (אַן אידעם פון יודקע, דעם קאַרעט־ניק, וואָס פלעגט פאָרן אויף דער „ליניע" גראַיעווע־לאָמזשע) פלעגט מיר זאָגן: נישט אומזיסט רופט מען זיי מטיף, ווייל ס'שטייט דאָך: על דאטפת אטפוך וסוף מטיפיך יטופון...

מיר האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט מודעות. מיין פאָטער פלעגט באַשטעלן אַ פּאָר הונדערט ארץ־ישראלדיקע אתרוגים און לולבים פון אָדעס צי פון וואַרשע, און די לעצטע צוויי וואָכן פאַר סוכות פלעגט אונדזער שטוב ווערן צום טייל אַ אתרוגים־מאַרק: קעסטלעך מיט אתרוגים איינגעוויקלט אין ספּעציעלע אתרוגים־וואַטע, זייער ריח און פּארב לעבן נאָך אין מיין זכרון, און מיר די קינדער פלעגן פירן דאָס געשעפט, פלעגן אויך פלעכטן „פינגערלעך" פאַר די לולבים, זאַמלען הושענות. איינער אַ גראַיעווער אתרוגים־ספּעציאַליסט האָט אונדז געלערנט ווי מ'קען „זויבערן" אתרוגים, ד. ה. אַפּרייבן זייערע פלעקן. נישט שטענדיק איז עס געלונגען. אָפט האָט געטראָפן, אַז ביי דער דאָזיקער „אָפּעראַציע" איז אָפּגעבראָכן געוואָרן דער פּיטום און דער אתרוג האָט שוין בכלל קיין קונה נישט געפונען. מיר פלעגן אויך מאַכן „פּראָפּאַגאַנדע", אַז אידן זאָלן קומען צו אונדז און קויפן די אתרוגים, פאַרזיכערנדיק זיי, אַז אַזעלכע הדרס ווי אונדזערע אתרוגים קען מען קיינמאָל נישט געפינען צווישן די קאָרפירער אתרוגים. אידן פלעגן קומען, קוקן און קוקן, בודק זיין צי דער פיטום איז גאַנץ, צי דער אתרוג איז טאַקע אַ הדר... גראַיעווער אידן האָבן געהאַט צייט. זיי פלעגן פאַרברענגען שטונדן־לאַנג אין אויסזוכן אַן אתרוג — פּונקט ווי זיי פלעגן פאַרברענגען אין די קראָמען ביים קויפן עסנ־וואַרג אָדער מלבושים; און פלעגן זיך נאַטירלעך דינגען און דינגען ביים אתרוג, אַ דבר שבקדושה — ווי ביי דברי־חול. פון „פעסטע פּרייזן" האָט דעמאָלט גראַיעווע נישט געוואוסט — און נישט נאָר גראַיעווע אַליין.

6

יעדער יום־טוב האָט געהאַט זיין אייגענעם קאַמף. ערב יום־כיפור, מנחה צייט פלעגט שטיין אין פּאָליש פון די גראַיעווער בתי־מדרשים אַ לאַנגער טיש, פול מיט טעלער — קערות — מיט צעטלעך פון פאַרשידענע חברות: הכנסת אורחים, ביקור חולים, תלמוד תורה, לינת הצדק, אַ קערה פאַרן שמש, פאַרן בית־מדרש א. א. וו., וואו יעדער איד פלעגט אַרייטוואַרפן זיין נדבה, נאָך מנחה, גייענדיק אַהיים צו פאַרפאַסטן. האָבן סוף כל סוף די ציונים אויסגע־פירט, אַז מ'זאָל דערלויבן שטעלן אויך אַ קערה פאַרן אָדעסער קאָמיטעט למען ישוב ארץ־ישראל, וועלכער פלעגט אָפּדרוקן אַ יערלעכן באַריכט פון די הכנסות פון די קערות (מיט די נעמען פון די מנדבים פון 20 קאָפּיקעס און מער, אויב איך האָב קיין טעות נישט. ס'וואָלט געווען כדאי מעיין צו זיין אין

די דאָזיקע באַריכטן, פון וועלכע מ'קאָן געפינען די גראַיעווער אידן, וואָס האָבן מגדב געווען פאַר ארץ־ישראל). מיין פאָטער האָט מיר געגעבן דעם אויפטראָג, איך זאָל זען, אַז אין יעדן גראַיעווער בית־מדרש, אויך אין דער עזרת נשים זאָל שטיין אַ קערה פאַר ארץ־ישראל. אַזוי בין איך געוואָרן דער צענ־טראַלער משגיח אויף אַלע ערב יום כיפור־קערות, ספּעציעל אין די גרעסערע בתי־מדרשים: אַלטער, נייער, די שול, הכנסת אורחים. אין די חסידים־שטיבלעך האָבן מיר נישט געהאַט קיין דריסת הרגל. איך פלעג פאַר־ברענגען אַ געוויסע צייט אין יעדן בית־מדרש, איך פלעג זען, אַז מען זאָל די ארץ־ישראל־קערות נישט פאַררוקן אָן אַ זייט, וואָרום אַלע אַנדערע אינ־סטיטוציעס האָבן געקוקט אויף איר נישט מיט קיין צו פריינדלעכע אויגן און איך פלעג דערמאָנען אויך אַ חשובן און פאַרמעגלעכן בעל הבית, אַז ס'איז דאָ אַזאַ מין זאַך ווי אַ ארץ־ישראל קערה... אַזוי איז מיר אויסגעקומען צו זען ווי גראַיעווער „נשים צדקניות" פלעגן מיט פאַרוויינטע אויגן, נאָך מנחה אַרויסנעמען פון זייער פאַרטשיילעכל 3 אָדער 5 קאָפּיקעס, אַריינטאָן זיי אין קערה, און דאַן אַרויסנעמען דאָס רעשט און אַריינטאָן אין אַן אַנדער קערה. „באַארבעטן" אויף אַזאַ אופן 15 קערות מיט 3 אָדער 5 קאָפּיקעס און אפשר צוריקקריגן אין דער טרערן־פולער פאַרטשיילעכל 2 קאָפּיקעס. זאָלן זיי האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן און זאָלן זיי מיר מוחל זיין, איך וויל חס ושלום זיי נישט באַשולדיקן. די קאָפּיקע אין דער דעמאָלטיקער גראַיעווע איז געווען אַ מטבע, אַ סך מער ווי אַ דאָלער היינט ביי די אַמעריקאַנער אייניקלעך פון די אָרעמסטע גראַיעווער משפחות. פאַר אַ קאָפּיקע — צוויי גראָשן — האָט מען געקענט קריגן אין גראַיעווע אַ סך זאַכן, און אַ נדבה פון אַ קאָפּיקע איז געווען אַ נדבה

די געלט פון די קערות האָבן מיר פאַרפּאַקט אין די פאַרטשיילכלעך. יעדער בית־מדרש זיין אייגענע פאַרטשיילכל — און אוודאי האָבן מיר דאָס אויסגעציילט מוצאי יום כיפור — איך פלעג אָפּט פאַרשפּעטיקן אין שטוב צו דער סעודה המפסקת — (פאַרפאַסטן) צוליב מיין השגחה אויף די ארץ־ישראל־דיקע קערות אין די גראַיעווער בתי־מדרשים.

שפּעטער איז די אַרבעט נאָך גרעסער געוואָרן. צו דער קערה פאַרן אָדע־סער קאָמיטעט איז צוגעקומען נאָך אַ נייע קערה פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד (קרן קימת לישראל). לכתחילה איז דער פירער פון אָדעסער קאָמיטעט, מנחם או־סישקין, שטאַרק געווען קעגן צוצולאָזן אַ קרן קימת לישראל קערה, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ קאָנקורענץ פאַר דער אַנדערער קערה פון אָדעסער קאָמיטעט. שפּעטער האָט ער בעל כרחו מככים געווען. דעמאָלט איז דער מאָסקווער ציוניסטישער פירער, ד"ר יחיאל טשלענאָוו, געווען דער ראש פון קק"ל. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז, כידוע, אוסישקין אַליין געוואָרן דער גרוי־סער קעמפער פאַר די צילן פון קק"ל. אויב דער מנהג פון קערות איז אָפּ־

געהיט געוואָרן אין גראַיעווע אויך שפּעטער, אין דעם פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות — ווייס איך נישט.

גראַיעווער ציוניסטן פלעגן אויך איינאָרדענען ספּעציעלע „שמחות־בית־השואבה" אוונטן אין חול־המועד־סוכות. אַ באַזונדער אָרט פלעגט פאַרנעמען דער ציוניסטישער מנין שמיני עצרת און שמחת־תורה, וואָס פלעגט איינגע־אָרדנט ווערן אין אַ פּריוואַטער הויז (אַמאָל ביים אַלטן פּאַלאַקעוויטש, אַמאָל ביים זייער אַקטיוון ציוניסט, פיינשטיין). דאָס האָט געדינט סיי אַלס אַ קוואַל פון ציוניסטישע הכנסות, ווייל אַלע „בעבור שנדרס" פלעגן גיין נאָר פאַר ארץ־ישראל, סיי אַלס אַ מאָראַלישער „חיזוק החברה", לעבעדיק מאַכן די שטימונג פון קליינעם ציוניסטישן קרייז און זיי באַפעסטיקן אין זייער קאַמף פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל.

## 7

די ימים־טובים זיינען געווען די הויפּט־פּונקטן פון דער ציוניסטישער אַקטיוויטעט אין גראַיעווע, אָבער די דאָזיקע אַקטיוויטעט איז אויך אָנגע־גאַנגען אַ גאַנץ יאָר: דער שקלים־פאַרקויף (און גראַיעווע האָט צוויי מאָל געשיקט דעלעגאַטן צו ציוניסטישע קאָנגרעסן: צום 7־טן קאָנגרעס מיין פאָטער, זע אויבן, און ד"ר שאול אַלשוואַנגער צום 9־טן קאָנגרעס), כל מיני זאַמלונגען פאַר ארץ־ישראל, ווי געלט־זאַמלונגען ביי חתונות — (אַלס קאָנקו־רענץ מיט צאַר ניקאָלייס פּאָסט פלעגן מיר אַרומטראָגן חתונה־איינלאַ־דונגען מיט קק"ל־מאַרקעס און אַזוי אַרום געהאַט אַ „אידישע פּאָסט" אַ סך פריער ווי מדינת ישראל האָט געשאַפן די ערשטע אידישע פּאָסט־דינסט. די דאָזיקע פּאָסט־טעטיקייט פאַרן קק"ל האָב איך נאָך פאַרגעזעצט אין מיין ערשטן יאָר אין ביאַליסטאָק, אין 1915). די גראַיעווער ציוניסטישע יוגנט איז געווען צופרידן מיט דער ראָל פון זיין „הענט און פיס", אָדער דער אויספיר־אָרגאַן פון גראַיעווער ציוניזם. זי איז נישט געווען אַזוי אידעאָלאָגיש פאַרטגע־שריטן ווי צ. ב. די ציוניסטישע יוגנט אין ביאַליסטאָק און אַנדערע גרעסערע צענטערן. זי האָט נישט רעוואָלטירט קעגן די „אַלטע". ערשט קורץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָרט געמאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך צו גרינדן אַ צעירי ציון־גרופּע, און אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז ד"ר שמואל אייזענשטאַט געקומען אין גראַיעווע ספּעציעל פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

קורץ פאַר דער מלחמה האָט אויך אַ קליינער קרייז פון ציוניסטישע יוגנטלעכע אָנגעהויבן צו רעדן העברעאיש צווישן זיך און פּראָפּאַגאַנדירן פאַרן דבור עברי. זיי פלעגן נעבעך צאָלן אַ גראָשן פאַר יעדן אידיש וואָרט, וואָס פלעגט זיך אַמאָל נישט ווילנדיק אַרויסרייסן פון זייער מויל ביים רעדן העבראַיש. אַזוי האָט אין דעם „באַגושער וואַלד", אויף די שטשוטשינער און רייגעראדער שאָסייען, אויף די וועגן קיין קאָשעראָווע פון איין זייט און אין

דער ריכטונג פון שטשוטשין אויף דער אַנדערער זייט, אויפן פּלאַץ פון דער פּאָסט, וואו די גראַיעווער יוגנט פלעגט זיך פאַרזאַמלען, ביי די רעלסן פון דער באַן, אָנגעהויבן צו קלינגען די אַלטע שפּראַך, וועלכע האָט זיך געגומען באַ־נייען אין ארץ־ישראל און אין חוץ לארץ.

אַ גרויס טייל פון דער גראַיעווער בעלי־ביתישער יוגנט האָט געלערנט רוסיש און דייטש. אַ קלענער טייל האָט באַזוכט פאַרשידענע גימנאַזיעס אין לאָמזשע, סואוואַלק, מאַריאַמפּאָל, פּולטוסק און ווילנע. אָבער רוסיש איז נאָך נישט געוואָרן די הויפּט־שפּראַך פון גראַיעווער יוגנט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס'איז דעמאָלט געווען אין גראַיעווע אַ קליינער קרייז פון יוגנטלעכע אידישיסטן, אָבער די מערהייט פון דער אויפגעקלערטער יוגנט איז געווען העברעאיסטיש געשטימט.

אַ סך וואָס גראַיעווער ציוניסטן האָבן געטאָן איז געטאָן געוואָרן אויך אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין לאָמזשער, סואוואַלקער און גראָדנער גובערניעס, מיט וועלכע גראַיעווע איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג. דאָס אַלגע־מיין אידיש־געזעלשאַפטלעכע און ספּעציעל ציוניסטישע לעבן פון גראַיעווע איז נישט געווען — און האָט נאַטירלעך נישט געקענט זיין — אַזוי פאַרגע־שריטן ווי אין גרעסערע אידישע ישובים ווי ביאַליסטאָק, וואַרשע א. א. וו. אָבער ווען מען פאַרגלייכט דאָס גראַיעווער אידישע לעבן מיט דעם לעבן פון ענלעכע אידישע ישובים אין פּוילן און ליטע מיט דער זעלבער צאָל פון אי־דישער באַפעלקערונג און איר לעבנס־שטייגער — קאָן מען זיכער זאָגן, אָן קיין שום גוזמא, אַז גייסטיק־קולטורעל איז דאָס גראַיעווער אידנטום געשטאַ־נען אויף אַ העכערער מדרגה, ווי אַנדערע אידישע שטעטלעך פון זעלבן פאַרנעם.

די יורשים פון יענע גראַיעווער אידן ביז 1914 — זייערע קינדער און אייניקלעך, וואו זיי זיינען איצט, מעגן זיין שטאָלץ מיט דעם לעבן און שטרעבן פון זייערע אָבות אין דער אַלטער גראַיעווע. צו דעם דאָזיקן זכות אָבות זאָלן זיי שאַפן זייער אייגענעם זכות אין אידישן לעבן און דאָס וועט זיין דער שענסטער זכרון פאַר אונדזער קליינער און שיינער אידישער קהילה־קדושה גראַיעווע, עליה השלום.

שמעון ראַבידאָוויטש,
(גראַיעווע, ביאַליסטאָק, בערלין, לאָנדאָן, לידס
און איצט אין שיקאַגא.)

ד״ר ג. גאָרין *)

# בילדער און געשטאַלטן פון גראַיעווע

(צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט-מלחמה)

1

## די ערשטע שיידונג און צוריקקער

עס איז געווען אַ זוניקער פרילינג־טאָג אין 1921 ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל פאַרלאָזן מיין באַליבט געבורטס־שטעטל גראַיעווע. אַ געפיל פון בענקשאַפט און פאַרלוסט האָט געקלעמט מיין האַרץ, טראַכטנדיק וועגן מיינע קינדער־יאָרן אין גראַיעווע, וואו יעדער הויז, יעדער גאַס און פאַרקאַן זיינען געווען פאַרבונדן מיט אַזוי פיל זכרונות און וואו יעדער מענטש איז געווען אַ פריינט אָדער אַ באַקאַנטער.

עס איז געווען אַ שיידונג נישט נאָר פון גראַיעווע, נאָר אויך פון מיינע קינדער־יאָרן — די צוויי זיינען געווען אַזוי ענג פאַרבונדן און צוזאַמענגע־קניפּט, אַז אין שפּעטערע יאָרן פלעג איך אָפט צוריקקומען קיין גראַיעווע כדי דאָרט צו געפינען דערלייכטערונג און אַ מקום־מקלט פון דער ווילד־פרעמדער וועלט. אין גראַיעווע האָב איך זיך שטענדיק געפילט אַלס אַ טייל פון דער משפחה און נישט קיין פרעמדער.

דאָך האָט גראַיעווע שוין נישט אויסגעזען דאָס זעלבע שטעטל אין מיינע אויגן, ווען איך האָב זיך דאָרט צוריקגעקערט אויף מיין ערשטן באַזוך. אַלץ האָט אויסגעקוקט אַנדערש: די גאַסן האָבן אויסגעקוקט קורצער, די הייזער נידעריקער. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן בין איך געווען אומשטאַנד צו באַטראַכטן אַלעס אין שטעטל אָביעקטיווער.

אַ שטעטל איז ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש. עס האָט אַ האַרץ וואָס

---

*) זישקע גאַרטשיצקי.

פילט, עס האָט שטימונגען פון מעלאַנכאָליע און לייכטזיניקייט, ענטוזיאַזם און זאָרג. עס זיינען, דוכט זיך, געווען אַ סך גראַיעוועס, און יעדע פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדער אויסזען, לויט די פאַרשיידענע אומשטענדן.

גראַיעווע פון אַ שבת־נאָכמיטאָג אין זומער, ווען אידן האָבן געענדיקט עסן דעם טשאָלענט, איז געווען אַזוי שטיל אַז מען האָט געקענט הערן דעם שאָרך פון אַ בלאַט אויף אַ בוים; דאָס שטעטל איז געלעגן פאַרזונקען אין אַ געדיכטער שטילקייט אונטער אַ ברענענדיקע זון; אַלע געשעפטן פאַרמאַכט, די לאַדנס פון די פענצטער פאַרקייטלט און די גאַסן ליידיק; עס איז אַ צייט פון מחיהדיקער רו, ווען די זאָרגן פון דער גאַנצער וואָך זיינען פאַרטראָגן ערגעץ אין אַ ווייטן ווינקל. אַ זאָרגלאָזיקע, גוטמוטיקע און שטילע גראַיעווע.

אָבער די שטילקייט געדויערט נישט לאַנג. אַ טיר עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך מיט גערויש, אַ אינגל לויפט מיט אַ מעשענע „באַנקע" אין דער טייך־גאַס נאָך טיי. ביסלעכווייז קומט דאָס גאַנצע שטעטל אַרויס פון טיפן שלאָף. אַזוי איז עס געווען זומער־צייט, אַלע שבת־נאָכמיטאָג, יאָר־איין יאָר־אויס.

ווינטערדיקע שבתים נאָכמיטאָג שלעפט מען אַרויס די מעשענע „באַנקע" פון „פּיעצערע", מען זיצט אַרום דעם קאכלענעם אויוון און מ'טרינקט הייסע טיי. די שטילקייט אין גאַס איז אַ גאַנץ אַנדערע; די פריילעכע געשרייען פון אינגלעך אויף דעם גליטש שטערן אָביסל דעם נאָכמיטאָג שלאָף. דער געדיכטער שניי איז ווייך אונטער די פיס, אָבער דער ברענענדיקער פראָסט צופּט די אויערן און די נאָז, ווען אידן גייען אין בית־מדרש דאַווענען מנחה.

גאַנץ אַנדערש קוקט גראַיעווע אויס אין די ימים־נוראים און עשרת ימי תשובה. אַלע פּנימער זיינען ערנסט און פאַרטראַכט. מען קען פילן אין דער לופט, אַז עפּעס וויכטיקעס ווערט דערוואַרט — דער „יום־הדין" איז אַן ערנסטער ענין פאַר אַלעמען — אַלט און יונג.

איך געדענק ווי מיין טאַטע פלעגט אַריבערציען זיין טלית איבערן קאָפּ ווען דער חזן פלעגט קומען צום „ונתנה תוקף", אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך באַשיצן פון די שרעקלעכע אומגליקן וואָס ווערן געשילדערט אין דער דאָזיקער תפילה. איך בין נאָך געווען אַזוי קליין, אַז איך האָב נישט געקענט גרייכן צום מחזור אויף זיין סטענדער און מיט צעשראָקענע אויגן האָב איך געקוקט ווי אַ דערוואַקסענער מענטש וויינט מיט ביטערע טרערן: „מי באש ומי במים, מי בחרב ומי במגפה, מי ברעב ומי בצמא". איך האָב פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די גרויזאַמע טויטן, פון די געשיכטעס וואָס דער רבי פלעגט אונדז דערציילן אין חדר. אָבער איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ שרעקלעכער טויט האָט דערוואַרט מיין אייגענעם פאָטער — אין דעם היטלערישן גיהנום...

אַזוי שנעל ווי מען בלאָזט שופר צום לעצטן מאָל, זיפצן אַלע אָפּ מיט

דערלייכטערונג און אַלע זיינען רעזיגנירט אַנצונעמען וועלכן־עס־איז פסק פון „אויבן"...

די וואָכעדיקייט קערט זיך אום צוריק, אָבער נישט אויף לאַנג. עס קומען די יום־טובדיקע סוכות־טעג. יעדער לויט זיין שטאַנד געניסט פון די פייערלעכע טראַדיציאָנעלע מנהגים. אַזוי ביז שמחת תורה, ווען די לוסטיקייט און פייערלעכקייט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט.

דערנאָך קומען ווידער די גרויע און קאַלטע טעג מיט די זאָרגען פאַר דעם קומענדיקן ווינטער. דאָס גאַנצע שטעטל גרייט זיך דערצו; בעלי־בתים קויפן פורען קאַרטאָפל און לייגען אין קעלער; די שטעלער פאַרלייגט מען מיט האָלץ און טאָרף — דאָס שטעטל גאַרטלט זיך אונטער בייצוקומען דעם אָנקו־מענדיקן ווינטער.

ווען די פרילינג־ווינטלעך הויבן אָן בלאָזן ווערט פריילעכער אויפן האַרצן. מען באַקט מצות, מען וואַשט דאָס מעבל, מען לופטערט אויס די ספרים און מען הענגט אַרויס די קליידער און בעט־געוואַנט אויף דער פרישער לופט נאָך דעם לאַנגן ווינטער, ווען פענצטער זיינען פאַרקלעפט מיט פאַפיר און וואַטע און די טירן זיינען שטענדיק פאַרמאַכט — ווירקט די פרישע לופט ווי אַ פאַרשיכורנדיקער געטראַנק. דאָס שטעטל איז ווידער גוטמוטיק — מענטשן שמייכלען צוזאַמען מיט דער נאַטור. עס איז נישט נאָר אַ זכר ליציאת מצרים, נאָר אויך אַן אויסלייזונג פון דעם לאַנגען, אומעטיקן ווינטער.

אַזוי איז אויך געווען אַ גראַיעווע פון אַ פרייטיק־צו־נאַכטס און אַ גראַ־יעווע פון אַ שבת־צו־נאַכטס. אַ גראַיעווע, ווען אַ לוויה גייט דורך שולגאַס און אַלע קראָמען ווערן פאַרמאַכט אין רעספעקט צום נפטר; גראַיעווע, ווען כלי־זמר גייען צו אַ חתונה און אינגלעך לויפן זיי נאָך; גראַיעווע, תשעה־באָב ביינאַכט, ווען מען זאָגט קינות, מען קלאָגט אויפן חורבן; גראַיעווע, ווען אידן זיינען מחדש די לבנה אין אַ קלאָרן הימל.

די אַלע בילדער פון גראַיעווע שטייען פאַר מיינע אויגן און זיינען איינגע־קריצט אין מיין נשמה — זיי זיינען אומפאַרגעסלעך, אַזוי ווי אַלע איינדרוקן און געשעענישן פון די קינדער־יאָרן בלייבן אַ טייל פון אונדז אויף דעם גאַנצן לעבן.

גראַיעווער אידן זיינען בכלל געווען גוטמוטיקע מענטשן און שטאָלץ מיט זייער שטעטל. אמת, אין פאַרגלייך צו ביאַליסטאָק האָבן זיי זיך געפילט אַביסל מינדערווערטיק. זיי האָבן זיך אַפילו זשענירט מיט זייער אויסשפּראַך. אין ביאַליסטאָק פלעגט מען די גראַיעווער אידן רופן די „גראַיעווער פלאָט־קעלעך" — מיטן אַקצענט אויף די האַרטע „למדן". אָבער אין באַצוג צו די אַרומיקע שטעטלעך, ווי רייגראָד, וואַנסאָס און אַפילו שטשוטשין האָבן די גראַיעווער זיך געהאַלטן גרויסשטעטיש — מיט אַ באַן און אַ גרענעץ און קאָמוניקאַציעס מיט דער גרויסער וועלט.

אין אָונט, ווען דער צוג פלעגט אָנקומען פון ביאַליסטאָק פלעגט דער וואָקזאַל זיין געפּאַקט מיט נייגעריקע מענטשן אויסגעשטעלט אויף ביידע זייטן פון אַרויסגאַנג, און די פּאַסאַזשירן פלעגן דורכגיין דורך דעם ענגן קאָ־רידאָר פון מענטשן.

מען פלעגט זיי באַטראַכטן פון קאָפּ ביז די פיס — ספּעציעל פרעמדע פּנימער, צום ערשטן מאָל אין גראַיעווע, ווי אַ בחור אָדער אַ מיידל וואָס קומט זיך „זען" מיט עמעצן. עס זיינען געווען ווייניק סודות אין גראַיעווע.

גראַיעווער וואָקזאַל איז געווען זייער שיין פאַר אַזאַ שטעטל. אויף דער באַן־גאַס פלעגט מען גיין שפּאַצירן אין די אָוונטן. אין שפּעטערדיקע יאָרן האָט מען אויפגעבויט די אַלייע אַנטקעגן דער פּאָטשט, מיט בענק אויף ביידע זייטן און צוויי רייען ביימער. דאָרטן פלעגן גראַיעווער מענטשן פאַרברענגען די זומערדיקע אָוונטן אין דיסקוסיעס וועגן פאַרשיידענע פראַגן אָדער גלאַט זיצן און באַרעדן די דורכגייער.

אויף שטשוטשינער וועג, אויף ביידע זייטן פון שאָסיי, אַזוי ווייט ווי די מילען, איז געווען אַ צווייטער פּלאַץ וואו יונגוואַרג פלעגט פאַרברענגען אָוונטן אויפן גראָז. דאָרט האָבן זיך אַנטוויקלט ליבעס און דאָרט האָט גראַיעווער יוגנט געטרוימט וועגן דער גרויסער וועלט, אין וועלכער אַזוי פיל פון זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן צו זוכן זייער גליק.

אינגלעך פלעגן זיך שפּילן אויף דעם „גרינעם באַרג", הינטער דעם בית־עולם. אין מיינע אויגן איז עס געווען דער העכסטער באַרג אין דער וועלט. מיט האַרץ־קלאַפּעניש פלעגן מיר אַרויפקריכן ביז צום שפּיץ און זיך דאָרט אויסליגן אין דעם ווייכן, גרינעם גראָז. עס איז געווען ווי אַ פעלדז פון אייביקייט, הינטער דעם אייביקן רו־פּלאַץ פון דורות גראַיעווער אידן.

2

## די פּרנסות און מלאכות פון גראַיעווער אידן

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך גראַיעווע שוין נישט געפונען אין אַזאַ גוטן עקאָנאָמישן צושטאַנד ווי פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. די סיבות דערפון זיינען געווען פאַרשיידענע. ערשטנס, די אַלגעמיינע סיבה. נאָך דער מלחמה האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביז גראַיעווע האָט אָנגעהויבן זיך אויפהויבן פון דער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, וואָס האָט געהערשט אין לאַנד ווי אויף דער גאַנצער וועלט. צווייטנס, איז גראַיעווע שוין נישט מער געווען אַ טייל פון רוסלאַנד, ווי פאַר 1914, און דער גרויסער האַנדלס־פאַר־קער צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד דורך גראַיעווע האָט שוין נישט עקזיס־טירט. דריטנס — די איבלען און שווערקייטן פון דער ניי־געבוירענער פּוי־לישער מדינה און איר אַנטיסעמיטישע באַציאונג צום אידישן האַנדל האָבן

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די גראַיעווער אידן שטאַרק געטראָפן. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז גראַיעווער אידן פלעגן רעדן וועגן „פאַר דער מלחמה" מיט בענקשאַפט.

אַלס אַ רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע האָט די אידישע יוגנט אָנגעהויבן אויסוואַנדערן. זיי זיינען געפאָרן קיין אַמעריקע, ארץ־ישראל און פראַנקרייך, דאָס שטעטל איז פאַר זיי געוואָרן ענגער און די צוקונפט אויסזיכטסלאָזער ווי תמיד.

דער עלטערער דור האָט זיך נאָך דער מלחמה געפּרואווט האַלטן ביי די אַלטע באַשעפטיקונגען. יידישע סוחרים פלעגן פאָרן קיין ביאַליסטאָק, וואַרשע און לאָדזש נאָך סחורה; יידישע בעל־מלאָכות, וועלכע זיינען מערסטנס פאַרבליבן אין גראַיעווע דורך דער צייט פון דער מלחמה, האָבן אויסגעמאַטערט אַ לעבן אין זייערע וואַרשטאַטן; אַ גרויסע צאָל גראַיעווער אידן האָבן ווי עס איז געלעבט פון שטיצע, וואָס אַמעריקאַנער קרובים האָבן זיי געשיקט.

דער האַנדל מיט דייטשלאַנד איז געווען באַגרענעצט. דאָך האָבן זיך איניקע גראַיעווער אידן פאַרנומען מיט שיקן וואַגאָנעס האָלץ און אַנדערע אַרטיקלען קיין דייטשלאַנד. (זיי האָבן געהאַנדלט מיט „וואַגאָנעס" — ווי מען האָט עס אין גראַיעווע גערופן). די קאָנטאָרן, וועלכע זיינען געווען אַזוי שטאַרק באַשעפטיקט פאַר דער ערשטער מלחמה, האָבן פאַרלוירן פיל פון זייער וויכטיקייט.

ווי די לאַגע איז געווען, האָבן די אידן געשפּילט די וויכטיקסטע ראָלע איןווירטשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל. גראַיעווע האָט געהאַט אַ גרויסע אומגעגנט פון דערפער צום באַדינען. צוויי מאָל אַ וואָך — מאָנטיק און פרייטיק — איז געווען אַ מאַרק־טאָג, און איינמאָל אַ חודש — אַ גרויסער יריד צו וועלכן עס פלעגן קומען אידישע סוחרים פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך מיט זייערע סחורות. אין די דאָזיקע טעג פלעגן פּויערים ברענגען קיין גראַיעווע זייערע פּראָדוקטן צום פאַרקויפן און דערנאָך פלעגן זיי קויפן אין די געשעפטן אָנצוגער, מאַנטלען, שיך, פאַרשידענע הויז־פּראָדוקטן, עסנוואַרג און גאַלאַנטעריי־פּראָדוקטן.

די מערסטע אידישע געשעפטן זיינען געווען אויף מאַרק־גאַס, שול־גאַס און שטשוטשינער גאַס. אין די צוואַנציקער יאָרן זיינען געווען בלויז געציילטע קריסטלעכע געשעפטן.

די יאַטקעס זיינען געווען אין באַגושער גאַס און זיי זיינען געווען אַ וועלט פאַר זיך, פּונקט ווי די אידישע קצבים זיינען געווען אַ קלאַס פאַר זיך. עס האָט זיך שטענדיק געפילט אויף דער גאַס אַ גערוך פון בלוט און פלייש. די קצבים זיינען געווען האַרטע חברה; אידישע פרויען האָבן מורא געהאַט פאַר זיי, ווייל זיי פלעגן זידלען און אויך אַריינוואַרפן אַ קללה, ווען אַ פרוי פלעגט זיך פאַרקרימען איבער דעם חלק פלייש וואָס מען האָט איר געגעבן.

די פישער פלעגן זיך אויסשטעלן אַלע פרייטיק אין שול־גאַס, אַנטקעגן חסידים־שטיבל, מיט זייערע פעסער פיש, און אידישע פרויען פלעגן דאָרט קומען קויפן פיש אויף שבת. אין גראַיעווע זיינען אויך געווען עטלעכע געשעפטן וואָס פלעגן פאַרקויפן נעצן און אַלע אַנדערע מכשירים פאַר פישעריי.

גראַיעווער אידישע בעל־מלאכות זיינען געווען פאַרטראָטן אין שוסטעריי, שטעפעריי, שניידעריי, סטאָלעריי און אַנדערע מלאכות. עס זיינען מערסטנס געווען קליינע וואַרשטאַטן, וואו דער אייגנטימער האָט געאַרבעט אַליין אָדער מיט עטלעכע העלפער.

אַ טיפּישע גראַיעווער פרנסה איז געווען דער האַנדל מיט געגדז, וואָס סוחרים פלעגן אויסקויפן אין די טויזנטער און טרייבן קיין דייטשלאַנד. פיל אידישע פרויען האָבן געהאַנדלט מיט עופות אויף אַ קליינעם שטייגער.

די עופות פלעגן די ווייבער צעשניידן אויף טיילן און פאַרקויפן „אַב־דזשירקעס", פליגעלעך און פּופּיקעס צו פאַרשיידענע בעלי־ביתטעס. איך געדענק ווי מיין באָבע הינדע־רבקה פלעגט זיצן ביז שפּעט ביינאַכט אין ווינטערדיקע אָוונטן מיט אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ און פליקן פעדערן און מאַכן פוך פאַר פערענעס. זי פלעגט אויך פרעגלען געגדזענע שמאַלץ און פאַר־קויפן.

אין תבואה־האַנדל האָבן אידן אויך פאַרנומען דעם אויבנאָן. אייניקע גראַיעווער אידן האָבן געקויפט און פאַרקויפט תבואה אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. זיי פלעגן שיקן וואַגאָנעס תבואה איבערן גאַנצן לאַנד אָדער אין אויסלאַנד.

מילנעריי איז אויך געווען אַ אידישע פרנסה אין גראַיעווע — עס זיינען געווען עטלעכע ווינטמילן און איין עלעקטרישער מיל.

שמידן זיינען אין גראַיעווע געווען זייער פיל — עס איז געווען אַ כאַפּטע שמידן וואָס האָבן געוואוינט אויף טייך־גאַס. זיי האָבן אַלע געהאַט אַן אויס־שפּראַך וואָס איז געווען אַנדערש ווי די געוויינטלעכע גראַיעווער אויסשפּראַך. זיי האָבן געשאָלטן מיט אייגנאַרטיקע קללות און אַמאָל אויך געגעבן אַ קלאַפּ, אַזוי אַז אַלע האָבן פאַר זיי מורא געהאַט. אַפילו די פּויערים פלעגן ציטערן פאַר זיי. די שמידן פלעגן אויך קויפן און פאַרקויפן פערד.

אויף דעם „פּלאַץ", אין אַ באַזונדער שכונה, האָבן געוואוינט די „דראָ־טשאַקעס"; מען האָט זיי אַזוי גערופן ווייל זיי פלעגן פאַרדראָטעווען צע־בראָכענע, ליימענע און פאַרצעלייענע כלים. זיי זיינען געווען גרויסע אָרימע־לייט, געלעבט אין דחקות אין אַ בלאָטיק געסל, אין נידעריקע, איינגעזונקענע הייזער און האָבן געהאַט, ווי אַלע גראַיעווער אָרימעלייט, אַ סך קינדער וואָס פלעגן אַרומלויפן נאַקעט און באָרוועס. ווען עס זיינען נישט געווען גענוג צעבראָכענע טעלערס צום פאַרדראָטעווען פלעגן זיי זיך פאַרנעמען מיט שוסטעריי.

ווען אײנעם פון זיי, נחמן דראַטשאַק, דערציילט מען, אַז ווען די פּאָליציי

האָט אַרויפגעלייגט אויף אים אַ געלט־שטראָף, האָט ער אויפגעקליבן אַ כאַפּטע באָרוועסע קינדער פון דעם גאַנצן קוואַרטאַל און איז אַוועק אויף דעם הויף פון פּאָוויאַט און האָט זיך אַוועקגעלייגט אונטער דעם פענצטער פון „סטאַ־ראָסטאַ" און געמאַכט אַזאַ האַרצרייסנדיקן יאָמער, אַז מען האָט די שטראָף אַראָפּגענומען אויס רחמנות אויף די אויסגעהונגערטע קינדער.

די „דזשעגטשאַרעס" זיינען געווען אַ קלאַס פאַר זיך. זיי זיינען פאַר־אייביקט געוואָרן אין בוך „פעד־אידן" וואָס אונדזער חשובער לאַנדסמאַן ארי אבן־זהב האָט אָנגעשריבן. איך וועל זיי נאָר דערמאָנען בקיצור.

די „דזשעגטשאַרעס" פלעגט מען זען בלויז צוויי מאָל אַ יאָר אין גראַ־יעווע — אויף פסח און די ימים־נוראים, ווען זיי פלעגן אַראָפּקומען פון דייטשלאַנד צו באַזוכן זייערע פאַמיליעס. אַ גאַנצן יאָר פלעגן זיי פאַרברענגען אין דייטשלאַנד אין פערד־האַנדל און ביי ענלעכע מלאכות. אויף יום־טוב פלעגן אייניקע פון זיי אַראָפּקומען אויסגעפּוצט אין אויסלענדישע קליידער, שטאַרק פערפומירט, גלאַט געראַזירט און מיט אַ קורצן „יעקישן" האָר־שניט; אַ ווייס טיכעלע אין ברוסט־קעשענע, אַ שיינע בינדע מיט אַ גרויסן קנופּ, אַ פּערלמוטערנע שפּילקע און אַ גרויסן גאָלדענעם זייגער מיט אַ לאַנגע גאָלדענע קייט. די דאָזיקע חברה־לייט פלעגן לעבן אַ גוטן טאָג אין דייטשלאַנד, ווי מען האָט געקענט זען פון זייערע צעפּלאַמטע פּנימער און גראָבע, רויטע קאַרקן. זיי פלעגן רעדן אַ דייטשמערישן אידיש, אַרומגיין אין די גאַסן דערציילן וועגן די פאַבעלהאַפטיקע גליקן אין „יעקע"־לאַנד און זייערע אויפטועכצן.

3

## אינטערעסאַנטע און טראַגישע טיפּן אין גראַיעווע

עס זיינען געווען זייער פיל טשיקאַווע אָדער אינטערעסאַנטע טיפּן אין גראַיעווע. איך וועל נאָר דערמאָנען אייניקע פון זיי.

הערשעלע „באָכען־ביסען" — אַזוי האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַן איידעם פון אַ מלמד. הערשעלע האָט געהאַט אַ פעלערהאַפטע אויסשפּראַך און ווען ער פלעגט דאַוונען פלעגט מען בלויז הערן אים זאָגן „באָכען־ביסען", „באָכען־ביסען". אָבער ער איז געווען אַ געניאַלער בעל־חשבון. איך גע־דענק, אַז ער פלעגט מאַכן דעם שווערסטן חשבון אויפן קאָפּ, שנעלער ווי איך פלעג עס אויסרעכענען אויפן פּאַפּיר. ער האָט אויך געקענט אין איין מינוט לייזן שווערע אויפגאַבן, אויף וועלכע איך פלעג פאַרברענגען אַ שעה צייט, נוצנדיק אַלגעברייאישע מעטאָדן. אויך די אַלטע אידן פלעגן אויספּרובירן הערשעלעס פעאיקייטן — זיי פלעגן אים אַ פרעג טאָן: „הערשל, איך האָב יאָרצייט נאָך מיין זיידן דעם צענטן טאָג אין שבט — וואָס פאַראַ טאָג אין וואָך איז דאָס אויסגעקומען מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען ער איז געשטאָרבן?"

הערשל פלעגט אַ גלעט טאָן זיין רויטלעך בערדל, פאַרמאַכן די אויגן און צווישן אַ פּאָר „באַכן ביסענס" פלעגט ער זאָגן דעם געניויעם טאָג.

***

אַלע האָבן געקענט אין גראַיעווע יאָסל „בלאָז". עס זיינען געווען דריי ברידער — מען האָט זיי גערופן די „יאָסעלעך". יאָסל „בלאָז" איז געווען איינער פון זיי. ער איז געווען אַ שמיד און זיין פּנים איז שטענדיק געווען שוואַרץ פון בלאָזן אויף דעם פייער אין זיין שמידעריי; זיין זון יהודה איז אַוועק פון דער פינצטערער באַשעפטיקונג און איז געוואָרן אַ פאַרטער. ער און זונדעלע, צוויי געזונטע יונגען, האָבן מאָנאָפּאָליזירט דעם גאַנצן פּאַרקער אויפן גראַיעווער וואָקזאַל און האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזן צום טראָגן אַ וואַליזע פון אַ רייזנדיקן, וואָס האָט געוואָלט איבערשלאָפן די נאַכט אין פראַנקס האָטעל. די דאָזיקע פּרנסה האָט זיי אַריינגעבראַכט אַ גוטע הכנסה; זיי פלעגן זיך גוט קליידן, נוצן פאַרפומע און פלעגן עסן „לאַנדרינקעס" אויף דער גאַס (דאָס איז אין גראַיעווע אין יענע צייטן געווען אַ סימן פון וואויל־טאָג). שפּעטער איז יהודה געוואָרן אַ שערער. ער פלעגט אַרומגיין אין אַ ווייסן, ריינעם כאַלאַט אַזוי ווי צו דעמאָנסטרירן זיין פאַרגעניגן פון דער „ריי־נער" פּראָפעסיע און ווי צום ווייזן ווי הויך ער האָט אַריבערגעשטיגן זיין טאַטן יאָסל פון דעם צעלעכערטן בלאָזאַק.

דער יהודה האָט אויפגעשטעלט אַ פּרימיטיוון ראַדיאָ, איינער פון די ערשטע ראַדיאָס אין גראַיעווע. יאָסל „בלאָז" האָט דערציילט די וואונדער־באַרע אויפטועכצן פון זיין זון צו די אידן אין חברה „עין־יעקב" בזה הלשון: „איר ווייסט וואָס עס איז אַ לאַדיאָ (אַ ראַדיאָ)? מען שטעקט אַליין (אַריין) אַ פלאָקן אין חיה־אַלטעס קוימען און אַ שטעקן אין שרה־לאהס קוימען (דאָס זיינען געווען זייער שכנים), מען ציט צווישן זיי אַ דלאָט (אַ דראָט), מען שטעקט אַליין (אַריין) אַ בלעכל אין דער ערד, מען טוט אָן אַ פּאָר אויערלעך און מען העלט (הערט) מוזיק פון דער גאַנצער וועלט".

***

צווישן די טראַגישע טיפּן אין גראַיעווע זיינען געווען די „בלינדע". דאָס זיינען געווען עטלעכע משפּחות אין וועלכע מערסטנס מענער פלעגן בלינד ווערן אַרום דעם עלטער פון צוואַנציק יאָר. זיי האָבן געליטן פון אַ קראַנקייט פון אָפּטישן נערוו. די קראַנקייט פלעגט אַריבערגיין בירושה פון די טאַטעס צו די זין און פלעגט אַטאַקירן די קרבנות אַרום דעם עלטער פון 20 יאָר.

די בלינדע פלעגן אַרומגיין איבער די הייזער נאָך נדבות. אַלע האָבן געקענט איטשי־פיניען, מאיר־לייבלען און יאָסל־טוביהן, ווי זיי פלעגן אַרום־גיין, טאַפּנדיק זייער וועג מיט אַ שטעקן, אָדער אַ קליין מיידעלע פלעגט זיי פירן. זיי פלעגן זיך אַראָפּלאָזן קיין דייטשלאַנד בעטלען נדבות ווען דער „סעזאָן" איז געווען שוואַך אין גראַיעווע. די אידן אין פּראָסטקען און ליק

פלעגן זיי אונטערקויפן און זיי געבן אַ געוויסע סומע געלט מיט דער באַדינ־גונג אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט, כדי זיי, די דייטשישע אידן זאָלן נישט פאַרשעמט ווערן אין די אויגן פון זייערע שכנים דורך די דאָזיקע אידישע קבצנים פון פוילן.

ווען די בלינדע פלעגן צוריקקומען פון זייער טורנע איבער דער דייטשי־שער פראָווינץ פלעגן זיי פאַרטיילן צווישן זיך דאָס ביסל פאַרמעגן וואָס זיי האָבן אויפגעבעטלט. די חלוקה פלעגט פאַרקומען אין זייער שכונה און פלעגט זיך אָפט ענדיקן מיט אַ געשלעג. ווען די באַכריכט אַז די בלינדע שלאָגן זיך פלעגט אָנקומען אין בית־מדרש, פלעגן מיר, אינגלעך, אויסשטיין שנעל שמונה־עשרה און לויפן מיט אַ פאַרכאַפטן אָטעם צו דער פאָטשט־גאַס צו זען די מחלוקה. די בלינדע פלעגן שילטן און שרייען מיט ווילדע קולות. אינסטינקטיוו האָבן זיי געוואוסט וואו זייערע קעגנער באַהאַלטן זיך. כאָטש זיי האָבן נישט געקענט זען האָבן זיי געוואוסט וואו צו וואַרפן אַ שטאבע אייזן, אַ ברעט אָדער אַ שטיין.

4

## דאָס געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע לעבן

אין גראַיעווע האָבן עקזיסטירט די אַלע באַקאַנטע אינסטיטוציעס, וועלכע אידן האָבן אויפגעהאַלטן אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין פוילן.

דער „לינת־הצדק" האָט געהאַט אַ גוטן אויסוואַל פון מעדיציניש מכשירים וועלכע גראַיעווער אידן פלעגן אָפט באַרגן אין אַ צייט פון קראַנקייט. דער „לינת־הצדק" האָט אויך געהאַט איבערגעגעבענע פרייוויליקע מיטגלי־דער וואָס פלעגן באַזוכן קראַנקע און זיצן מיט זיי ביינאַכט.

דער „גמילות־חסדים" האָט פונקציאָנירט אויף אַ קליינעם מאסשטאַב און פלעגט געבן קליינע הלוואות אָן פראָצענט („אינטערעסט"). די גראַיעווער אידן האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ אידישע קאָאָפעראַטיווע באַנק וועלכע פלעגט אָנפירן פאַרשיידענע טראַנזאַקציעס און אויך געבן הלוואות. די באַנק איז געווען זייער אַ נוצלעכע אינסטיטוציע פאַר גראַיעווער אידישע סוחרים און קליינע בעל־מלאכות.

עס האָט אויך עקזיסטירט אין גראַיעווע אַ הכנסת־אורחים, אַ חברה־קדישא און אַ צאָל קלענערע אינסטיטוציעס.

די גראַיעווער בעל־מלאכות זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ פּראָפע־סיאָנעלן פאַראיין. דער פאַראיין איז געווען באַזונדער זייער וויכטיק צוליב די פאַרשיידענע געזעצן וואָס די פוילישע רעגירונג האָט איינגעפירט אין האַנט־ווערקעריי — ספּעציעל די צעכן. אַ אידישער יונגערמאַן האָט זיך נישט גע־קענט לערנען אַ פאַך, אויב ער האָט נישט געקענט געפינען אַ בעל־מלאכה, אַ מיטגליד פון צעך, וואָס זאָל אים לערנען. וויניק אידישע בעל־מלאכות זיי־

נען אַנגענומען געוואָרן אַלס מיטגליד אין די צעכן. די לאַגע האָט זיך פיל פאַרערגערט אין דער הינזיכט אין די יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג.

גראַיעווע האָט געהאַט אַ גוטע ביבליאָטעק וועלכע איז געווען אין „בית־עם". מען האָט דאָרט געקענט באַקומען די בעסטע און נייעסטע אידישע, העברעאישע און פוילישע ביכער צום לייענען. די ביבליאָטעק איז געפירט געוואָרן דורך פרייוויליקע אַרבעטער; די צאָל ביכער איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר און גראַיעווער יוגנט האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צום לייענען גוטע ליטעראַטור אַדאַנק דער איבערגעגעבנהייט פון אַ קליינע צאָל יוגנטלעכע פון דער ביבליאָטעק פאַרוואַלטונג. די בונד־אָרגאַניזאַציע האָט אויך געהאַט אַ אידישע ביבליאָטעק, אָבער די צאָל ביכער איז דאָרט געווען פיל קלענער.

רעליגיעזע דערציאונגס־אינסטיטוציעס זיינען אין גראַיעווע געווען צוויי טיפּן: די אַלטע חדרים און די רעפאָרמירטע — די אַזוי גערופענע „חדרים־מתוקנים".

איך האָב געקענט די גראַיעווער מלמדים, ווייל איך בין געגאַנגען כמעט אין אַלע חדרים, איינגעשלאָסן די תלמוד־תורה. פאַרשטענדלעך, אַז גראַיעווער מלמדים זיינען נישט געווען באַקאַנט מיט די נייעסטע מעטאָדן אין פּעדאַגאָגיע, און שלאָגן איז געווען דער בעסטער מיטל צו האַלטן דיסציפּלין.

שמעיה דער מלמד, אַ דיקער איד מיט אַ שיטערע ווייסע באָרד און אַ היציקן טעמפּעראַמענט, פלעגט אַ קניפּ טאָן די באַק און אַ קוק טאָן אויף זיינע צוויי פינגער ווי צו זען, צי ער האָט נישט אַרויסגעריסן אַ שטיק פליש. זיין חדר איז געווען אין מענדל ברכ'ס הויז און מיר פלעגן פון דאָרט אַנטלויפן אויף דעם „ביעל" און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן שעהען לאַנג. זיין טאָכטער פראַדל, אַ בלאַסע און אויסגעדאַרטע עלטערע מידל, פלעגט זיך שטענדיק פאַר אונדז אָננעמען און אַמאָל פלעגט איר געלינגען אָפּצוקילן איר טאַטנס צאָרן צו זיינע תלמידים.

דער רייגראָדער מלמד איז געווען אַ דאַרער, קראַנקער איד, מיט אַ גרויע באָרד, פאַרשמירט מיט געלע פלעקן פון שמעק־טאַבאַק. ער פלעגט טרינקען טיי אַ גאַנצן טאָג, שניצן האָלץ מיט אַ שאַרפן מעסערל און מאַכן פאַרשיידענע פיגורן פאַר אונדז. ער איז געווען צו שוואַך צום שלאָגן די איינגלעך; זיין כעס פלעגט ער אויסלאָזן דורך אַ רוסישע קללה צוזעמישט מיט אידישע ווערטער. די אָרימקייט ביי אים אין הויז איז געווען זייער גרויס און נאָך זיין טויט, ווען זיינע קינדער זיינען אויפגעוואָקסן, זיינען זיי געווען זייער טעטיק אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. זיינע אַ טאָכטער און זיין זון, חיים־אריה, זיינען ביידע געזעסן אין פוילישע טורמעס פאַר זייערע פּאָליטישע טעטיקייטן.

מיין מלמד אין חסידישן חדר אין טייך־גאַס איז געווען אַ איד אַ כעסן וואָס פלעגט שלאָגן און קנייפּן זיינע תלמידים. איך בין דעמאָלט אַלט געווען

ביין יאָר און אַ גאַנץ יאָר האָט מען מיט אונדז געלערנט „קידושין". אין הייסע זומערדיקע נאָכמיטאָגן, ווען אַ וועלט מיט גרינע בוימער, ווייכע גראָז און אַ בלויער, קלאָרער הימל האָט אונדזערע קינדערשע הערצער געצויגן אין דרויסן, פלעגט דער רבי מיט אַ מאָנאָטאָנער שטים קנעלן מיט אונדז „האישה נקנית בשלושה דרכים". נישט איך האָב פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האָט זיך דאָרט געהאַנדלט און נישט איך האָב זיך אינטערעסירט מיט די „דרכים". בלויז די עלטערע אינגלעך האָבן געהאַט אַ שעלמישן שמייכעלע אויף זייערע פנימער און האָבן, דוכט זיך, דעם „גרויסן סוד" שוין געוואוסט. אַמאָל פלעג איך ווערן אַזוי שלעפערדיק אין דער פאַרשטיקטער לופט פון חדר, אַז איך פלעג איינזינקען אין אַ זיסן דרימל איבער דער גמרא. דער רבי האָט אָבער געהאַט אַ שאַרף אויג — ער פלעגט אַ וואָרף טאָן דאָס האַרטע שיידל פון זיינע ברילן און אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פלעגט ער מיר דערלאַנגען אַ פּאַרציע פעטש.

די תלמוד־תורה האָט זיך אויסגעהאַלטן פון קהלשע געלט און דאָרט האָבן געלערנט די אָרימסטע אינגלעך. אַמעריקאַנער שטיצע האָט פיל גע־האָלפן אויסצוהאַלטן די אינסטיטוציע. עס זיינען געווען צייטן, באַלד נאָך דעם דעם ערשטן קריג, ווען מען האָט די קינדער אין תלמוד־תורה געגעבן עסן איין מאָלצייט אַ טאָג. פאַר אַ סך פון זיי איז דאָס געווען דער איינציקער מאָל־צייט, ווייל זייערע עלטערן זיינען געווען זייער אָרים.

אין תלמוד־תורה איז ישראל־ברוך געווען מיין גמרא־מלמד. ער איז גע־ווען אַ הויכער איד מיט אַ שיטער בערדל, אַ לאַנגער נאָז און טיפע בלויע



די געוועזענע תלמוד תורה געביידע



אַ קלאַס פון אידישע קינדער אין דער שטאַטישער שולע
די לערער: קורעיוואַווסקי און פּאָפּאָווסקי.

אויגן. איך געדענק נישט ער זאָל אַמאָל האָבן געשלאָגן אַ אינגל. ער איז געווען אַ חסיד און אַ גוטער מענטש. ווען איך האָב באַזוכט גראַיעווע צום לעצטן מאָל, אין 1937, האָב איך זיך מיט אים צופעליק געטראָפן אין גאַס. מיר האָבן געהאַט אַ לאַנגען געשפּרעך און איך בין געווען באַגייסטערט פון זיין טאָלעראַנץ. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט געהאָפט אַז איך וועל זיין אַ ישיבה־בחור, אָבער, האָט ער גלייך צוגעגעבן, ער איז צופרידן וואָס איך האָב שטודירט אין אוניווערזיטעט, ווייל אָפּגעזען פון וועלכן געביט איז וויסן גוט און פירט צו דער פאַרשטענדעניש פון גאָט.

צווישן די „חדרים מתוקנים" איז געווען כרמנס חדר, און אלי־מלך פּאָמעראַנצעס חדר וואו פיל מער וויכטיקייט איז געלייגט געוואָרן אויף תנ"ך און העברעאיש אַלס אַ שפּראַך פון טאָג־טעגלעכן געברויך און נישט נאָר לשון קודש.

אין די דאָזיקע ביידע חדרים האָט מען די קינדער געלערנט אויך אַלגעמיינע קעגנשטאַנדן.

אויסער די רעליגיעזע זיינען אויך אין גראַיעווע געווען וועלטלעכע שולן. עס זיינען געווען צוויי פאָלקס־שולן מיט פּויליש אַלס אונטעררי־כטס־שפּראַך — איינע פאַר פּוילישע קינדער און איינע פאַר אידישע קינדער. אין דער לעצטער האָבן געלערנט מערסטנס אידישע מיידלעך — די אינגלעך האָבן עלטערן נישט געוואָלט שיקן אין גואישע שולן.

גראַיעווע האָט אויך געהאַט אַ פּוילישע רעגירונגס־גימנאַזיע וואו נאָר

אַ קליינע צאָל אידישע קינדער האָבן זיך געלערנט. אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער גימנאַזיע האָבן אידישע עלטערן נישט געוואָלט דאָרט שיקן זייערע קינדער, וויל זיי האָבן געמוזט שרייבן אום שבת. אין שפּעטערדיקע יאָרן האָט מען אין דער גימנאַזיע אָנגעווענדט די „נומערוס־קלאַוזוס" — (אַ קוואָטע, הייסט עס,) און מען פלעגט דאָרט נאָר אָננעמען עטלעכע אידישע שילער יעדן יאָר: בלויז די וואָס האָבן געהאַט „פּראָטעקציע".

אידן פון מיטלקלאַס האָבן מערסטנס געשיקט זייערע קינדער אין דער תרבות־שולע. מען קען נישט רעדן וועגן גראַיעווער תרבות־שולע נישט דערמאָנענדיק ספּעציעל די אומדערמידלעכע אָנשטרענגונגען פון צוויי גראַיעווער לערער אויף דעם געביט פון העברעאישער דערציאונג. איינער פון זיי אלי־מלך פּאָמעראַנץ — אַ וועטעראַן ציוניסטישער עסקן און העברעאיסט, וואָס האָט זיין גאַנצן לעבן געווידמעט צו טעטיקייט אויף דעם געביט פון העברעאישער דערציאונג און צו דער פאַרשפּרייטונג פון העברעאיש אַלס אַ שפּראַך פון טאָג־טעגלעכן געברויך. דער צווייטער — פּאָפּאָווסקי, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געאַרבעט אַלס לערער אין דער „תרבות"־שולע און האָט אויך געלערנט אידישע רעליגיע און העברעאיש אין דער פּוילישער פאָלקס־שול פאַר אידישע קינדער.

די „תרבות" שולע האָט אויך געהאַט אַ צאָל העברעאישע לערער, וועלכע די צענטראַלע פון דער „תרבות"־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע פלעגט שיקן



אַ קלאַס פון דער „תרבות" שולע.

אַרבעטן אין גראַיעווע. שילער וואָס האָבן געענדיקט די „תרבות"־שולע אין גראַיעווע פֿלעגן אָנגענומען ווערן אויטאָמאַטיש אין 4־טן קלאַס פון דער העברעאישער גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק.

איך בין געווען איינער פון די ערשטע גראַיעווער קינדער וואָס זיינען געפאָרן זיך לערנען אין דער העבראישער גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק. אין די יאָרן 1926־1929 זיינען געווען 15 שילער פון גראַיעווע אין דער ביאַליסטאָקער „תרבות"־גימנאַזיע. פיל פון זיי זיינען שפּעטער געפאָרן אין אויסלאַנד און שטודירט אין פאַרשיידענע אוניווערזיטעטן. גראַיעווע האָט געהאַט אַרום צען אידישע יונגעלייט וואָס האָבן שטודירט מעדיצין. אייניקע פון זיי זיינען פאַרבליבן אין פּוילן, אַנדערע זיינען געפאָרן אין דער וועלט, ווייל מען האָט זיי אין פּוילן נישט דערלויבט צו פּראַקטיצירן. גראַיעווער יונגעלייט האָבן אויך שטודירט אינזשינעריע, אַגראָנאָמיע, ליטעראַטור און פילאָזאָפיע.

ביים עלטערן דור האָבן ווי תמיד פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ די בתי־מדרשים, דער אַלטער און נייער, דער „אהבת־חסד", די שול, דאָס חסידים־שטיבל און די פאַרשיידענע אַנדערע נישט חסידישע חברות ווי „עין־יעקב" און „חברה מקרא".

די גראַיעווער שול איז געבויט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו און הילף פון דער פאַמיליע וויערזשבאָלאָווסקי. אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן גראַיעווער אידן אַראָפּגעבראַכט אַ קינסטלער וואָס האָט דעקאָרירט דעם אָרון־קודש און אַנדערע טיילן פון שול.

אַמבעסטן האָבן מיר אינגלעך ליב געהאַט צום דאַווענען אין אַלטן בית־מדרש, ספּעציעל שבת־צו־נאַכטס, ווען עס פלעגט שוין זיין טונקל, אָבער נאָך צו פרי צום אָנצינדן ליכט. און אידן פלעגן זיצן אין דער פינצטער און זאָגן תהילים און זינגען „אשרי תמימי דרך". דעמאָלט פלעגן מיר אַרומלויפן און שטיפן איבער די בענק און אונטער די טישן און דער קוליאַווער שמש פלעגט אונדז יאָגן מיט אַ ספר אין האַנט און שרייען „אַרויס פון דאַנען שקצים".

דאָס חסידים־שטיבל איז געווען דער פריילעכסטער פּלאַץ פון אַלע. חסידים זיינען אין גראַיעווע געווען אַ סך: זיי זיינען געווען קאַצקער און גערער און אַ געוויסע צאָל פון זיי זיינען געווען אָנהענגער פון אַנדערע רביים.

איך קען נישט פאַרגעסן אַזעלכע הדרת־פּנימער און אידעלע געשטאַלטן ווי משה־מענדל דער שוחט, אַלטער צוקער, העניעך מישקאָווסקי און פיל אַנדערע. זיי זיינען געווען פרומע און גוט־האַרציקע אידן, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט וואַרעמקייט אין זייער גלויבן און פריילעכקייט אין זייער פרומקייט.

רעדנדיק וועגן געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס מוז מען אויך דערמאָנען די גראַיעווער באָד, וואָס איז געווען זייער אַ וויכטיקער היגיענישער פאַקטאָר אין לעבן פון גראַיעווער אידן.

5

## די גראַיעווער אינטעליגענץ און יוגנט

עס וויל זיך דאָ דערמאָנען כאָטש אַ טייל פון די אידן, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון גראַיעווע און האָבן אויסגעאיבט אַן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון גראַיעווער אידישן ישוב, ספּעציעל די וועלכע זיינען געווען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. צווישן די דאָזיקע פאַמיליעס וועל איך דערמאָנען די פאַמיליע קאָלקאַ, אַ בכבודיקע משפחה, מיט פיל קינדער, וועלכע זיינען אַוועק אין דער וועלט און געלערנט זיך און זיך אויסגעצייכנט אין פאַר־שידענע געביטן; די פאַמיליעס איזענשטאַט, זילבערשטיין, רעכטמאַן, זי־בערסקי, רינקאָווסקי, וואַקס, ד״ר ווינער, ד״ר וועליקאָווסקי, אולשוואַנגער, ווערזשבאָלאָווסקי, קאָפּטשאָווסקי, גאַלאַמביעווסקי, גערשטאָנסקי, מיעשאָנ־זשניק, באַרקאָווסקי, כאַינאָווסקי, ביאַלאָסטאָצקי, בערמאַן, לעוויט, פּריעדאַ און פיל אַנדערע.

ד״ר אליהו וואַסער, אַ טיכטיקער און באַליבטער כלל־טוער; אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע (1915־1918) איז ער געווען בירגער־מייסטער פון גראַיעווע און שפּעטער, אונטער דער פּוילישער מאַכט, וויצע־בירגערמייסטער — דורך זיין אומפּאַרטייאישקייט האָט ער געוואונען דעם צוטרוי פון אַלע שיכטן פון דער גראַיעווער אידישער באַפעלקערונג״.

אייניקע גראַיעווער אידן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל אָדער מלאכה האָבן געזען אַז זייערע קינדער וועלן זיך נישט קענען איינאָרדענען אין פּוילן און האָבן זיי געשיקט צו שטודירן אין די אוניווערזיטעטן אַ פּראָפע־סיע; אַזוי האָבן עס געטאָן אַבראַמסקי, גאָרטשיצקי, וואַפּינסקי, איזענשטאַט, קורייוואָווסקי, סאַרנאַ, רובענשטיין, אַנטשקאָווסקי און אַנדערע.

זומער־צייט פלעגן זיך קיין גראַיעווע צונויפפאָרן פיל גראַיעווער יוגנטלעכע, גימנאַזיסטן און סטודענטן, פון פאַרשידענע שטעט אין פּוילן און פאַרשיידענע אוניווערזיטעטן אין אויסלאַנד. אין די דרייסיקער יאָרן איז גראַיעווע געווען פול מיט אינטעליגענטע יוגנט, ספּעציעל אין דער צייט פון זומער־וואַקאַציעס. טראָץ דעם וואָס פיל פון זיי האָבן געזען די וואונדער פון דער גרויסער וועלט דאָך האָבן זיי מיט בענקשאַפט געוואַרט אויפן זומער צו אומקערן זיך צו זייער קליינעם שטעטעלע. דאָס איז געווען אַ פריילעכע יוגנט, אָבער אויך אַ יוגנט פאַראינטערעסירט אין סאָציאַלע פּראָבלעמען און קולטור־ענינים, און עס איז שטענדיק געווען אַ נאָענטע צוזאַמענאַרבעט צווישן

דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט פּערמאַנענט געוואוינט אין גראַיעווע און די סטודענטן וואָס האָבן פאַרבראַכט אין גראַיעווע צייטווייליק.

איינע פון די אינטערעסאַנטסטע אונטערנעמונגען פון דער גראַיעווער אינטעליגענץ זיינען געווען די ליטעראַרישע „פּראָצעסן". מען פלעגט זיך צו אַזאַ אונטערנעמונג גרייטן אַ גאַנצן זומער. מען פלעגט אַנאַנסירן די טעמע פון פּראָצעס, אַזוי אַז אַלע זאָלן זיך קענען צוגרייטן. געוויינטלעך פלעגט דער פּראָצעס פאָרקומען אין בית־עם חול המועד־סוכות און פלעגט זיך פאַרציען צוויי, דריי אָוונטן. עס פלעגן פאָרקומען צעהיצטע דיסקוסיעס פון ביידע זייטן און מיט גרויס שפּאַנונג פלעגט מען דערוואַרטן דעם אורטייל.

עס איז אויך געווען אַ דראַמאַטישער קרייז אין גראַיעווע און פון צייט צו צייט פלעגט מען אויפפירן אַ אידישע פּיעסע. דאָס פלעגט זיין אַן ענין פאַר אַ גאַנצע נאַכט — געוויינטלעך אַ שבת־צו־נאַכטס אָדער אַ מוצאי יום־טוב. פאָרקומען פלעגט עס אין דער שאַפּע פון די פייער־לעשער אויף באַגושער גאַס און די פּויזעס צווישן די אַקטן פלעגן זיין אַזוי לאַנג, אַז דער עולם פלעגט נאָך אַ האַלבע נאַכט זיך אַרויסלאָזן אויף דער גאַס און זיך דערקוויקן דאָס האַרץ מיט וואַרימע בייגל און קוכנס פון בראַנערוּווינס בעקערײַ. צו אַזאַ קולטורעלע אונטערנעמונג פלעגן אַראָפּקומען יוגנטלעכע פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך און גראַיעווע איז געווען זייער שטאָלץ צו שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָלע פון אַ צענטער.



דער דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט „הערצל מיוחס" אין 1923.



דער דראַמאַטישער קרייז, וואָס אויפגעפירט דעם „ישיבה בחור“ אין 1924.



דער דראַמאַטישער קרייזביים אויספירן די מעלאָדראַמע „חפני און פנחס“ צו גונסטן
דער פּאַלעסטינע אַרבעטער פאָנד אַקציע, אין מערץ, 1924.

די גראַיעווער יוגנט, אומאָפּהענגיק פון פּאָליטישער ריכטונג און סאָציאַלן שטאַנד, איז געווען אַן אומרואיקע יוגנט. די סיבות דערפון זיינען געווען די אומצופרידנקייט מיט זייער סביבה, דער דראַנג צו דער גרויסער וועלט, דער דורשט צו לערנען, און ספּעציעל די אויסזיכטסלאָזיקייט און נעבלדיקע צוקונפט אין דעם קליינעם פּוילישן שטעטל. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט איבערגעריסן דעם שטראָם פון עמיגראַציע, אָבער באַלד נאָך דער מלחמה האָבן אידישע יונגעלייט זיך געריסן צום פאָרן אין דער וועלט. אייניקע זיינען געפאָרן קיין אַמעריקע, דרום־אַמעריקע, ארץ־ישראל און פראַנקרייך.

אין דער צייט פון אומרוען, באַלד נאָך דעם צוריקטריט פון דער רויטער אַרמיי, ווען די פּוילישע מאַכט איז צוריקגעקומען, איז דער אידישער גראַיעווע באַפאַלן אַ שרעקלעכע טראַגעדיע, וואָס האָט צוגענומען די לעבנס פון 16 יוגנטלעכע, צווישן זיי די דריי ברידער סעגאַלאָוויטש. די 16 יונגעלייט האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אויף דעם וועג קיין ליטע פון וואַנען זיי האָבן געהאָפט זיך אַרויסצוקריגן אין דער ברייטער וועלט. אין אויגוסטאַוו האָבן זיי די פּאָליאַקן געכאַפּט און מען האָט זיי געפירט צוריק קיין גראַיעווע. אויפן וועג, אין דאָרף בעלדאַ, האָבן די פּאָליאַקן זיי ברוטאַל דערמאָרדעט און אַלע 16 ליגן דאָרט אין אַ ברודער־קבר.

ווען די לאַגע האָט זיך סטאַביליזירט אין די פריע צוואַנציקער יאָרן,




אַ גרופּע חברים באַזוכן דעם ברודער־קבר פון 16 גראַיעווער אידישע יונגעלייט, וועלכע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן אין 1920, אין באַרגלאָווע.

האָט גראַיעווע געהאַט אַן אַקטיווע, פּאָליטיש־באַוואוסטזיניקע יוגנט, גוט אָרגאַ־ניזירט אין פאַרשידענע גרופּעס פון ציוניסטישע און סיי נישט־ציוניסטישע. די פאַרשיידענע גרופּירונגען ווערן באַשריבן אין אַנדערע אַרטיקלען אין דעם בוך.

6

## פאַרן שטורעם

מיינע באַזוכן אין גראַיעווע אין די דרייסיקער יאָרן זיינען נישט געווען קיין אָפטע: איין מאָל אין אַ יאָר אָדער אין צוויי יאָר.

ווען דער צוג פלעגט פאַרביילויפן רודע, פלעגט מיין האַרץ אָנהויבן קלאַפּן אין אַ שנעלערן טעמפּאָ אין דערוואַרטונג צו זען מיין אַלטע היים, מיינע עלטערן, שוועסטער, ברידער, פריינט און די אַלע באַליבטע גאַסן און געסלעך אין וועלכע איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן. אָט זיינען די מאָגילקעס, „הינטן לעבן באַן", די צוויטע ראָגאַטקעס, די מילן, סטריעווס פאָטאָגראַפישער וואַרשטאַט, די ערשטע ראָגאַטקעס, וואו איך פלעג אויף אַן אויגנבליק זען מיינע עלטערנס הויז אין דעם ווינקל צווישן שול־גאַס, שטשוטשינער גאַס און מאַרק־גאַס.

מען פאַרגעסט די גרויסע וועלט ווען דער צוג סאָפּעט און בלאָזט דורך דער שטרעקע פון די לעצטע פאַר הונדערט מעטער. אויפן וואָקזאַל זעט מען באַקאַנטע, פריינטלעכע פנימער, מען צעקושט זיך מיט די עלטערן און צוזאַמען גייט מען אַהיים. מיט יעדן באַזוך ווערט נאָך ליבער די אַלטע היים. עס ווילט זיך זינגען און לאַכן און זיין זאָרגלאָז ווי אין די קינדערשע יאָרן!

אָבער איינמאָל, אין 1932 בין איך געקומען צופאָרן און דער וואָקזאַל איז געווען ליידיק, קיינער האָט מיך נישט דערוואַרט, די גאַסן זיינען געווען ליידיק און פאַטרולירט דורך פוילישע סאָלדאַטן און פּאָליציי. דאָס שטעטל האָט אויסגעקוקט ווי נאָך אַ פּאָגראָם — שטיל, פאַרזונקען אין אַ טיפן אומעט, לאָדנס און פענצטער פאַרמאַכט.

דאָס איז געווען די צייט ווען די כוליגאַנישע ענדעקעס האָבן פאַרשטאַרקט זייער העצע קעגן די אידן. אין גראַיעווע האָבן זיי געהאַט אַ גרויסן איינפלוס און זיי האָבן דעם טאָג געהעצט די פויערים אין מאַרק צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף אידן. דעם פריערדיקן זונטיק האָט דער גראַיעווער כומר געהאַלטן אין קירכע אַ פייערדיקע אַנטיסעמיטישע דרשה און די מערדערישע אינסטינקטן זיינען געוואָרן אויפגערייצט. פויערים זיינען געקומען צו דעם דאָזיקן מאַרק־טאָג מיט העק און דרענגעס צום שלאָגן און מאָרדן אידן און זיי האָבן אויך נישט פאַרגעסן מיטברענגען גרויסע זעק אין וועלכע צו פאַרפּאַקן די סחורות פון צעראַבירטע אידישע געשעפטן. נאָר אַדאַנק דער וואַכזאַמקייט פון דער אי־דישער קהילה איז פאַרמידן געוואָרן אַ בלוטיקער פּאָגראָם אויף אידן. פּאָליציי

און סאָלדאַטן פון די „קאַשאַרן" האָבן דעם טאָג געהאַלטן אָרדענונג. נאָר אייניקע אידן האָט מען גוט אָנגעשלאָגן און פיל שויבן זיינען אויסגעבראָכן געוואָרן אין אידישע הייזער.

דאָס שטעטל האָט זיך באַרואיקט אין אייניקע טעג, אָבער מען האָט גע־קענט זען די צעשראָקענע אומרואיקייט אויף די פנימער פון די גראַיעווער אידן.

די לאַגע אין גראַיעווע האָט זיך געענדערט צום ערגערן. די פוילישע רעגירונג האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען אַרויסצושטויסן אידן פון האַנדל. זי האָט סובסידירט פוילישע סוחרים און זיי געהאָלפן עפענען געשעפטן צום קאָנ־קורירן מיט די אידן. די ענדעקעס האָבן געשטעלט פיקעטס פאַר אידישע געשעפטן און געצוואונגען די פויערים נישט צו קויפן ביי אידן. אין דער פרי פלעגט מען געפינען די טירן פון אידישע געשעפטן פאַרשמירט מיט אַנטי־סעמיטישע לאָזונגען אין רויטע בוכשטאַבן, רופנדיק די פאָליאַקן צו באָיקאָ־טירן דעם אידישן האַנדל. די פוילישע רעגירונג האָט דערקלערט אַ מאָראַ־טאָריום פאַר די חובות פון די פויערים און אידישע סוחרים האָבן איבערנאַכט פאַרלוירן פאַרמעגנס, וואָס די פויערים זיינען זיי שולדיק געווען פאַר סחורות.

אייניקע גראַיעווער אידן זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל און ליקווידירט זייערע געשעפטן אין גראַיעווע. די מערהייט האָט זיך אָבער נישט געקענט רירן פון פלאַץ צוליב דעם דעוויזן געזעץ וועלכער האָט פאַרבאָטן אַרויסצו־פירן געלט פון פוילן און צוליב דער פאַראָרימטקייט פון אידישן האַנדל דורך רואינירנדיקע שטייערן.

דער עקאָנאָמישער דרוק איז אָנגעווענדט געוואָרן מיט נאָך בעסערער טעכניק אין די שפּעטערע דרייסיקער יאָרן. יעדעס מאָל ווען איך פלעג קומען קיין גראַיעווע האָב איך געפונען אייניקע אידישע געשעפטן פאַרמאַכט און אייניקע נייע פוילישע געשעפטן. פאָליאַקן פון אַמעריקע האָבן געקויפט הייזער פון אידן אָדער געבויט נייע געביידעס.

דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער דרוק איז געקומען פון אַלע זייטן און אַלס אַ רעזולטאַט איז די אידישע אָרימקייט פאַרגרעסערט געוואָרן און דער דראַנג פאַר עמיגראַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט. יוגנטלעכע זיינען געלאָפן וואו מען האָט נאָר געקענט. ליידער זיינען די טירן פון דער וועלט ביסלעכ־ווייז פאַרמאַכט געוואָרן און די גרויסע אידישע מאַסע אין גראַיעווע האָט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט, און האָט מיט שרעק געקוקט אויף די שוואַרצע כמאַרעס, וואָס האָבן זיך געזאַמלט איבערן הימל פון היטלעריסטישן דייטש־לאַנד.

***

מיין לעצטער באַזוך אין גראַיעווע איז געווען אין 1937, ווען איך בין גע־קומען זיך געזעגענען מיט מיינע עלטערן פאַר מיין פאָרן קיין אַמעריקע.

די שטימונג אין גראַיעווע איז געווען זייער אַ שווערע. אַלע אידן האָבן דערוואַרט שלעכטע צייטן אָבער זיי האָבן נישט געוואוסט אַז זיי זיינען גע־שטאַנען איבער אַן אָפּגרונט און אַז זייערע יאָרן זיינען געציילטע. פּאָליאַקן האָבן גערעדט גאַנץ אָפן וועגן אויסקוילענען די אידן, דאָך האָבן אידן אין גראַיעווע ווי איבער גאַנץ פּוילן זיך קיינמאָל ניט געריכט און נישט געאַנט וועגן אַזאַ גרויסער טראַגעדיע און אַזאַ חורבן, וואָס האָט זיי באַפאַלן אייניקע יאָרן שפּעטער.

איך האָב אויף דעם לעצטן באַזוך שוין נישט געפונען פיל פון מיינע אַלטע באַקאַנטע. אייניקע זיינען געשטאָרבן, אַנדערע זיינען אַרויסגעפאָרן פון גראַ־יעווע. אַלע האָבן מיך מקנא געווען מיט מיין מעגלעכקייט צו פאָרן קיין אַמעריקע.

אין דער דאָזיקער אומרואיקער אַטמאָספער איז איין זומער אָוונט אָנגע־קומען די ידיעה וועגן לייבל עלקאַנס טויט אויף דעם שלאַכטפעלד אין שפּאַ־ניע. איך געדענק ווי פּאָליציי איז אַראָפּגעקומען צו זרח עלקאַנען, וואָס האָט געוואוינט נאָענט צו אונדז און האָט אים איבערגעגעבן די טרויעריקע ידיעה. דערביי האָבן זיי אים גוט אויסגעזידלט און געשאָלטן דערפאַר וואָס ער האָט געהאַט „אַ זון אַ רעוואָלוציאָנער און אַ באָלשעוויק".

לייבל עלקאַן, דער זון פון אַ חסיד, אַ בחור אַ אידעאַליסט, אַ חלוץ — איז מיט אייניקע יאָרן פריער אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. פון דאָרט איז ער אָוועק צוריק אין פראַנקרייך, און פון דאָרט איז ער אַריין אין דער אינ־טערנאַציאָנאַלער בריגאַדע און געפאַלן אַ העלד אין קאַמף פאַר פרייהייט. פיל גראַיעווער אידן האָבן דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען, אַז אין דער ווירק־לעכקייט איז לייבל עלקאַן געפאַלן אין קאַמף מיט זייער אייגענעם בלוטיקן שונא היטלערן.

עס איז געווען אַ דאָפּלטע טראַגעדיע פאַר מיר זיך צו שיידן מיט מיינע עלטערן און מיין געבורטס־שטאָט. איך האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז דאָס איז געווען מיין לעצטער באַזוך, אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט זען מיינע עלטערן און קיינמאָל נישט זען גראַיעווע. עס איז מיר געווען טרויעריק צו קוקן אויף דעם גערעאַנגל פון דער אידישער עדה. דאָס שטעטל און די גראַיעווער אידן זיינען מיר געווען אַזוי נאָענט צום האַרצן און אַזוי באַליבט — אַלע, מענער, פרויען און קינדער, אָרים און רייך, אַלע אָן אויסנאַם האָב איך זיי ליב געהאַט און אויף זיי רחמנות געהאַט און זיך געזאָרגט וועגן זייער צוקונפט.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם יולי־אָוונט, שפּעט ביינאַכט, ווען איך בין געגאַנגען צום באַן באַגלייט פון מיינע עלטערן, ברודער און שוועס־טער. די טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלדז און איך האָב געפילט ווי אַ מענטש וואָס ראַטעוועט זיך אַרויס פון אַ געפאַר און לאָזט זיינע טייערסטע

און נאָענטסטע איבער אַליק. די גראַיעווער גאַסן זיינען געווען פינצטער און פאַרלאָזן; עס איז געווען שפּעט ביינאַכט און אַ גאַנצע עדה אידן איז אומ־רואיק געשלאָפן אַרומגערינגלט פון אַ פיינטלעכער צאָרנדיקער וועלט, איינגע־זונקן אין שוואַרצע שאָטנס פון רעאַקציע און שנאה.

איך האָב זיך צעקושט מיט מיינע טייערסטע און דער צוג האָט שנעל דורכגעשניטן די פינצטערניש פון דער נאַכט — אויפן וועג צו דער ווייטער אַמעריקע.



# די גראַיעווער אויסשפּראַך

לויט אַן אָפּהאַנדלונג „וועגן אידישע דיאַלעקטן" פון מ. ווייגער, אין „צייטשריפט", אַרויסגעגעבן פון אינסטיטוט פאַר ווייס־רוסלענדערישער קול־טור — אידישע אָפּטיילונג, מינסק, 1925.

מ. ווייגער שרייבט: „די נאָטיצן, וואָס איך גיב דאָ, שטעלן מיט זיך פאַר די פ אָ נ ע ט י ש ע כאַראַקטעריסטיק פון אַ ריי ווייסרוסישע, ליט־ווישע און אוקראַאינישע דיאַלעקטן"... די פאָנעטישע כאַראַקטעריסטיקס פון דער גראַיעווער אויסשפּראַך זיינען פאָלגנדיקע:

אָי — בלאָ'ער, גראָ'ער א. א. וו.

אָו — באָוך, קראָוט, מאָול, טאָוב.

יי — (ווי מיט אַ רוסישן „יערי") מ''נען, ב''נער.

שוואַכבאַטאָנטער אָפּענער טראַף — ע: מאַמע, טאַטע.

פאַר לאַנגער ך הערט זיך אַ: טישלאַך, פיסלאַך.

קיין ה איז נישטאָ: אַנט (האַנט), אַרץ (האַרץ).

דער כ איז געכאָרכלט.

קיין יאָטאַציע איז נישטאָ: אידיש, איר.

דער וואָקאַליזירטער ל הערט זיך זייער אָפט:

מואַמעד גואַמפּ, כאַוועע, טישו, קעפו, דעכו, עפו, פיסו, אידו, זעאוטו, וועבט, ואַכן, גואַנצן, פערדו, קאַפּיטו.

דער ווייכער נ — אין די גרופּן: נ'טש, אַנ'ג־ק, ענ'ג־ק, מענטשן, בענטשן (ה)ענטשקע, ווינטשן, לאַנג, בענק.

דער אומבאַשטימטער אַרטיקל איז אַפילו פאַר אַ וואָקאַל: אַ עפּל, אַ עמער, אַ אָקס.

יצחק גארטשיצקי (מגר. פיל.—תל־אביב)

# די ציוניסטישע באַוועגונג אין גראַיעווע

אין די יאָרן, ווען די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַרויפגעגאַנגען אויף איר ברייטן שליאַך צום גרויסן ענדציל — אַ אידישע מדינה אין ארץ־ישראל — אין דער עפּאָכע, וואָס הויבט זיך אָן מיטן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין 1897, איז דאָס גראַיעווער אידנטום שוין געווען פאַרכאַפּט פון ציוניסטישן געדאַנק.

גראַיעווע איז געווען, אַזוי ווי אַלע אידישע שטעטלעך, אין 19־טן יאָרהונדערט אַ שטאָט פון פרומע גאָטספאָרכטיקע אידן. דער בית־מדרש האָט דעם גראַיעווער אידן געדינט אַלס אַ פעסטונג פון תורה און יראת־שמים, וואו ער האָט געקענט פאַרגעסן די טאָג־טעגלעכע דאגות און וואו ער האָט געקענט דורכלעבן אַ פּאָר שעה פון התרוממות הנפש.

אַ גאַנץ וויכטיקן אָרט האָבן אין לעבן פון די גראַיעווער אידן פאַרנומען די ימים־טובים, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער אידישער געשיכטע און ארץ־ישראל: חנוכה, אַן אָנדענק פון אידישער גבורה און העראָיזם, פסח — פון אידישער אויסלייזונג פון מצרים, און תשעה־באָב, אַ צייט פון אבלות איבערן חורבן פון בית־המקדש.

די שבועה וואָס די פאַרטריבענע אידן פון ארץ־ישראל האָבן געשוואוירן

*) יצחק גארטשיצקי איז געבוירן געוואָרן אין גראַיעווע אין 1904. ער האָט געלערנט אין חדרים ביז דעם עלטער פון 13 יאָר, דערנאָך אין פוילישע גימנאַזיעס אין ביאַליסטאָק און ווילנע. ער האָט שטודירט פילאָזאָפיע און ליטעראַטור אין ווילנער אוניווערזיטעט, וועלכן ער האָט געענדיקט מיטן טיטעל מאַגיסטער פילאָזאָפיע. זינט 1935 וואוינט ער אין ישראל וואו ער איז באַשעפטיקט אַלס לערער אין אַ העברעאישער גימנאַזיע. ער האָט איבערזעצט אויף העברעאיש די געשיכטע פון מיוזיק פון גראַדענוויץ, און האָט זיך באַטייליקט אין דער פאַרפאַסונג פון עטלעכע לערן־ביכער פון העברעאיש פאַר דערוואַקסענע.

רעדאַקציע.

אויף די טייכן פון בבל: „אם אשכחך, ירושלים, תשכח ימיני!" די דאָזיקע שבועה האָבן געדענקט אַלע אידן אין די לאַנגע דורות פון גלות און גראַיע־ווער אידן זיינען אין דער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם.

מען דאַרף ווי געהעריק אָפּשאַצן די באַדייטונג פון אָט דער שבועה פאַר דעם אידישן פאָלק און זיין מדינה. אָן דער פאַרבינדונג מיט ציון און די אַלטע טראַדיציעס און אָן דער בענקשאַפט צום הייליקן לאַנד וואָלט דאָס אידישע פאָלק שוין לאַנג פאַרשוואונדן פון דער פעלקער־אַרענע און עס וואָלט פון אים אַפילו קיין זכר נישט פאַרבליבן. אַזוי איז אויך אמת, אַז אָן דער בענקשאַפט נאָך ציון וואָלט דער ציוניזם קיינמאָל נישט געוואָרן קיין פאָלקס־באַוועגונג.

פאַרשטייט זיך, אַז אַנטיסעמיטיזם און די פאַרפאָלגונגען האָבן אין דעם פּראָצעס געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע, אָבער דער פאַקטאָר האָט נאָר געהאָלפן, אַז די ציוניסטישע געדאַנקען זאָלן טיף איינדרינגען אין די ברייטע מאַסן פון אידישן פאָלק.

פון דער אַנדערער זייט איז אַ פאַקט, אַז דאָס שטרענגע און פאַנאַטישע אָפּ־היטן פון טראַדיציע האָט אויך געבראַכט פאַרגליווערונג אין אידישן לעבן. די טראַדיציע איז געווען אַ דיקער מויער, דורך וועלכער עס האָט נישט גע־קענט איינדרינגען קיין שום נייער געדאַנק אין אידישן לעבן.

דאָך איז גראַיעווע נישט פאַרבליבן קיין אָפּגעשטאַנען, פינצטער שטעטל. גאַנץ פרי איז זי איינגעצויגן געוואָרן אין קרייז פון קולטור, וועלטלעכע ביל־דונג און נייע אידייען, איינגעשלאָסן ציוניזם. גראַיעווע איז געווען אַ גרע־נעץ־שטאָט וואָס איז געווען פאַרבונדן דורך דער באַן און שאָסיי מיט דייטש־לאַנד און מיט רוסלאַנד און דעם רוסישן אידנטום. צוליב דעם האַנדלס־פאַר־קער דורך גראַיעווע און די קאָמוניקאַציע־מעגלעכקייטן האָבן גראַיעווער אידן אָפט געווייזט אין דייטשלאַנד. פון צייט צו צייט פלעגן אויך דורך גראַיעווע דורכפאָרן אידישע יונגעלייט אויף זייער וועג צו שטודירן אין אויסלאַנד. אויך פיל פּאָליטישע, אידישע און נישט־אידישע פליטים פלעגן דורכפאָרן דורך גראַיעווע אַנטלויפנדיק פון דער אונטערדריקונג פון צאַרישן רעזשים. עס איז נישט לייכט צו באַווייזן די השפּעה פון די דאָזיקע דורכרייזנדיקע מענטשן אויפן גראַיעווער אידנטום, כאָטש מען קאָן זיין זיכער, אַז זייער קאָנטאַקט מיט דער גראַיעווער אידישער אינטעליגענץ האָט אויסגעאיבט אַ געוויסן קולטורעלן איינפלוס און האָט געהאָלפן פאַרשפּרייטן אין גראַיעווע די נייע סאָציאַלע און פּאָליטישע אידייען פון די גרויסע אידישע און העברע־אישע קולטור־צענטערס אין קאָוונע, ווילנע, מינסק, קיעוו, אָדעס, וואַרשע, קעניגסבערג א. א. וו.

## קולטור־פאַרבינדונגען מיט גרויסע צענטערס

מיט דער צייט באַזעצן זיך אין גראַיעווע עטלעכע משפחות פון די גרעסערע שטעט. די דאָזיקע משפחות האָבן שוין איינגעשטעלט די לעבהאַפטיקע און דירעקטע קולטור באַציאונגען צווישן גראַיעווע און די גרויסע קולטור־צענטערס אין רוסלאַנד און אויסלאַנד. די געבילדעטע מיטגלידער פון די דאָזיקע משפחות פלעגן שטיין אין שריפטלעכע פאַרבינדונג מיט פריינט אין זייערע פריערדיקע היימען. אַלס אַ ביישפּיל פאַר אַזעלכע באַציאונגען, וואָס האָבן פאַרבונדן גראַיעווע מיט דער גרויסער וועלט קענען דינען די האַרציקע פאַרבינדונגען צווישן די פאַמיליעס אַלשוואַנגער־ווערזשבאלאָווסקי מיט זייערע אויפגעקלערטע קרובים אין רוסלאַנד, ליטע און ווין, און באַזונדערס מיט דער שריפטשטעלערין מרים מאַרקל־מאַזעסזאָהן, די טאָכטער פון שמעון ווערזשבאלאָווסקי און די טאַנטע פון די גראַיעווער ווערזשבאלאָווסקיס.

אין יאָר 1927 האָט אברהם יערי אין ירושלים אַרויסגעגעבן די בריוו, וואָס עס האָט געשריבן צו דער שריפטשטעלערין מרים מאַזעסזאָהן אין די יאָרן 1887־1868 דער באַרימטער העברעאישער דיכטער יל״ג (יהודה לייב גאָרדאָן); עטלעכע יאָר פריער האָט פראָפעסאָר ב. צ. דינאַבורג פאַרעפנטלעכט אין דער ליטעראַרישער צייט־שריפט „כתובים" די בריוו וואָס האָט צו איר געשריבן דער העברעאישער שרייבער און חובב־ציון ליליענבלום. פון די בריוו קאָן מען זען ווי באַליבט און הויך געשעצט די דאָזיקע גייסט־רייכע פרוי איז געווען ביי די באַרימטע העברעאישע שרייבער פון יענער צייט.

קולטור און ליטעראַטור־פראַגעס האָבן אויך געדינט אַלס טעמעס פון לאַנגע געשפּרעכן, ווען די שריפטשטעלערין מרים מאַזעסזאָהן פלעגט קומען אויף לענגערע באַזוכן אין גראַיעווע. די שטענדיקע אָנטיילנעמער אין די דאָזיקע געשפרעכן זיינען געווען: אַלשוואַנגער, וואָס האָט שטודירט אין רבנים־סעמינאַר אין ברעסלוי און האָט אויסער די וויכטיקסטע אייראָפּעאישע שפראַכן אויך גלענצנדיק באַהערשט די העברעאישע שפּראַך; די פרוי אַל־שוואַנגער, וואָס איז געווען אַ זייער געבילדעטע פרוי, גאַנץ באַשטימט די איינציקע פרוי אין גראַיעווע און אומגעגנט, וואָס האָט אין יענע צייטן, אין די 70־ער אָדער 80־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט געהאַט געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע, און האָט צוזאַמען מיט איר מאַן און שוועסטער געשאַפן אַ קולטורעלע אַטמאָספערע אין גראַיעווע.

נאָך איין שטענדיקער אָנטיילנעמער אין די דאָזיקע געשפרעכן איז געווען ר' אברהם־מרדכי פיורקאָ, וואָס איז געווען דער העברעאישער לערער פון די קינדער פון דער פאַמיליע אַלשוואַנגער און וואָס איז שפּעטער געוואָרן

די צענטראַלע און באַליבטע פיגור צווישן די גראַיעווער געבילדעטע אידן און למדנים.

עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן די גרויסע השפעה פון די צוויי משפחות אויף דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון גראַיעווער אידנטום, ספּעציעל ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז די מיטגלידער פון די דאָזיקע פאַמיליעס זיינען געווען פאָלקס־מענטשן טראָץ זייער הויכער בילדונג און האָבן געוואוסט ווי צו מקרב זיין גראַיעווער אידן צו זיך.

נאָך איין פאַקטאָר וואָס האָט פאַרבונדן גראַיעווער אידן מיט דער גרויסער וועלט דאַרף דערמאָנט ווערן: די צוגעפאָרענע געבילדעטע משפחות האָבן אין גראַיעווע נישט געפונען די מעגלעכקייט צו געבן זייערע קינדער די פאַסיקע בילדונג און האָבן זיי געשיקט לערנען אין די גרעסערע שטעט. דאָס האָט געדינט אַלסביישפּיל פאַר אַנדערע גראַיעווער אידן וואָס האָבן שפּעטער אויך אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער אין גרויסע ישיבות אָדער וועלטלעכע שולן. און נישט נאָר די פאַרמעגלעכע גראַיעווער אידן ווי, למשל, חיים יצחק ראַווידאָוויץ, האָבן געשיקט זייערע קינדער לערנען אין די גרויסע ישיבות; עס זיינען אויך געפאָרן לערנען אין פרעמדע און ווייטע ישיבות קינדער פון אָרימע משפחות ווי צ. ב. דער זון פון דער אַלמנה חנה־באַשע וואַיסלאָווסקי, דער באַקאַנטער אין ארץ־ישראל ד״ר צבי וואַיסלאַווסקי, פון וועלכן עס וועט נאָך אויסקומען צו רעדן אין דעם אַרטיקל און וועמענס גרויסע פאַרדינסטן און דערגרייכונגען אילוסטרירן זייער גוט דאָס וואָרט פון אונדזערע חכמים: „הזהרו בבני עניים, שמהם תצא תורה״, (זייט פאָרזיכטיק מיט די אָרימע קינדער, ווייל פון זיי וועט אַרויסקומען תורה).

די דאָזיקע קינדער זיינען געוואָרן די קולטור־אַמבאַסאַדאָרן, וואָס דאָס גראַיעווער אידנטום האָט ארויסגעשיקט אין דער וועלט און דורך וועלכע די גראַיעווער אידן, יעדנפאַלס די אויפגעקלערטע פון זיי זיינען געקומען אין ענגער פאַרבינדונג מיט די נייע אידייען פון וועלכע עס איז נאָך אַ לאַנגן קאַמף און געראַנגל אויסגעשמידט געוואָרן די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע און דער ציוניזם אַלס אַ פּאָליטישע באַוועגונג.

פון דעם אַלעם איז צו זען, אַז גראַיעווע איז גאַנץ פריי, אין די 80־70־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט ניצל געוואָרן פון דעם געפאַר פון פאַרגליווערונג און פון דעם רעליגיעז־טראַדיציאָנעלן פאַנאַטיזם.

אויסער די אויבנדערמאָנטע משפחות פון אלשוואַנגער־ווערזשבאַלאָווסקי און פּיורקאָ האָט גראַיעווע פאַרמאָגט אַ קלאַס פון סוחרישע אידן, וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט וועלטלעכע פראַגעס און ציוניסטישע אידייען און האָבן אויך געפונען צייט פאַר זעלבסטבילדונג אין דער משכילישער ליטעראַטור. עס דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן אַזעלכע מענטשן ווי חיים־יצחק ראַווידאָוויץ, יעזשערסקי, כהנא, קאפּטשאַווסקי, ביינוש קאָלקאָ, מרדכי רעמבע־

לינקער, גווירצמאַן, גענאַכאָווסקי, קראָווצינסקי, כץ, חיים קאַצפּראָווסקי, אלימלך פּאָמעראַנץ, אברהם־יצחק פיינשטיין, סענדער גוזשיק, מרדכי רינקאָוו־סקי, מאַרקוס, שבתי פרידאַ, וואַפּינסקי, ראובן מאַלאַכאָווסקי, העניך רייכעל־זאָהן, יצחק גערשטאַנסקי און נאָך זייער פיל אַנדערע וואָס איך געדענק שוין נישט זייערע נעמען.

## די ערשטע איינפלוסן פאַר דעם אויפבוי פון ארץ ישראל

גראַיעווער אידן זיינען, הפנים, נישט געפאָרן אין ארץ־ישראל בלויז אויס בענקשאַפט צו די הייליקטימער פונעם אַלטן לאַנד, כדי צו פאַרברענגען זייער לעבן אין ווייבן, דאַווענען און לערנען תורה ביי די הייליקע קברים און שולן, אָדער כדי צו שטאַרבן און באַגראָבן צו ווערן אין הייליקן לאַנד, ווי עס האָבן געטאָן פיל אַלטע אידן פון פאַרשידענע אַרומיקע שטעט און שטעט־לעך, שוין אין 18־טן יאָרהונדערט. דערפאַר אָבער האָבן גראַיעווער אידן פאַרשטאַנען זיך צו אָרגאַניזירן און זיך אַנצושליסן אָן די חבת־ציון באַוועג־גונג, וואָס איר ציל איז געווען צו העלפן און צו אונטערשטיצן די אידן, וואָס זיינען געפאָרן אין ארץ־ישראל נישט צו שטאַרבן דאָרטן, נאָר כדי צו באַלעבן און פאַרבויען דאָס לאַנד.

די גרעסטע פאַרדינסטן ביים וועקן אין דער אידישער יוגנט אין גראַ־יעווע דעם אינטערעס פאַר די גרויסע היסטאָרישע דערשיינונגען אין אידישן לעבן פון יענער צייט (ביל״ו, די בראָשור פון ד״ר ליאו פינסקערס „אוטאָ־עמאנסיפּאַציע״, קאַטאָוויצער קאָנפערענץ) האָט אָן ספק געהאַט די העברע־אישע וואָכנשריפט „המגיד״, וואָס דוד גאָרדאָן האָט אַרויסגעגעבן פון 1857 אין ליק (דייטשלאַנד) נישט ווייט פון דער דעמאָלטיקער רוסיש־דייטשישער גרענעץ.

שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין דערשיינען איז דער „המגיד״ געווען אַן אָרגאַן פון אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דער „המגיד״ האָט פאַרעפנטלעכט די פּלענער צו בויען ארץ־ישראל אויף מאָדערנע יסודות פון רב צבי קאַלישער און רב אַלקלעי. אין „המגיד״ איז דערשינען די איבער־זעצונג פון „רוים און ירושלים״ פון משה העס. אין זיינע אַרטיקלען רופט דער רעדאַקטאָר פון דעם אָרגאַן און וואָרנט די אידן זיי זאָלן זיך נישט אַנ־גאַזשירן אין קאַמף צווישן די פּאָליאַקן און די רוסן (ווי ס׳איז געווען אין יאָר 1863 אין דער צייט פון פוילישן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד), נאָר זאָלן גיין זייער אייגענעם וועג, ד. ה. זיי זאָלן בויען זייער אייגענע היים אין ארץ־ישראל. נאָך מער פּראָ־ציוניסטיש איז געוואָרן דער „המגיד״ נאָכן יאָר 1881, נאָך די שווערע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. פון דעמאָלט אָן פאַרעפנט־לעכט דער „המגיד״ די אַרטיקלען פון די באַרימטע חובבי־ציון, ווי: פינסקער,

רב מאהליבער, רב אליאשבערג (פון ריגע), פון סער לאורענס אליפאַנט, ד"ר אַלבערט כהן (דער לערער פון בנימין אַדמונד ראָטשילד) א. א. פון דעם יאָר איז גאָרדאָן געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן אין דער חבת־ציון־באַוועגונג.

פאַרשטענדלעך, אַז גראַיעווע איז געווען די ערשטע שטאָט אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד, וואָס האָט באַקומען די צייטונג גלייך נאָך איר דערשיינען, און אפשר אויך אין דעם זעלבן טאָג, ווייל פיל גראַיעווער אידן פלעגן פאַרברענגען גאַנצע טעג אין דייטשלאַנד. אויסער דעם איז גראַיעווע געשטאַנען, לויט דעם באַריכט פון אלימלך פאָמעראַנץ (חיפה), אונטער דעם דירעקטן איינפלוס פון דוד גאָרדאָן, מיט וועלכן יודל פיינבערג פון גראַיעווע און זיין פרוי, וואָס איז געווען אַ הייסע ציוניסטין, זיינען געשטאַנען אין ענגען קאָנטאַקט. פאַרשטייט זיך, אַז פיורקא איז געווען פון די שטענדיקע לייענער פון „המגיד" און צוזאַמען מיט אים זיינע פילע שילער.

אויסער דעם פלעגן אומגעפער 15 מענטשן אין גראַיעווע, לויט דעם באַריכט פון פאָמעראַנץ, באַקומען דעם „המליץ" פון אַלכסנדר צעדערבוים, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יאָר 1860. (15 מענטשן האָבן אַבאָנירט און 50 האָבן געלייענט די צייטונג). אויך די צייטונג האָט געהאַט אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און האָט אונטערשטיצט די חובבי־ציון. צווישן די גראַיעווער חובבי־ציון, וואָס האָבן באַקומען דעם „המליץ", זיינען געווען חיים קאָצפּראָווסקי, ראַווידאָוויץ, אברהם־יצחק פיינשטיין, פאָמעראַנץ, יצחק וויטקיעוויץ (איצט אין אַמעריקע) א. א.

און ווען עס האָט אָנגעהויבן, אין יאָר 1862, דערשיינען די „הצפירה", האָט זי אויך געפונען אין גראַיעווע פיל לייענער. פון מיין פריסטער קינדהייט געדענק איך ווי די גראַיעווער אידן פלעגן גאַנץ פרי גיין צו דער פּאָסט, און אַפילו צום באַן, כדי צו באַקומען זייער „הצפירה", ווייל זיי האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן ביז דער בריוו־טרעגער וועט זיי ברענגען די צייטונג אַהיים. אויף וויפיל די רעדאַקציע פון „הצפירה" האָט אָפּגעשאַצט איר טיראַזש אין גראַיעווע קען באַווייזן דער פאַקט, אַז נאָך דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל פון 1897 האָט פאָמעראַנץ, וואָס איז דעמאָלט געווען דער אַגענט פון דער „הצפירה", באַקומען אַלס מתנה פון נחום סאָקאָלאָוו די ווערק פון יל"ג און סמאָלענסקין.

אַ וויכטיקן אָרט אין פּראָצעס פון אַריינדרינגען פון ציוניסטישן געדאַנק אין גראַיעווע האָבן פאַרנומען די העברעאישע לערער א. מ. פיורקאָ, בנימין גאָלדבערג און גראַן. און כאָטש אין יענער צייט איז עברית־לערנען און שרייבן ווייט נישט געווען אידענטיש, ווי היינט, מיט ציוניזם, דאָך האָבן די העברעאישע לערער אין גראַיעווע געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע פאַרן ציו־

ניזם, ווייל אין גראַיעווע איז, אַ דאַנק דער ציוניסטיש־העברעאישער פרעסע, פון עברית גלייך געוואָרן ציוניזם.

אויף דעם אָרט זאָלן דאָ אויך דערמאָנט ווערן די גראַיעווער מלמדים פון יענער צייט: שמחה־הערש, וואָס איז געווען ציוניסטיש געשטימט, און בערל דער מלמד, ווייל זייער פיל איז דאָס געווען אָפּהענגיק פון מלמד, אַז אין יונגען קינד זאָל זיך דערוועקן דורך לערנען תנ"ך און תלמוד, ליבע צו ארץ־ישראל און האַס צום גלות־לעבן, אָדער צופרידנקייט מיטן גלות און גלייכגילטיקייט צו ארץ־ישראל.

אין גראַיעווע פלעגן אויך באַזוכן מגידים, וואָס האָבן פאַרשטאַרקן אויפ־צואוועקן גרויסע התלהבות פאַר דער חבת־ציון באַוועגונג. אַזוי איז, לויט פאַמעראַנצן, באַקאַנט געווען אין גראַיעווע דער מגיד דרוגיטשיק, וואָס פלעגט איבערגעבן דעם גראַיעווער עולם די דרשות פון באַרימטן רב מאהליווער.

מיט דעם רב מאהליווער, וואָס איז דעמאָלט געווען רב אין ביאַליסטאָק, זיינען די גראַיעווער חובבי־ציון געשטאַנען אין ענגען קאָנטאַקט. צו אים פלעגן זיי זיך ווענדן יעדעס מאָל, ווען די פאַנאַטיקער פון גראַיעווע און די אַרומיקע שטעטלעך פלעגן פרובירן שטערן פאַרשידענע ציוניסטישע אַרבעטן. און דער איינפלוס פון רב מאהליווער איז אויך אויף די גראַיעווער אידן געווען געוואַלטיק. די גראַיעווער פרומע אידן האָבן באַטראַכט דעם רב מאהליווער פאַר אַ הייליקן מענטשן.

וואָס איז שייך זייער אייגענעם, גראַיעווער רב האָבן די ציוניסטן זיך נישט זשענירט צו אַנטאַגאַניזירן אויב זיי האָבן געדענקט, אַז ער טוט ניט זיין פליכט לטובת הכלל. דאָס דערציילט דער פאָלגנדיקער פאַל:

ווען דער גראַיעווער רב, אַ קלוגער איד און זייער באַליבט ביי דער באַ־פעלקערונג, האָט אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן אַ טעלעגראַמע צום פרעזעס פון דער רוסישער דומע וועגן אינטערווענץ פון דער מאַכט קעגן דעם פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק, זיינען פּאַמעראַנץ און אַלשוואַנגער אַוועק מיט כעס פון אים און האָבן אָפּגעשיקט די טעלעגראַמע מיטן אונטערשריפט פון די פּאַרזיצנדיקע פון דער אידישער קהילה (איינער פון זיי, וואָס האָט אָן פחד און וואַקלעניש־ן אונטערגעשריבן, איז געווען דער איבערגעגעבענער ציוניסט מאָטי (מרדכי) אַבראַמסקי). דער רב האָט מורא געהאַט אונטערצושרייבן די טעלעגראַמע און אלכסנדר אלשוואַנגער (ירושלים) האָט אַנטוויקלט אין דעם פאַל, ווי שטענדיק, אַ גרויסע טעטיקייט, כאָטש דאָס האָט אים געדראָט מיט זייער אַ שווערע שטראָף, ווייל ער האָט צו יענער צייט געדינט אין גראַיעווער פּאָלק פון די דראַגונער. די גראַיעווער ציוניסטן האָבן זיך נישט נאָר נישט אָפּגעשראָקן צו האַנדלען קעגן ווילן פון רב, נאָר זיי האָבן אויך פאַרשטאַנען ווי אויף אים צו ווירקן, אַז ער, וואָס איז נישט געווען קיין חובב־ציון, זאָל אין פאַרשי־דענע פאַלן האַלטן אין בית־מדרש דרשות לטובת ארץ־ישראל.

## די אַנטשטייאונג פון די חובבי־ציון

עס איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן אין וועלכן יאָר און וואו ס'איז פאַרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון די גראַיעווער חובבי־ציון. און אפשר איז איבערהויפּט אַזאַ פאַרזאַמלונג גאָרנישט פאַרגעקומען. אָבער עס קאָן נישט זיין קיין שום צווייפל, אַז די חבת־ציון באַוועגונג אין גראַיעווע איז אַנטשטאַנען, ווי אין פיל אַנדערע גרעסערע שטעט, אַ קורצע צייט נאָך דעם פּאָגראָם פון 1881. און דער פאָלגנדיקער פאַקט קאָן דאָס גוט באַווייזן. אַ קורצע צייט פאַר דער קאַטאָוויצער קאָנפערענץ פון יאָר 1884 האָט דער וועד פון וואַרשעווער חובבי־ציון באַשלאָסן אויפן פאָרשלאַג פון שפ"ר (ש. פ. ראַבינאָוויץ) אָפּצודרוקן דאָס בילד פון דעם פאַרדינסטפולן 100־יאָריקן יובילאַט מאָנטיפיאָרע און עס פאַרקויפן אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער. דאָס האָט געזאָלט אויסער אַנדערע צילן (פאַרערונג פון יובילאַט, דערציערישער און פינאַנציעלער) אויך דינען אַלס מיטגלידס־קאַרטע פון דער חבת־ציון באַוועגונג: יעדער איד וואָס וועט קויפן דאָס בילד, וועט דורך דעם דערקלערן זיין אָנשלוס אָדער סימפּאַטיע צו דער באַוועגונג. אַדאַנק די אַקטיווע און ענערגישע גראַיעווער חובבי־ציון ווי אלמלך פּאָמעראַנץ, ביינוש קאַלקאַ, צבי קאָפּטשאָווסקי, באַרקאָווסקי, חיים קאַצפּראָווסקי, אברהם־יצחק פיינשטיין, אליהו וואַקס א. א. האָט זיך די גראַיעווער אידישע באַפעלקערונג זייער שיין אָפּגערופן און כמעט אין יעדער הויז איז דערשינען דאָס בילד פון מאָנטיפיאָרע, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן אין גראַיעווע פאַר 1 רובל.

דער גרויסער דערפאָלג איז דערמעגלעכט געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס אַדאַנק דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס די גרופּע חובבי־ציון אין גראַיעווע האָט אַנטוויקלט אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר זינט איר אַנטשטייאונג. פון גראַיעווע זיינען אויך געשיקט געוואָרן באַגריסונגען צום יובילאַט. ביי דער פרוי עלמע ווערזשבאלאָווסקי אין ירושלים איז פאַרבליבן דער דאַנק־בריוו, וואָס מאָנטיפיאָרע האָט געשריבן צו איר פאָטער אַלשוואַנגער פאַר זיין באַגריסונג.

די קליינע גרופּע גראַיעווער חובבי־ציון איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון יונגע משכילים, מאָדערנע אידן מיט מאָדערנע אָנשויאונגען. און כאָטש זיי האָבן זיך נישט באַפרייט פון דער אידיש־רעליגיעזער טראַדיציע, דאָך זיינען זיי געווען פאַראײנזאַמט, און די ברייטע מאַסן פון די גראַיעווער פרומע אידן האָבן זיך אָן זיי נישט אָנגעשלאָסן אַקטיוו, נאָר האָבן זיי פּאַסיוו אונטערשטיצט. אַ נייע ווענדונג אין דער באַציאונג האָט ביי אַ באַדייטנדיקן טייל פון גראַיעווער רעליגיעזע אידן זיך אָנגעהויבן נאָכדעם ווי חיים־יצחק ראַווידאָוויץ האָט זיך באַזעצט אין גראַיעווע. ווען ער איז געקומען, האָבן די פרומע אידן אין דער שטאָט געוואוסט, אַז עס באַזעצט זיך צווישן זיי אַ שטרענג פרומער איד, אַ גרויסער בן־תורה, אַן אמתער תלמיד־חכם פון וואָלאָזשינער ישיבה.

חיים־יצחק ראַווידאָוויטש אַלס תלמיד־חכם קאָן ריכטיק אָפּשאַצן נאָר דער, וואָס האָט אַליין לאַנגע יאָרן זיך פאַרטיפט אין תלמוד־שטודיום. אין דער הינזיכט קאָן מען זיך פאַרלאָזן אויף דער מיינונג פון אַזאַ גרויסן אויטאָרי־טעט ווי רב קוק. די מיינונג האָט הרב קוק אויסגעדריקט אין זיין הקדמה צום בוך „מרחבי יצחקי", וואָס חיים־יצחק ראַווידאָוויטש האָט אַרויסגע־געבן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1929. אָבער ווי גרויס עס איז געווען די שמחה פון גראַיעווער פרומע אידן און תלמודיסטן מיט חיים־יצחק ראַווידאָ־וויטש דעם תלמודיסט, פונקט אַזוי גרויס איז געווען זייער איבערראַשונג, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן די חובבי־ציון אין גראַיעווע און איז געוואָרן די צענטראַלע פיגור אין זייער קרייז. אַביסל שפּעטער זיינען פיל פרומע אידן אין גראַיעווע געגאַנגען אין זיינע טריט און האָבן זיך איינגעשריבן אַלס מיטגלידער פון „אָדעסער אונטערשטיצונגס קאָמיטעט" (דאָס איז געווען דער אָפּגעקירצטער נאָמען פון דער לעגאַליזיר־טער חבת־ציון באַוועגונג נאָכן יאָר 1890). אַ קורצע צייט נאָכדעם זיינען, אַדאַנק דער פאַרשטאַרקטער טעטיקייט פון די חובבי־ציון מיט דעם וויר־קונג פון ראַווידאָוויטש, אַריינגעטראָטן אין דער באַוועגונג אַפילו חסידים און אַפילו די אַזוי גערופענע פּראַקטישע מענטשן (ראַווידאָוויטש איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער תלמיד־חכם, נאָר אויך אַ גוטער סוחר, וואָס האָט געהאַט פיל דערפאָלג אין מסחר; און דאָס האָט, ווייזט אויס, צוגעצויגן צו דער באַווע־גונג נישט ווייניק גראַיעווער סוחרים). ווי פּאָמעראַנץ באַריכטעט אין זיין אַרטיקל איבער ראַווידאָוויטש („הארץ", 11־טן אָקטאָבער, 1936), איז אין יענער צייט גראַיעווע געווען כמעט די איינציקע שטאָט אין דער גאַנצער געגנט, וואָס האָט געציילט 90 מיטגלידער פון אָדעסער קאָמיטעט. און מיט דער פאַרשטאַרקטער טעטיקייט אין דער גאַנצער חבת־ציון באַוועגונג אין רוסלאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט איר לעגאַליזאַציע, הויבן אָן אויך די גראַיעווער חובבי־ציון צו אַנטוויקלען אַן ענערגישע טעטיקייט לטובת ארץ־ישראל.

## פאַרקויפן ווייך און פלאַנצן בוימער

עטלעכע פאַקטן פון דעם דערמאָנטן אַרטיקל האָט פּאָמעראַנץ נאָכאַמאָל מיר איבערגעגעבן אין געשפּרעכן, וואָס איך האָב געפירט מיט אים 13 יאָר שפּעטער נאָכן דערשיינען פון זיין אַרטיקל, און זיי זיינען אויך באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַנדערע גראַיעווער ציוניסטן, וואָס לעבן אין ארץ־ישראל.

פאַר אַ סומע געלט, וואָס ח. י. ראַווידאָוויטש האָט אויסגעליען, האָבן די גראַיעווער חובבי־ציון איינגעקויפט אתרוגים פון ארץ־ישראל און האָבן זיי פאַרקויפט אין גראַיעווע און אין די אַרומיקע שטעט. ראַווידאָוויטש האָט געליען דאָס געלט און איז געגאַנגען פון בית־מדרש צו בית־מדרש און גע־

האַלטן דרשות און צוגערעדט דעם עולם, און די חובבי־ציון האָבן זיך פאַר־נומען מיטן פאַרקויפן די אתרוגים ביז זיי האָבן אין גאַנצן פאַריאָגט די אתרוגים פון קאָרפו און זיינען געוואָרן כמעט די איינציקע אתרוגים־אַנגראַ־סיסטן אין דער גאַנצער געגנט פון לאָמזשע ביז סואוואַלק.

ווען אין ארץ־ישראל איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1890 די „כרמל"־געזעל־שאַפט, האָבן די גראַיעווער חובבי־ציון מיט דער הילף פון ראַווידאָוויטש און אַנדערע איינגעקויפט וויין פון ארץ־ישראל און די יוגנטלעכע פון צווישן די חובבי־ציון זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער און האָבן פאַרקויפט דעם וויין, און אויף דעם אופן האָבן זיי געצוואונגען די גראַיעווער סוחרים צו קויפן וויין פון ארץ־ישראל.

אין יאָר תרנ"ד האָט די חבת־ציון באַוועגונג אין רוסלאַנד באַשלאָסן צו פייערן דעם 70־יאָריקן יובילייאום פון הרב שמואל מאהליווער דורך פלאַנצן ביי חדרה אַ גאָרטן וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „גן שמואל". די־דאָזיקע פלאַנצונג האָט געהאַט נאָך זייער אַ וויכטיקן, אפשר דעם וויכטיקסטן, צוועק: אויסצוטריקענען די זומפּען פון חדרה און אַזוי אַרום צו באַקעמפן די מאַלאַריע, וואָס האָט געזייט קראַנקהייט און טויט צווישן די חדרה־קאָלאָ־ניסטן. אויך ביי דער אויספירונג פון דער אונטערנעמונג פאַרנעמט גראַיעווע אַ בכבודיקן אָרט: גראַיעווער אידן האָבן פאַרפלאַנצט איבער 100 (הונדערט) בוימער, וואָס האָט אָפּגעקאָסט איבער 600 רובל — אַ גאַנץ באַדייטנדיקע סומע פאַר גראַיעווע.

פאַרשטייט זיך, אַז די קאָנסטרוקטיווע הילף, וואָס די חבת־ציון באַוועגונג האָט דורך די דערמאָנטע אונטערנעמונגען געגעבן די קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל, איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר די „חלוקה"־מענטשן אין ארץ־ישראל, וואָס האָבן פאַרבראַכט זייערע יאָרן אין דאַווענען און לערנען תורה און האָבן געלעבט זייער עלנטיקן לעבן אַדאַנק די געלטער, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די אידן אין גלות.

אין זייער קאַמף קעגן דער חבת־ציון באַוועגונג האָבן זיך די „חלוקה"־מענטשן נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום מיטל, זיי האָבן געשטערט און געדראָט און האָבן אַפילו געמסרט און אַלס רעזולטאַט פון דידאָזיקע מסירות איז אין יאָר תרנ"ד אַרעסטירט געוואָרן אליעזר בן־יהודה אַלס פאַרדעכטיקער אין אַ פאַרזוך צו אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד פון די אידן אין ארץ־ישראל קעגן טערקיי. דידאָזיקע נידערטרעכטיקע האַנדלונג פון די ירושלימער „חלוקה"־לייט האָט אויפגעוועקט דעם צאָרן פון גאַנצן אידנטום. און ווען עס איז אין דעם זעלבן יאָר געקומען קיין גראַיעווע אַ „חלוקה"־שליח צו זאַמלען געלט און האָט זיך גלייכצייטיק גענומען אונטערזוכן די כשרות פון די ציציות, זיינען די גראַיעווער חובבי־ציון געוואָרן שטאַרק אויפגעבראַכט און אונטער דער אָנפירונג פון אלימלך פאָמעראַנץ האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן

איבער די הייזער און האָבן אַרויסגעוואָרפן פון דאָרטן די פּושקעס פון רבי מאיר בעל הנס. זייער פיל גראַיעווער אידן, וואָס האָבן דעמאָלט אויפגעהערט צו אונטערשטיצן די „חלוקה"־אידן, האָבן אָנגעהויבן סימפּאַטיזירן מיט דעם אָדעסער קאָמיטעט און אַפילו געבן געלט לטובת די אידישע קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל.

פון דער צייט אָן איז גראַיעווע באַקאַנט געוואָרן אַלס אַ שטאָט מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם ציוניסטישן כאַראַקטער. די גראַיעווער ציוניסטן האָבן אויסגעפירט ענערגיש און פּינקטלעך אַלע באַשלוסן פון די צענטראַלע חובבי־ציון אָרגאַנען, און זייערע רייען האָבן אַלץ מער זיך אויסגעברייטערט און גע־שטאַרקט. און האָט ווער ס'איז, פון אינעווייניק אָדער פון דרויסן, פאַרזוכט צו שטערן, האָבן זיי שטענדיק געפונען דעם ריכטיקן וועג ווי די שטערונגען צו באַזייטיקן. ווען עטלעכע פון די גראַיעווער אַזוי גערופענע „פּאָליטישע ציוניסטן", ווי ביינוש קאַלקאַ, באַרקאָווסקי א. א., וואָס האָבן זיך נישט באַ־פרידיקט מיט דער טעטיקייט פון אָדעסער קאָמיטעט און האָבן אים באַ־קעמפט, האָבן אָנגעהויבן סעפּאַראַט צו זאַמלען געלט כדי צו העלפן אַ משפחה צו פאָרן אין ארץ־ישראל אַלס קאָלאָניסטן, האָבן זיך די גראַיעווער חובבי־ציון פאַרבונדן מיט דעם רב מאהליווער און ער האָט זיך געווענדט צום גראַיעווער רב און האָט פון אים געפאָדערט, ער זאָל וואָרענען די קעגנער פון אָדעסער קאָמיטעט זיי זאָלן זיך נישט וואַגן צו טאָן אַזעלכע זאַכן. און די אינטערווענץ האָט געהאָלפן.

## אַ שמיטה־יאָר און אַ היתר־עסקא

מאַכט זיך אַ מעשה מיט אַ שמיטה־יאָר, אין וועלכן עס איז פאַרבאָטן לויט דער אידישער תורה צו באַאַרבעטן די פעלדער, ווייַנגערטנער און אַנ־דערע לאַנדווירטשאַפטלעכע צווייגן (מיר שיינט דאָס איז אויסגעפאַלן אין יאָר תרנ"ד). די רבנים פון דער חבת־ציון באַוועגונג האָבן דערלויבט צוליב דער שווערער לאַגע פון די קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל צו אַרבעטן און פאַרקויפן אויך דאָס יאָר זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, ווי עס האָט אין זיין צייט געהאַנדלט דער גרויסער ר' יהודה הנשיא אויס ריין מענטש־לעכע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון. אָבער דער שטשוטשינער רב נעמט נישט אָן אין דעם פאַל די מיינונג פון ר' יהודה הנשיא, דעם פאַרפאַסער פון דער משנה, נאָר שטעלט זיך אַוועק אויף דער זייט פון ר' פנחס בן יאיר, דעם פאַנאַטישן קעגנער פון ר' יהודה הנשיא, און פאַרבאָט די שטשוטשינער אידן צו קויפן די ארץ־ישראל אתרוגים פון דעם שמיטה־יאָר. און ווידער אינ־טערוועניר ט דער רב מאהליווער אויף דער ביטע פון די גראַיעווער חובבי־ציון און דער שטשוטשינער רב מוז נאָכגעבן.

און קוים איז פאַרגאַנגען אַ יאָר נאָך דעם זיג פון די גראַיעווער חובבי־ציון אין דער שמיטה־פראַגע, שווימט אַרויף אַ נייע שווערינקייט אין דער געשטאַלט פון „היתר־עסקא". ווי באַקאַנט האָט דער צווייטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל געגרינדעט די „אידישע קאָלאָניאַל־באַנק" („דזשואיש קאָלאָניאַל טראָסט"), און האָט זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף צום אידישן פאָלק צו העלפן גרינדן דעם פינאַנץ־אַפּאַראַט צו בויען דאָס לאַנד דורך קויפן אַקציעס. שטעלט זיך אָבער אויף אין גראַיעווע אַן אַנגעזעענער איד מ. ב., אַ גרויסער תלמודיסט און אַ רייכער סוחר, וואָס האָט באַקעמפט דעם ציוניזם, און דערקלערט די גראַיעווער פרומע אידן, אַז קויפן אַן אַקציע איז פאַרבונדן מיט צינזן, וואָס איז אַבסאָלוט פאַרבאָטן לויט דער תורה. און עס האָט געדראָט, אַז דער פאַרקויף פון אַקציעס, וואָס ד״ר הערצל האָט אַזוי געוואָלט האָבן צווישן די ברייטע פאָלקס־מאַסן, זאָל דווקא אין דער ציוניסטי־שער גראַיעווע אַדורכפאַלן.

אין זייער שווערער לאַגע האָבן זיך די גראַיעווער ציוניסטן געווענדעט צו וואָלפסאָן, און ער האָט גלייך געענטפערט: „קיין צדיקים זיינען מיר טאַקע נישט, אָבער פאַר היתר־עסקא האָבן מיר געזאָרגט". דער ענטפער פון וואָלפסאָן איז פאַרשפרייט געוואָרן אין אַלע בתי־מדרשים, און אַפילו דער גראַיעווער רב אַליין האָט געהאַלטן אַ דרשה לטובת דער אידישער קאָלאָ־ניאַל־באַנק. די גראַיעווער ציוניסטן האָבן זיך דאַן אַ נעם געטאָן צו פאַר־קויפן די אַקציעס און זייער דערפאָלג איז געווען קאָלאָסאַל: איבער 600 אַקציעס האָבן זיי פאַרקויפט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט דער קאָלאָניאַל־באַנק אַ סומע פון איבער 6,000 רובל — און דאָס איז שוין געווען גאָר אַ באַדייטנ־דיקע סומע פאַר אַזאַ שטעטל ווי גראַיעווע. עס זיינען געווען משפחות, וואָס האָבן געקויפט בלויז צו 1 אַקציע, אַנדערע האָבן געקויפט 2־3 אַקציעס. אַממייסטן האָט געקויפט ח. י. ראַווידאָוויטש — 25 אַקציעס פאַר מזומנים.

מען קען זיך פאָרשטעלן די באַגייסטערטע שטימונג, וואָס האָט גע־הערשט אין גראַיעווע אין די טעג פון פאַרקויפן די אַקציעס, אַז אַפילו דיקאַר דער משומד, דער קאַסירער פון דער באַן־סטאַציע, האָט געקויפט 2 אַקציעס און געגעבן האַנט־געלט און האָט זיך אַפילו דערקלערט גרייט צו קויפן דעם ציוניסטישן שקל (לויט דעם אַרטיקל פון פּאָמעראַנץ אין דער „הצפירה" פון 18־טן יוני, 1931, וואָס איז דערשינען צום 25־טן יאָרטאָג פון ביאַליסטאָקער פּאָגראָם. אין וועלכן דער זון פון דיקאַר איז געפאַלן ביים פאַרטיידיקן אַ אידיש מיידל קעגן די פּאָגראָם־באַנדעס).

## ציוניסטישע אַרבעט — אומלעגאַל

אַזוי האָבן די גראַיעווער ציוניסטן אויסגעפירט מיט שוואונג און התלהבות יעדע אַרבעט, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט.

סיי ווען די טעטיקייט איז געווען עפנטלעך און לעגאַל און סיי ווען זי איז געווען פאַרבאָטן דורך דער רוסישער רעגירונג. אומדערמידלעך און אומ־דערשראָקן האָבן זיי געאַרבעט פאַר דעם פאָלק ישראל און זיין לאַנד ארץ־ישראל.

גראַיעווער ציוניסטן האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן און נישט אָפּגעשטעלט זייער ציוניסטישע טעטיקייט אַפילו אין די יאָרן, ווען די ציוניסטישע באַוועגונג איז אין רוסלאַנד געווען שטרענג פאַרבאָטן צוגלייך מיט אַנדערע פּאָליטישע באַוועגונגען, ווען אַפילו פאַר אַנטיילנעמען אין אַ זיצונג האָט געדראָט מיט טורמע. די אומלעגאַלע זיצונגען פלעגן דעמאָלט פאָרקומען אין דער וואוי־נונג פון ח. י. ראַווידאָוויטש, אין דער בעקעריי אָדער אין אַ שפּייכלער ביי מרדכי אַבראַמסקי. בשעת דידאַזיקע פאַרזאַמלונגען פלעגן עטלעכע קינדער פון די פאַרזאַמלטע עלטערן, אָדער אַנדערע, אונטער דער אָנפירונג פונעם היינטיקן ד"ר שמעון ראַווידאָוויטש (שיקאַגאַ) שטיין אויף דער גאַס אויף דער וואַך. און אַז זיי האָבן דערזען אַ פאַרדעכטיקטע פּערזאָן אָדער אַ פּאָלי־ציאַנט דערנענטערט זיך, פלעגן זיי גלייך צוואויסן געבן. דעמאָלט פלעגט מען שנעל פאַרשטעקן די פּאַפּירן, פאַרשידענע בריוו און דאָקומענטן און די פאַר־זאַמלונג פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ געזעלשאַפט פון געבילדעטע מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט צו הערן לעקציעס פון פּאַמעראַנץ אין געשיכטע, פון איינעם פון די אלשוואַנגערס — אין פראַגעס פון מעדיצין, פון קאַצ־פּראָווסקען — אין חושן משפט און פון ראַווידאָוויטש — אין תלמוד.

אין יאָר 1900 דערציילט פּאַמעראַנץ, איז אָנגעקומען די נאָכריכט, אַז אַלע מיטגלידער פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אין ווילנע זיינען אַרעס־טירט געוואָרן. אַז מען איז געקומען צו ח. י. ראַווידאָוויטש מיט דער נאָכריכט אים צו וואָרענען ער זאָל זיין פאָרזיכטיק, האָט מען פון אים און פון קאַצ־פּראָווסקין, באַקומען פּאָלגנדיקן ענטפער: „אויב י. ל. גאָלדבערג און זיינע חברים קענען זיצן אין טורמע, האָבן מיר נישט קיין רעכט זיך צו ראַטעווען און די אַרבעט מוז אָנגיין ווי פריער אין אַלע באַדינגונגען".

און די ציוניסטישע אַרבעט אין גראַיעווע איז אָנגעגאַנגען ווי פריער אין העברעאיש, דייטש און רוסיש; מען האָט ווייטער פאַרקויפט די שקלים אין גאַנץ גראַיעווע און די תלושים האָט מען אַריבערגעפירט אין פּראָסטקע דורך דער גרענעץ; ווי פריער פלעגט לייבל כץ פאַרלאָזן זיין קראָם און פלעגט אַרומ־גיין פון הויז צו הויז צו פאַרקויפן די קרן־קימת־מאַרקעס; ווי פריער פלעגן פאָרקומען די פאַרביסענע דיסקוסיעס צווישן די אָנהענגער פון „אַלט־ניי־לאַנד" אונטער דער לייטונג פון קאַצפּראָווסקין און צווישן די אחד־העמיסטן מיט פּאַמעראַנץ און הערשל קאָפּטשאָווסקי אין דער שפּיץ; און ווי פריער פאַרזאַמלען זיך די גראַיעווער פועלי ציון אין זייער לאָקאַל, אין געצל דעם פאַכטערס הויז, אין שול־גאַס, און האַלטן אָפּ זייערע פאַרזאַמלונגען אונטער

דער מאָסקע פון אַ קרייז, וואָס קומט זיך צונויף צו לערנען אַ פּרק משניות אָדער די סדרה פון דער וואָך. און נאָך דער פאַרזאַמלונג זינגען זיי די דעמאָלט באַקאַנטע שירי־ציון: „משמר הירדן", „אל טל ואל מטר", „די שבועה", „שאו ציונה נס ודגל" און „על אם הדרך".*)

## די קינדער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג

און ווי די דערוואַקסענע, אַזוי האָבן אויך די קינדער און יוגנטלעכע זיך נישט אָפּגעשראָקן פון פאַרבאָט פון דער רוסישער רעגירונג און האָבן זיך באַטייליקט אין יעדער געלט־זאַמלונג און זיינען געגאַנגען וואו מען האָט זיי געשיקט.

יאָשע (יוסף) קאַרעניעצקי דעם משגיחס זון (היינט הייסט ער יוסף קרני און אַרבעט פון 1922 אַלס הויפּט־בוכהאַלטער אין וועד הלאומי), דערציילט, אַז איינמאָל, ווען ער איז אַלט געווען 9 יאָר, האָט מען אים געשיקט פאַר־קויפן אין די הייזער לשנה־טובות פאַר דעם קרן־קימת. פּלוצלונג האָט ער באַמערקט ווי קורצעלאַפּאָוו (איך געדענק שוין נישט צי דאָס איז געווען דער אייגנטלעכער נאָמען אָדער נאָר אַ צונאָמען פון דעם דיקן פּאָליציאַנט) לויפט אין דער ריכטונג צו אים. אַ לאַנגע צייט האָט ער אים געיאָגט פון איין גאַס אין דער אַנדערער ביז ס'איז געוואָרן פינצטער. ערשט אַרום 12 אַזייגער, האַלבע נאַכט, האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים דער 9־יאָריקער יאָשע, מיד און פול מיט שרעק.

דער זעלבער קרני דערציילט, אַז אויף אים אַלס יונגן אינגל, און אויף דעם יונגן שמעון ראַווידאָוויטש און זייערע חברים איז געלעגן די אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן דעם שקל צווישן די אידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדינט אין גראַיעווער פּאָלק. און כדי אויסצופירן דידאָזיקע אויפגאַבע האָבן זיי געמוזט מיט גרויס שרעק זיך אַרומדרייען שעהען לאַנג אַרום די קאַזאַרמעס ביז זיי האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרקויפן געהיים עטלעכע שקלים.

די ציוניסטישע דערציאונג פון יונגן דור האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין דער ציוניסטישער גראַיעווע. און די גראַיעווער עלטערע ציוניסטן האָבן געוואוסט ווי אַזוי און מיט וואָס צוציען די יונגע קינדער צו דער אַר־בעט. אברהם ראַווידאָוויטש (תל־אָביב), דערציילט, אַז ביים פאַרקויפן די

*) די פועלי ציון באַוועגונג אין גראַיעווע איז, ווייזט אויס, אַנטשטאַנען נאָכן 4־טן ציוניסטישן קאָנגרעס פון 1901. עס שיינט, אַז אַלס רעזולטאַט פון די גרויסע מיינונגס־פאַרשידנקייטן האָט פאַמעראַנץ פאַרלאָזן די אַלגעמיינע ציוניסטן און האָט צוזאַמען מיט קלמן אַנטשקאָווסקי און בערל דעם סטאָליארס זון געגרינדעט די פועלי־ציון באַוועגונג אין גראַיעווע. צו די גראַיעווער פועלי־ציון האָבן געהערט: משה גערשטאַנסקי, ראָטמאַן, יוסף זיבערסקי, טיקאַצקי, ראובן מאלאכאווסקי, שבתי מאַרושעווסקי, אהרן־יעקב גאַר־טשיצקי און פיל אַנדערע.

אתרוגים און לולבים ווי אויך ביים צוגרייטן די לולבים זיינען געווען באַשעפטיקט די קינדער פון די גראַיעווער ציוניסטן. אָבער זיי, די קינדער, האָבן זיך מיט דעם נישט באַפרידיקט. אברהם און זיינע חברים פלעגן מאַכן רינגעלעך פון די איבערגעבליבענע לולב־בלעטער, וואָס זיי פלעגן פאַרקויפן אַנדערע קינדער און דאָס געלט איז געווען פאַרן קרן־קימת. שפרה ראַווידאָוויטש (שפרה לעווין, עפולה) דערציילט, אַז שבת פלעגט ח. י. ראַווידאָוויטש אַוועקגיין מיט די קינדער אויף שטשוטשינער שאָסיי און דאָרטן פלעגט ער זיך אונטערהאַלטן מיט זיי אויף העברעאיש.

ווען ס'האָט זיך געגרינדעט אין תל־אָביב די הרצל־גימנאַזיע, פאָרן אַוועק פון גראַיעווע דריי קינדער כדי צו לערנען אין דעם אַנשטאַלט: יעקב ראַווידאָוויטש (דאָקטאָר אין אַמעריקע), יוסף כרמין, איצט גאָר אַן אַקטיווער לערער אין די ארץ־ישראלדיקע שולן און פּראָפעסאָר פון פּאַרשידענע לער־ביכער אויף דעם געביט פון נאַטור־געשיכטע, און יחזקאל פּאַפּאַווסקי, וואָס איז געווען שפּעטער איינער פון די אַקטיווסטע און איבערגעגעבנסטע ציוניסטישע עסקנים אין גראַיעווע און לאַנגיאָריקער לערער אין דער „תרבות"־שולע.

אויף דעם געביט פון אַקטיוויזירן די קינדער אין דער ציוניסטישער אַרבעט האָט אויך אַ סך געטאָן ד"ר צבי וואיסלאָווסקי. אברהם ראַווידאָוויטש דערציילט, אַז ד"ר וואיסלאָווסקי פלעגט צורייצן די גראַיעווער קינדער זיך צו באַשעפטיקן מיט זאַמלען געלט פאַרן קרן קימת און ער האָט זיי אויפגעקלערט ווי בייצוקומען די שוועריקייטן, וואָס איז זיי אויסגעקומען אויסצושטיין ביי דער אומדאַנקבאַרער אַרבעט. אָבער דאָס איז נישט געווען ד"ר וואיסלאָווסקיס איינציקע און וויכטיקסטע אַרבעטס־פעלד. אין יאָר 1907 האָט ער זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן „דאָס אידישע פאָלק", דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. שפּעטער האָט ער פיל געווירקט ביים פאַרשפּרייטן אין גראַיעווע די העברעאישע פּרעסע און ליטעראַטור. ער איז אויך געווען דער גרינדער פון דער ערשטער ציוניסטישער ביבליאָטעק אין גראַיעווע. אין יאָר 1911 איז ער געווען איינער פון די אַקטיווסטע גראַיעווער ציוניסטן. ער פלעגט צוזאַמען מיט הערשל קאַפּצאַווסקין אָרגאַניזירן די פאַרזאַמלונגען פון די גראַיעווער אַקטיווע ציוניסטן: רעמבעלינקער, פּאָמעראַנץ, פיינשטיין, ראַווידאָוויטש, רינקאָווסקי, די אלשוואַנגערס א. א. (די פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען ביי פיינשטיינען, ראַווידאָוויטש, רינקאָווסקי און בערל ראָזען אין יאַמשונס הויז).

ד"ר וואיסלאָווסקי איז אין יענער צייט געווען איינער פון די הויפּטרעדנער און האָט געהאַלטן פיל רעדעס אויף ציוניסטישע טעמעס. פון זייער גרויסער באַדייטונג זיינען געווען זיינע גייסטרייכע רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די יוגנטלעכע און דערוואַקסענע אין אידישער געשיכטע. אָט־די פאָרלעזונגען האָבן געוועקט אין גראַיעווער אידישער יוגנט ליבע צו דער

אידישער געשיכטע און ליטעראַטור און אַזוי אַרום האָבן זיי בייגעטראָגן צו פאַרמירן די ציוניסטישע וועלט־אַנשויאונג פון דער אידישער יוגנט אין גראַ־יעווע. צו יענער צייט איז שוין ד"ר וואיסלאַווסקי געווען איינער פון די פעאיקסטע שילער פון דעם פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער, וואָס האָט זיך דעמאָלט באַרימט געמאַכט מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און זיינע פאָרלעזונגען אין אידישער געשיכטע, אין אָדעס, וואָס איז געווען צו יענער צייט איינער פון די וויכטיקסטע צענטערס אין דער רענעסאַנס־באַוועגונג פון דער העברעאי־שער ליטעראַטור און קולטור.

## די ראָלע פון חדרים מתוקנים

אַ באַזונדער אָרט האָבן פאַרנומען די מאָדערנע חדרים, די אַזוי גערו־פענע „חדרים מתוקנים" פון כרמין, פיורקא, פּאָמעראַנץ און ליס, וואָס זיינען גלייך ביי זייער דערעפענונג (אומגעפער אין יאָר 1908) געווען גוט באַזוכט פון די קינדער פון גראַיעווער ציוניסטן. פּאָמעראַנץ און ליס פאַרנעמען זיך שוין נישט נאָר מיט אונטערריכטן העברעאיש, זיי פירן שוין אַ ברייטע און ענערגישע ציוניסטישע דערציאונג פון די גראַיעווער קינדער, וואָס האָבן באַזוכט זייער שולע. די גאָר יונגע קינדער פון דעמדאָזיקן חדר מתוקן פאַר־נעמען שוין, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, אַ שטעלונג אין פאַרשידענע ציו־



אַ גרופּע שילערינס פון דער העברעאישער תרבות־שולע.

ניסטישע פּראָבלעמען. אין דער צייט פון שפּראַכן־קאַמף אין ארץ־ישראל פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (דייטש אָדער העברעאיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך) ווערן די קינדער פון דעם חדר מתוקן פון פּאַמעראַנץ־ליס אריינגע־פירט אין קאַמף און זיי שטעלן זיך ענערגיש אויף דער זייט פון די, וואָס האָבן דערקלערט אַ שטרייק אַלס פּראָטעסט קעגן דעם פאַרזוך איינצופירן דייטש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך אַנשטאָט העברעאיש. און אפשר אַדאַנק דער דאָזיקער שטעלונג פון די קינדער אָרגאַניזירן זיך די עלטערן און שיקן אַ געלט־אונטערשטיצונג פאַר די שטרייקנדיקע. און כאָטש דאָס איבערשיקן פון געלט פון רוסלאַנד קיין ארץ־ישראל איז אין יענער צייט געווען זייער אַ שווערע און קאָמפּליצירטע זאַך, דאָך האָבן די גראַיעווער ציוניסטן געפונען אַ וועג ווי דאָס געלט איבערצושיקן דורך לאָנדאָן קיין ארץ־ישראל.

די חדרים מתוקנים האָבן געשאַפן אַ ציוניסטישע אַטמאָספער אין דער גאַנצער שטאָט, האָבן געוועקט ליבע צו דער העברעאישער שפּראַך און האָבן זייער פיל בייגעטראָגן זי צו פאַרשפּרייטן אין די ברייטערע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. דריי יאָר נאָך דער גרינדונג פון די חדרים מתוקנים איז שוין געווען אין גראַיעווע, לויט דעם באַריכט פון ד״ר וואַיסלאַווסקי, אַ גאַנץ גרויסע צאָל פון אידישע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן גוט פאַר־שטאַנען העברעאיש. און ווי עס באַריכטן פיל גראַיעווער ציוניסטן, וואָס לעבן היינט אין ארץ־ישראל, האָט די גראַיעווער יוגנט מיט פרייד און התפעלות זיך צוגעהערט צו די העברעאישע שיינע פאַרלעזונגען פון ד״ר וואיסלאַווסקי (דעמאָלט האָט ער נאָך געהייסן הערש־לייב), וואָס האָט שוין אויך אין יענער צייט גערעדט אַ רייכן און ליטעראַרישן העברעאיש. און די גראַיעווער ציוניסטן זיינען געווען גרויסע מבינים אין דער פראַגע, ווייל זייער פיל פון זיי האָבן אַליין געשריבן זייער אַ שיינעם, רייכן און זאַפטיקן העברע־איש. פון דעם קאָן מען זיך איבערצייגן ווען מען לייענט די גרויסע געשרי־בענע פאַרלעזונג, וואָס האָט געהאַלטן אין איינעם פון די הערצל־יאָרצייטן דער, ליידער, אַזוי פרי פאַרשטאָרבענער פיין־דענקנדיקער און פיין־פילנדיקער מרדכי רעמבעלינקער, וואָס איז געווען אַן אמתער אַריסטאָקראַט פון גייסט לויט זיין באַנעמען, זיטן און רעדן.

צו דער ריי וויכטיקער דערציערישער אַרבעט, וואָס די גראַיעווער ציו־ניסטן האָבן אויסגעפירט פאַר דער יוגנט און מיט דער הילף פון דער יוגנט געהערט אויך די גרינדונג פון דער גראַיעווער ביבליאָטעק אין יאָר 1912. גלייך נאָכדעם ווי עס איז אָנגעקומען די דערלויבעניש צו עפענען די ביבליאָ־טעק אויף דעם נאָמען פון דער געזעלשאַפט „חובבי שפת עבר" זיינען צוגע־טרעטן לייזער זילבערשטיין, יצחק גערשטאַנסקי און פּאַמעראַנץ צו דער גרינ־דונגס־אַרבעט. ס'איז איינגעקויפט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע צאָל ביכער אין העברעאיש, אידיש און רוסיש און מען האָט אויפגעמאַכט די ביבליאָטעק אין אַ

הויז אין דעם רבס געסל. די ביבליאָטעקאַרין איז געווען די טאָכטער פון ראַפּאַלאָוויטש דעם סופר. כדי צו פאַרשטאַרקן די עקזיסטענץ־באַזיס פון דעם נייעם אָנשטאַלט האָבן די גרינדער גלייך אין ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ איינגעאָרדנט אַ ספּעקטאַקל און האָבן אויפגעפירט „קיניג ליר" (די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונג אין גראַיעווע). די אָנטיילנעמער זיינען געווען: מרדכי רעמבעלינקער, לייזער זילבערשטיין, יצחק גערשטאַנסקי, אַלטע ראַבידאָוויטש (מרחביה) א. א.

## קאָנפליקטן מיט רבנים און פאַנאַטיקער

אין אָנהויב פון דעם 20־טן יאָרהונדערט איז די ציוניסטישע באַוועגונג אין גראַיעווע שוין געווען ענג פאַרבונדן מיט דער אַלוועלטלעכער ציוניסטי־שער באַוועגונג. די גראַיעווער ציוניסטן שיקן שוין זייערע פאַרשטייער צו לאַנד־קאָנפערענצן און צום קאָנגרעס. צו דער קאָנפערענץ אין מינסק (1902), באַשטימען די גראַיעווער ציוניסטן אלימלך פּאָמעראַנץ אַלס זייער פאַרשטייער, כדי פאָרצושלאָגן דעם זייער וויכטיקן פּלאַן וועגן פירן די קולטור־אַרבעט אין צוויי ריכטונגען: צווישן די פרומע און נישט־פרומע ציוניסטן. פּאָמעראַנץ איז צו דער קאָנפערענץ נישט געפאָרן, ווייל ער איז קראַנק געוואָרן און דעם מאַנדאַט האָט מען איבערגעגעבן דעם הער רוצקי פון גאַניאָנדז, וואָס האָט אויך פאָרטראָטן גראַיעווע און האָט געבראַכט דעם דערמאָנטן פאָרשלאָג, (באַ־קאַנט אַלס אוסישקינס פּלאַן).

אין יאָר 1903 פאָרט ח. י. ראַווידאָוויטש אַלס דעלעגאַט צום 6־טן ציו־ניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל און צוזאַמען מיט די „ציוני ציון" שטימט ער קעגן דעם אוגאַנדאַ־פּלאַן פון ד"ר הערצל.

ווי פּאָמעראַנץ דערציילט אין זיין אַרטיקל איבער ראַווידאָוויטש אין „הארץ", וואַרפן זיך אַריין די גראַיעווער ציוניסטן אונטער דער לייטונג פון ראַווידאָוויטש אין אַ שווערן און פאַרביטערטן קאַמף קעגן די אַנטי־ציוניס־טישע פאַנאַטיקער און רבנים, וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם קאָוו־נער רב און דעם רב עקיבא ראַבינאָוויטש, דעם אַרויסגעבער פון פאַנאַטישן און רעאַקציאָנערן אָרגאַן „הפלס". דורך דעם אויפדעקן פון די פינצטערע און פאַנאַטישע פּלענער פון דער גרופּע גייען אַרויס די גראַיעווער ציוניסטן זיג־רייך פון זייער קאַמף, און גראַיעווע פאַרשאַפט זיך אַ נאָמען פון „אַ ציוניס־טישער פעסטונג".

דערדאָזיקער און אַנדערע נצחונות, לאָקאַלע און אַלגעמיינע, דערמוטיקן נאָך מער די גראַיעווער ציוניסטן און פון גראַיעווע גייען שוין אַרויס פון צייט צו צייט שליחים אין די אַרומיקע שטעט כדי זיי צו דעראָבערן פאַרן ציו־ניסטישן געדאַנק.

אַזוי האָבן די גראַיעווער ציוניסטן אומדערמידלעך און מיט דערפאָלג געאַרבעט אויף אַלע געביטן: פּראָפּאַגאַנדע, שקלים, קרן־קימת, דערציאונגס־ און קולטור־אַרבעט ביז דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה (1914), ממש ביז דער לעצטער מינוט (נאָר צוויי טעג פאַר דעם אויסברוך פון דער מלחמה, ווען די שפּאַנונג איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט, ווען אין דער לופט האָט מען שוין גוט געשפּירט דעם ריח פון פולווער און פיל מענטשן אין גראַיעווע האָבן זיך שוין געפּאַקט און אַנדערע זיינען שוין געווען אַפילו אָפּגעפאָרן פון שטאָט — און אין אָט דער שפּאַנענדיקער אַטמאָספער איז געזעסן פאַמעראַנץ אין מאַגאַזין פון ראַווידאָוויטש אין פּראָסטקען און האָט געאָרדנט די תלושים פון די שקלים און האָט זיי אָפּגעשיקט אין קעלן).

## אין די שווערע מלחמה־יאָרן

עטלעכע שווערע יאָר לעבן איבער די גראַיעווער ציוניסטן, יאָרן פון אויפגעצוואונגענער טאַטלאָזיקייט און אומגעדולדיקן אויסקוקן און אָפּוואַרטן אויף דעם סוף פון דער מלחמה, יאָרן פון שווערער זאָרג איבער דעם גורל פון אידישן פאָלק און ארץ־ישראל. ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאָנען



פאַרוואַלטונג פון ביבליאָטעק

פון רעכטס צו לינקס, אויבערשטע רייע: יוסף קרני, חוה שטראַוסבערג, מאַרקוס, רחל פיורקאָ, לאַדעלסקי, יצחק פיורקאָ; אונטערשטע רייע: חאַנאָווסקי, זלמן סוטקער, אידאָ שטראַוסבערג, ישכר קאָפּטשאָווסקי, לייבל זיבערסקי, מאיר וואַקס.

פאָלגנדיקן פאַקט (פון אַרטיקל פון פּאַמעראַנץ): ווען ס'איז אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק די ידיעה אַז ד"ר יעקב ראַווידאָוויטש (אַמעריקע) איז אַריינגע־טראָטן אין דער אידישער אָפּטיילונג פון דער ענגלישער אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט קעגן טערקיי אויף דעם פראָנט פון גאַליפּאָלי, איז געקומען צו ח. י. ראַווידאָוויטש איינער פון די גראַיעווער סוחרים, וואָס האָט זיך פאַרשאַפט אַ נאָמען אַלס ספּעקולאַנט, וואָס האָט ספּעקולירט אויף די נויט פון די הונגעריקע פאָלקס־מאַסן און האָט געזאָגט מיט בייסנדיקער איראָניע צו דעם פאַרזאָרגטן פאָטער: „איז דאָס טאַקע אמת, הער ראַווידאָוויטש, אַז אייער זון איז געגאַנ־גען מקבל־פּנים זיין דעם משיח?" *) אויף דעם האָט אים געענטפערט ח. י. ראַווידאָוויטש: „צי מיין זון וועט ברענגען דעם משיח, קען איך אייך נישט זאָגן, אָבער אַז ער וועט נישט ברענגען קיין הונגער־נויט אויף די אידישע פאָלקס־מאַסן, ווי געוויסע אידישע סוחרים־ספּעקולאַנטן — דאָס איז מיר גאַנץ קלאָר". און ראַווידאָוויטש האָט צוגעגעבן: „ווען ענגלאַנד וואָלט געענדערט איר מיינונג און וואָלט געשיקט די אידישע סאָלדאַטן אויף דעם ארץ־ישראל־פראָנט, וואָלט איך אויך געשיקט מיין זון שמעון" (דער הייניקער ד"ר שמעון ראַווידאָוויטש, פּראָפעסאָר אין דער אוניווערזיטעט פון שיקאַגאָ).

אין זומער 1915 האָבן די דייטשן איינגענומען ביאַליסטאָק און אַ האַלב יאָר שפּעטער הויבן זיך אָן צוריקצוקערן די אידישע משפחות וואָס האָבן פאַרלאָזן זייער ליב שטעטל אין 1914. צווישן דער גראַיעווער יוגנט הויבט זיך אָן אַ לעבהאַפטיקע און ענערגישע טעטיקייט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זייער אידעאַל, מיט וועלכן זיי זיינען אויסגעוואַקסן, וואָס האָט אויסגעגלייכט די קרומע אידישע פּלייצעס, וואָס האָט זיי געמאַכט פרייע, שטאָלצע מענטשן און האָט זיי אָנגעפילט מיט זעלבסטאַכטונג צו זיך אַליין און ליבע צום אידישן פאָלק, צו זיין געשיכטע און זיינע גרויסע קולטורעלע ווערטן.

## נייע יוגנט — נייע קולטור־כוחות

אין ציוניסטישן לעבן פון גראַיעווע דערשיינען נייע, יונגע כוחות, יוגנט־לעכע אין עלטער פון 17־20 יאָר. זיי וואַרפן זיך אַריין אין דער אַרבעט מיט יוגנטלעכער התלהבות, מיט ענערגיע און עקשנות און מיט זייער ענטוזיאַס־טישער טעטיקייט ציען זיי צו דעם גרעסטן טייל פון דער אידישער יוגנט.

גלייך נאָך זייער צוריקקער פאַרזאַמלען זיי זיך כדי צו רעאָרגאַניזירן די ציוניסטישע אַרבעט אין גראַיעווע. די אַקטיווסטע צווישן זיי זיינען געווען יוסף קרני (ירושלים), ישעיהו אַבראַמסקי, ישראל אַבראַמסקי (תל־אָביב), שלום כאַנאַווסקי און דבורה כאַנאַווסקי (תל־אָביב), משה כאַנאַווסקי (רמת גן),

*) אין דער פעסטונג פון גאַליפּאָלי האָט די טערקישע מאַכט אומגעפער 250 יאָר צוריק געהאַט אַרעסטירט שבתי צבי, וואָס האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אַלס פאַלשער משיח.

ברוך כאַנאָווסקי, עטקע כאַנאָווסקי, רחל פיורקאָ (תל־אָביב), מערקע כאַנאָוו־סקי, פייגל ווילענסקי (שוועדן), ברוסטין, שלמה ראדאם (תל־אָביב), די טעכ־טער פון דער פאַמיליע ליפשיץ, מנשה פורמאַן (געשטאָרבן אין תל־אָביב), שאַלאַכמאַן, יצחק פיורקא (ירושלים), הערשל טענענבוים. אַ קורצע צייט האָבן דעמאָלט מיטגעווירקט מיט זיי: ישׂשכר קאפּטשאָווסקי, לייבל זיבערסקי און די שוועסטערס שטרויסבערג. שפּעטער האָבן זיך אָן די יוגנט אָנגעשלאָסן: פּאָמעראַנץ, רעמבעלינקער, אליעזר זילבערשטיין, פיינשטיין, גווירצמאַן (וואָס האָט ממש פאַרשווענדעריש געגעבן פון זיין פאַרמעגן פאַר ציוניסטישע צוועקן). די פרומערע אַקטיווע ציוניסטן, ווי: לייבל כץ, (געשטאָרבן אין ארץ־ישׂראל), בער־וועלוול כאַנאָווסקי, חיים טוביה כאַנאָווסקי (געשטאָרבן אין תל־אָביב), חנוך רייכעלסאָהן (געשטאָרבן אין חיפה), מרדכי אַבראַמסקי (געשטאָרבן אין תל־אָביב), טוטעלמאַן, מאַרקוס א. א. האָבן זיך דעמאָלט אָנגעשלאָסן אָן „מזרחי".

די יוגנטלעכע ציוניסטן דינגען אַ זאַל אין יאַמשונס הויז און הויבן אָן אויסצופירן פּלאַנמעסיק און פלייסיק איין אַרבעט נאָך דער אַנדערער. ערשטנס הויבן זיי אָן ווערבירן נייע חברים פאַר דער גראַיעווער ציוניסטישער פאַר־איינינקונג, וואָס האָט געהייסן „אגודת בני־ציון". נאָך אַ ענערגישער פּראָ־



**אַ גרופּע ציוניסטישע טוער נאָך אַ „קרן־קימת" אַקציע**

שטייען, פון רעכטס: שלום חאנאָווסקי, קאַרניעצקי (קרני), עטקע חאנאָווסקי, ישעיהו אַבראַמסקי, ברוך חאַנאָווסקי, קאַטשאַלסקי.

זיצן, פון רעכטס: איטקע הלל׳ס, מנוחהקע, לייבל לאדעלסקי, מלכה חאנאָווסקי.

פּאַגאַנדע פון הויז צו הויז געלינגט זיי צו ווערבירן נייע 100 חברים און חברות. אַלס פּאַרזיצער ווערט אויסגעקליבן א. פּאַמעראַנץ, יוסף קרני, וויצע־פּאַרזיצער; יחזקאל פּאַפּאַווסקי (ער האָט געשריבן אַ הערלעכן העברעאיש און מיט אַ זעלטן שיינער האַנטשריפט) — אַלס סעקרעטאַר; ישעיהו אַבראַמסקי — קאַסירער און מרדכי רעמבעלינקער אַלס מורשה פון קרן קימת. ווען רעמבעלינקער איז שווער קראַנק געוואָרן אין יאָר 1921 איז געוואָרן דער מורשה אַבראַמסקי, וועלכער האָט אַנטוויקלט אַן ענערגישע טעטיקייט ביז ער איז עולה געווען אין ארץ־ישראל אין יאָר 1926 און נאָך אים נעמט איבער די שווערע אויפגאַבע הערשל גערשטאַנסקי (תל־אָביב), וואָס פירט אויס די אַרבעט מיט דער זעלבער איבערגעבנקייט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה פון 1939.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַנטוויקלט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע־טעטיקייט און קולטור־אַרבעט, אָרדנט איין עפנטלעכע רעפעראַטן אויף ציוניסטישע און אַנדערע טעמעס און עפנטלעכע דיסקוסיע־אָוונטן, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך פאַרשטייער אויך פון אַנדערע פּאַרטייען, גראַיעווער אָדער פרעמדע. די ערשטע עפנטלעכע פּאַרלעזונג האָט, דוכט זיך, געהאַלטן דער הער מילייקאָווסקי, וואָס איז געשיקט געוואָרן דורך דער צענטראַלע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע.

דידאַזיקע עפנטלעכע דיסקוסיע־אָוונטן פלעגן זיך נישט איינמאָל פאַרענדיקן מיט געשרייען און אַפילו מיט שלעגערייען, אַזוי אַרום האָבן די דיסקוסיעס געבראַכט צו דער אויסקריסטאַליזירונג פון צוויי קעגנערישע לאַגערן — ציוניסטן און אַנטי־ציוניסטן.

אין דעם זעלבן זאַל זיינען אויך פאַרגעקומען פייערלעכע פאַרזאַמלונגען. איינע פון די פאַרזאַמלונגען איז געווען דער פייערלעכער אָוונט לכבוד דער באַלפור דעקלאַראַציע פון 2־טן נאָוועמבער, 1917. אין דעם טאָג ווען ס'איז אין גראַיעווע געפייערט געוואָרן די גרויסע געשעעניש, זיינען פאַרמאַכט געוואָרן אַלע קראָמען און די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרזאַמלט אין דער שול צו הערן די דרשות און רעדעס. נאָך דעם מאַסנמיטינג אין דער שול איז, אין אָוונט, פאַרגעקומען אַ רעפעראַט פון דעם הער פּיאַנטניצקי פון וואַרשע און דיסקוסיעס מיט דער באַטייליקונג פון אַ בונדיסטישן רעדנער.

אַ באַזונדער חן און קולטורעלן כאַראַקטער האָבן געהאַט די רעפעראַטן מיט די רעציטאַציעס, וואָס פלעגן אין יענער צייט איינאָרדענען יעדן שבת אַן ענגער קרייז פון געבילדעטע אידישע בחורים און מיידלעך, מיט דער באַטייליקונג פון עלטערן דור, ווי מרדכי רעמבעלינקער. אין דעם קרייז האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט: ישׂשכר קאַפּטשאַווסקי, לייבל זיבערסקי, רחל פּיורקאָ, די טעכטער פון שטרויסבערג, א. א. זיי פלעגן זיך פאַרזאַמלען, ווי זייערע פאָטערס אין בית־מדרש, אין די אָוונטן און שבתים, כדי צוזאַמען צו לייענען

און זיך פאַרטיפן אין פאַרשידענע ביכער און דיסקוטירן איבער זיי. אויך פלעגן זיי איינאָרדענען עפנטלעכע פאַרטראַגן מיט רעציטאַציעס אין דעם לייען־זאַל פון דער ביבליאָטעק. די הכנסות פון דעם דערמאָנטן קרייז פלעגן אָפּגעגעבן ווערן אויף איינצוקויפן נייע ביכער פאַר דער ביבליאָטעק.

אויסער דעם קרייז איז אין יאָר 1916 אַנטשטאַנען נאָך איין קרייז, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם זעלבסטשטודיום פון דער העברעאישער ליטעראַטור און הויפּטזעכלעך מיטן אַרויסגעבן אַ העברעאישע וואָכנבלאַט, וואָס פלעגט דערשיינען אין דעם פאַר־מאַט פון פּאַליאַ־בויגן, פאַרשריבן מיט אַ שיינער און ריינער האַנטשריפט און דעקאָרירט מיט צייכענונגען. דאָרטן האָט מען געקענט געפינען דערציילונגען פון לייבל גאָלדשטיין (איצט דער פּאָפּולערער העברעאישער שריפטשטעלער אריה אבן־זהב), סקיצן און הומאָרעסקעס פון גראַיעווער לעבן און אַקטועלע אַרטיקלען. די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער פון דעם וואָכנבלאַט זיינען געווען, לויט ווי איך געדענק: ל. גאָלדשטיין, אַדאַמשטיין, עמנואל קאַלקאַ, פּיזול שטרויסבערג און יחזקאל אביעדזינסקי. דער קרייז פלעגט אויך איינאָרדענען רעפעראַטן איבער דער העברעאישער ליטעראַטור. דער קרייז האָט געהייסן „אגודת הנוער". זיינע מיטגלידער האָבן זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן די העברעאישע שפּראַך און האָבן זיך באַטראַכט אַלס פּאַטריאָטן פון ארץ־ישראל און קעמפער פאַרן אידישן פאָלק.

דעם קרייז האָט יוסף קרני אָפּגעגעבן זייער פיל צייט און מי, ער האָט געזאָרגט פאַר זיין אַנטוויקלונג, האָט אים געגעבן לעקציעס און פלעגט פאַר־עפנטלעכן אין זיין וואָכנבלאַט אַרטיקלען און דערציילונגען.

## לעקציעס, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קורסן, פייערונגען

נאָכדעם ווי די יונגע ציוניסטן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין גראַיעווע, איז זייער ערשטע אַרבעט געווען צונויפצוזאַמלען די ביכער פון דער ביבליאָ־טעק, וואָס זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער צייט ווען דער גרעסטער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזן די שטאָט. די ביבליאָ־טעק מיטן לייען־זאַל איז געוואָרן דער וויכטיקסטער צענטער פאַר קולטור־אַרבעט פאַר דער גאַנצער שטאָט אָן אויסנאַם פון פּאַרטיי אָדער שיכט.

מען האָט אויך געגרינדעט אָוונט־קורסן, מיט אַ באַשרענקטן, אָבער סיס־טעמאַטיש דורכגעפירטן לער־פּראָגראַם: אידישע געשיכטע, העברעאישע לי־טעראַטור און תנ"ך. די לערער זיינען געווען: בזשאָזע, אלימלך פּאַמעראַנץ, יחזקאל פּאַפּאַווסקי און יוסף קרני. די לעקציעס פלעגן פאָרקומען אין דעם ציוניסטישן לאָקאַל, אין דעם הויז פון בערענזאָהן. עס האָבן געלערנט יוגנט־לעכע פון אַלע שיכטן און קלאַסן. פאַרמעגלעכע שילער האָבן געצאָלט אַ

מאַנאַטלעכן אָפּצאָל און די אומפּאַרמעגלעכע זיינען געווען פריי פון יעדן אָפּ־צאָל. די גראַיעווער יונגע ציוניסטן האָבן אויף פאַרשידענע וועגן געשאַפן אַ מין בילדונגס־פאָנד, וואָס האָט געדעקט די לערן־געלט פון די אומפאַר־פאַרמעגלעכע שילער. טעלעכע יאָר האָבן אָנגעהאַלטן דידאַזיקע קורסן. אין אָוונט פלעגט מען טרעפן אין די גראַיעווער גאַסן 15־16 יאָריקע בחורים און מיידלעך, איילן זיך מיט די העברעאישע ביכער און העפטן צו די לעקציעס אין ציוניסטישן לאָקאַל. נאָך די לעקציעס פלעגן זיך פירן ביז שפּעט אין אָוונט הילכיקע דיסקוסיעס צווישן די שילער.

אַרום די אָוונט־קורסן הויבט זיך אויך אָן צו אַנטוויקלען אַ טעטיקייט, וואָס איז געווען באַשטימט פאַרן ברייטערן עולם, ווי די אינטערעסאַנטע רע־פעראַטן פון דעם לערער בזשאָזע און לייבל גאָלדשטיין און טעאַטער־פאָרשטע־לונגען, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך אויסער די קורסיסטן און קרעפטן פון די יונגע ציוניסטן אויך אַנדערע, נישט קיין ציוניסטן, ווי צ. ב. זלמן סוטקער און אַנדערע.

צוויי וויכטיקע צילן זיינען דערגרייכט געוואָרן דורך דידאַזיקע טעאַ־טער־פאָרשטעלונגען: זיי האָבן געדינט אַלס אויסגעצייכנטע פּראָפּאַגאַנדע פאַרן ציוניזם און האָבן אויך אַריינגעבראַכט באַדייטנדיקע סומעס, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר דער ביבליאָטעק און דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. יעדן יום־טוב און געדענק־טאָג אין דער אידישער געשיכטע אָדער אין ציוניזם פלעגן פאָרקומען טעאַטער־פאָרשטעלונגען אָדער רעציטאַציע־און דעקלאַמאַציע־אָוונטן און דורך דעם איז אין גראַיעווע געשאַפן געוואָרן אַן אַטמאָספער פון אידישער קולטור. דעם גרויסן סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן ווערט פון דידאַזיקע פאַראַנשטאַלטונגען פון די יונגע ציוניסטן קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן. גראַיעווער אידן באַגנוגענען זיך שוין נישט בלויז מיט דאַווענען, לערנען תורה און שלאָפן שבת נאָכמיטיק. עס אַנטוויקלט זיך אַ נייע באַדערפעניש זיך צוזאַמען צוטרעפן, צוזאַמען צו געניסן פון קולטור, פון קונסט און ליטעראַטור, אָן אַז ווען עס פאַרגייט אַ שבת אָדער אַ יום־טוב און עס „קומט גאָרנישט פאָר" — ווי מען פלעגט זיך דעמאָלט אויסדריקן אין גראַ־יעווע — פילט זיך דער יחיד ווי דער כלל, אַז ער האָט פאַרלאָרן עפּעס אַ וויכטיקע און אָנגענעמע זאַך. אַפילו די פרומע אידן קענען זיך שוין נישט מער באַפרידיקן מיט דער אַרט פון פאַרברענגען שבתים און ימים־טובים ווי אין די אַמאָליקע יאָרן.

נאָכדעם ווי עס האָט זיך אָרגאַניזירט אין גראַיעווע דער „מזרחי", פאַר־גייט נישט קיין שבת אָדער יום־טוב, אין וועלכע דער עלטערער דור אין גראַיעווע איילט זיך נישט אין שול אָדער אין אַלטן בית־מדרש צו הערן די דרשות פון הרב עמיאל, וואָס זיינען שטענדיק געווען גייסטרייך אין אינהאַלט און הערלעך אין זייער פאָרם און סטיל. און ווי די דרשות פון

הרב עמיאל, אַזוי האָבן אויך צוגעצויגן דעם גראַיעווער עולם די שיינע באַ־גייסטערטע ציוניסטישע רעדעס פון יאָסל זיידענבערג אין די שטיבלעך און בתי־מדרשים. פון צייט צו צייט פלעגט אויך קומען אַ פרעמדער ציוניסטי־שער דרשן, וועמענס דרשה פלעגט פאַרזאַמלען אַ גרויסן עולם אויך אין די וואָכנטעג. אַדאַנק דער פאַרשטאַרקטער טעטיקייט פון די גראַיעווער יונגע ציוניסטן און פון עלטערן דור איז גראַיעווע געוואָרן אַ ציוניסטישע שטאָט אין פולן זין פון וואָרט. פון דעם האָט זיך געקענט איבערצייגן יעדערער, וואָס האָט געלעבט אין גראַיעווע אין די טעג פון סאַן־רעמאָ (אַפּריל, 1920) און גרינדונג פון קרן־היסוד (יולי, 1920).

אין דער פייערונג פון סאַן־רעמאָ, וואָס איז אויסגעפאַלן ל״ג בעומר, זיינען געשלאָסן געוואָרן אַלע געשעפטן (אַפילו די פוילישע), די שול־קינדער און פון „השומר הצעיר" זיינען געגאַנגען מיט נאַציאָנאַלע פענער אין דער שול, באַגלייט פון דעם גרעסטן טייל פון דער גראַיעווער אידישער באַפעל־קערונג. אין דער שול, האָט דער רב עמיאל געהאַלטן אַ רעדע און נאָכדעם האָט יוסף קרני אין נאָמען פון דער גראַיעווער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויסגעדריקט אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן דער אַרעסטירונג פון זשאַבאָטינסקי אין ארץ־ישראל. און ערשט ווען די קינדער און דער עלטערער עולם זיינען אַרויס פון דער שול, איז ספּאָנטאַן אַנטשטאַנען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, וואָס איז אַוועק מיט געזאַנג פון העברעאישע לידער אין באָגושער וואַלד. אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונג אין ציוניסטישן לאָקאַל, וואו עס האָבן געהאַלטן זייערע רעדעס פּאָמעראַנץ, רעמבעלינקער, יוסף זיידענבערג און יוסף קרני.

און אין טאָג פון קרן־היסוד איז פאָרגעקומען אין דער שול נאָך די רעדעס און שפּעטער אין די הייזער דאָס וואָס ווערט אין חומש „שמות" באַצייכנט מיט דעם וואָרט „ויתפרקו". און ניט נאָר די רייכע אָדער פאַרמעגלעכע גראַיעווער אידן, נאָר אויך גאַנץ אומפאַרמעגלעכע, האָרעפּאַשנע אַרבעטער און בעלי־מלאכות האָבן געגעבן מיט פרייד וויפיל זיי האָבן נאָר געקענט.

אין דעמזעלבן יאָר ווערן אויך די פאַנאַטישע קעגנער פון ציוניזם, די חסידים, מיטגעריסן און אויב זיי באַווייזן דאָס נישט דורך זייער אַנשלוס אַלס חברים, מאַניפעסטירן זיי זייער סימפּאַטיע צום ציוניזם דורך געבן געלט פאַר די ציוניסטישע פאָנדן. יוסף קרני דערציילט, אַז איין ערב יום־טוב האָט ער פאָרגעשלאָגן מען זאָל גיין זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל אויך אין דעם חסידים־שטיבל. מען האָט אים אויסגעלאַכט, ווייל קיינער פון די גראַיעווער ציוניסטן האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז צווישן די חסידים וועלן זיך געפינען אידן וואָס וועלן געבן געלט פאַר ארץ־ישראל, איז ער אַליין אַוועקגעגאַנגען און צו דער דערשטוינונג פון די גראַיעווער ציוניסטן האָט ער

פון דער חסידים־שטיבל געבראַכט צוויי מאָל אַ גרעסערע סומע ווי די וואָס מען האָט געזאַמלט אין אַנדערע בתי־מדרשים אָדער מנינים.

## דער „שומר הצעיר" און דער „חלוץ"

מיט דער גרינדונג פון „השומר הצעיר", זיינען געוואָרן ציוניסטיש נישט נאָר די גרעסטע טייל פון דער יוגנט, נאָר אויך די קינדער. די לייטונג פון „השומר הצעיר" איז געווען אַ צוויאיקע: די יונגע אינסטרוקטאָרן, ווי לייבל און ישראל וואַקס (תל־אָביב), יחזקאל רינקאָווסקי, דער באַגייסטערטער רעד־נער מיט דער שיינער דיכטערישער שפּראַך, דער טאַלאַנטפולער בינע־מענטש, דער קלוגער און גוטער חבר כאַצקעלע, ישראל ראַדאָם (תל־אָביב), מרדכי מאַסענזניק א. א. און דער פּאַטראָנאַט, וואָס איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון ציוניסטן, ווי לייזער און מאָניאַק זילבערשטיין, אָבער אויך פון נישט־ציוניסטן, ווי זלמן סוטקער, וואָס האָט אָפּגעגעבן זייער פיל מי און אָנשטרענגונגען פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

די וויכטיקייט פון דעם פּאַטראָנאַט פאַר דער אַנטוויקלונג פון „השומר הצעיר" אין גראַיעווע איז געווען אומגעהויער גרויס. אַדאַנק אים האָט דער „השומר הצעיר" געוועקט דעם צוטרוי פון די אידישע טאַטעס און מאַמעס פון יענער צייט און זיי האָבן רואיק צוגעשטימט צו דעם, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך איינשרייבן אין דער באַוועגונג. די אָרגאַניזאַציע איז געוואַקסן פון



אַ גרופּע פון „השומר הצעיר"

רחל שידלאָ, טעוועל גאָרציצקי, רחל ראָזענבוים, יחזקאל קיינון, צבי קירשענבאום, הערשל ביאַלאָסטאָצקי, יונה דאַנאָווסקי, גרשון פּאָמעראַנץ, חנה גראַטשטיין, שבתי יאַקובינסקי, ישראל נאָוואָלסקי.

טאָג צו טאָג און פאַרשטאַרקט איר טעטיקייט צווישן און פאַר דער יוגנט (העברעאישע קורסן, רעפעראַטן אויף ציוניסטישע און אַלגעמיינע טעמעס און אויספלוגן), ווי אויך אויף אַלע געביטן פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער טעטיקייט אין גראַיעווע. דורך איר כאָר, (אונטער דער לייטונג פון זלמן סוטקער), דורך אירע ספּאָרט אַקטיוויטעטן, דורך איר אָנטייל בכלל פלעגט זי באַרייכערן און פאַרשענערן יעדע ציוניסטישע פייערלעכקייט.

אין די שפּעטערע יאָרן, נאָך דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער באַוועגונג, זיינען געווען זייער אַקטיוו יצחק גערשטאַנסקי (דער זון פון משה), אהרן קראַוצינסקי (יגור), זישקע גאָרטשיצקי (ניו־יאָרק), פּלטיאל פּאָסטערנאַק (דרום־אַמעריקע), ישראל קירשענבוים (חיפה) א. א. זיי פירן אָן מיט דער אַרבעט אין „השומר הצעיר" כמעט ביז צום לעצטן יאָר פאַר דעם אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (1939).

מיט דעם „השומר הצעיר" זיינען מיר שוין אייגנטלעך אַריינגעגאַנגען אין אַ שפּעטערע תקופה אין דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גראַיעווע. מיר מוזן זיך אָבער צוריקקערן צום יאָר 1917 און געבן אַ איבערבליק אויף אַן אַנדער דערשיינונג אין דער ציוניסטישער גראַיעווע, אויף אַ באַוועגונג אין ציוניזם, וואָס האָט זיך שוין נישט באַשרענקט מיט זאַמלען געלט כדי צו שיקן אַנדערע אין ארץ־ישראל, אַ באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צוצוגרייטן אירע מיטגלידער גייסטיק און קערפּערלעך פאַר זייער עליה אין ארץ־ישראל, דאָס איז די „החלוץ"־באַוועגונג אין גראַיעווע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1917. און זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז די „החלוץ"־באַוועגונג אין גראַיעווע איז אַנטשטאַנען גאַנץ אומאָפּ־הענגיק און אָן איינפלוס פון דער אַלגעמיינער „החלוץ"־באַוועגונג, וואָס איז



דער „השומר הצעיר" אויף אַן אויספלוג אין גאָניאָנדז, אין 1928.

געגרינדעט געוואָרן דורך יוסף טרומפעלדאָר אין רוסלאַנד נאָך דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע פון 1917 און וועלכע האָט זיך פאַרשפרייט אין פאַרשידענע שטעט פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן ערשט נאָך דער ערשטער „החלוץ"־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין כאַרקאָוו אין יאָר 1918. אין יאָר 1917 איז נישט געווען, און האָט נישט געקענט זיין, קיין פאַרבינדונג צווישן די אָקופירטע געגנטן פון פוילן און רוסלאַנד.

די געשיכטע פון „החלוץ" אין גראַיעווע איז פאָלגנדיקע: אין זומער 1917 האָבן די קריסטלעכע פויערים פון די אַרומיקע דערפער אויפגעהערט צו פאַרקויפן די אידן זייערע פראָדוקטן. זייער לאָזונג איז געווען: „זשידזי דאָ פּאַלעסטיני". דיווירטשאַפטלעכע נויט פון דער אידישער באַפעלקע־רונג איז דעמאָלט געווען אומגעהויער גרויס. מילך, פּוטער, אייער, פלייש



אַ גרופּע חלוצים אין 1926.

א. א. וו. איז דעמאָלט געווען אוממעגלעך צו באַקומען. דער מאַנגל אין די פּראָדוקטן האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט דורך דעם, וואָס די דייטשישע מיליטער־מאַכט פלעגט קאָנפיסקירן יעדעס לעבנסמיטל ביי די פויערים. דעמאָלט האָט יעדער פאַרמעגלעכער איד זיך געקויפט אַ קו און עופות און דער ווייניק פאַרמעגלעכער — אַ ציג.

כדי צו לינדערן די שווערע נויט פון די פאָלקס־מאַסן איז אין גראַיעווע אַנטשטאַנען אַ פאָלקס־קיך, פאַר וועלכער עס האָבן זייער פיל געלייסטעט: דער רב עמיאל און זיין פרוי, עמצי פיורקאָ, די טאָכטער פון מיכל ווילענסקי,

חיים־טוביה כאַנאַווסקי א. א. דאַן האָבן זיך דערמאָנט גראַיעווער אידן, אַז זיי האָבן פעלד („דזיאַלקעס"), וואָס עס וואָלט געווען כדאי צו באַאַרבעטן. ווייניקע פון זיי האָבן טאַקע אָנגעהויבן דערמיט, ווי צ. ב. נחמיה בוקאווסקי (תל־אָביב), כאַנאַווסקי, אַבראַמסקי און לעוויט. אָבער אויב אייניקע פון די גראַיעווער עלטערע ציוניסטן און אַנדערע האָבן אין באַאַרבעטן פון זייערע פעלדער געזען אַ געוויסע לייזונג פון דער שווערער ווירטשאַפטלעכער לאַגע, האָבן זיך אין דער צייט צוזאַמענגעקליבן אַ הייפל יונגע 18־19 יאָריקע ציוניסטן: שלמה ראַדאַם (תל־אָביב), מאיר ביאַלאָסטאָצקי (תל־אָביב), עזריאל לאַדעלסקי (כפר עטה), משה כאַנאַווסקי (רמת גן) און ראַסטיגאַלסקי און האָבן באַשלאָסן צו לערנען לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט און פאָרן קיין ארץ־ישראל. אָן מאַטעריעלע הילף און אָפילו אָן מאָראַלישער אונטערשטיצונג, זיינען זיי צוגעטרעטן אויסצופירן זייער פּלאַן מיט די אייגענע כוחות (דער איינציקער גראַיעווער איד, וואָס האָט זיך גלייך באַגייסטערט פון דעם פּלאַן און האָט די יונגע אידעאַליסטן געקרעפטיקט און דערמוטיקט מיט זיינע ווערטער, איז געווען ישראל־יעקב גרודזעמינסקי דער איינבינדער, ער איז אויך געווען דער ערשטער גראַיעווער איד, וואָס איז אַווק נאָך דער מלחמה אין ארץ־ישראל). זיי האָבן צוגעצויגן נאָך עטלעכע יוגנטלעכע און פון דעם הייפל איז געוואָרן אַ גרופּע פון 14 מיטגלידער, צווישן זיי די טאָכטער פון דעם סופר (אַ אידישע מיידל אין יענער צייט און אין יענער בעלי־בתישער גראַיעווע זאָל זיך פאַרשרייבן אין „החלוץ", כדי צו לערנען לאַנדווירטשאַפט און פאָרן קיין ארץ־ישראל — איז געווים געווען אַן אייגנאַרטיקע און אָפילו רעוואָלוציאָנערע דערשיינונג). זיי האָבן זיך איינגעשאַפט אַ פערד — ווער געדענקט נישט דעם ווייסן פערד פון די חלוצים? — אַ וואָגן, עטלעכע ווידלעס און לאָפּאַטעס, זיי האָבן געדונגען ביי נתן זילבערמאַן אַ סטאַיניע; איין גאָרטן



„השומר־הצעיר" אויף אַן אויספלוג אין 1932.

האָבן זיי געדונגען לעבן מאסיענזניק (באַן־גאַס), אַ צווייטן — אין באָגושער גאַס, לעבן ווײַנשטיין און עטוואָס שפּעטער אַ שטיק פעלד פון 10 מאָרג לעבן דער גנאַציאַרניע. דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן פירן מיסט אויף די פעלדער (מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס ס'האָט זיך געטאָן אין גראַיעווע יעדעס מאָל ווען זיי זײַנען אַדורכגעפאָרן מיט די מיסט דורך די גאַסן פון דעם שטעטל) און זיי האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן, שווער און אָן דערפאַרונג, אָבער מיט יוגנטלעכער עקשנות.

מרדכי אַבראַמסקי פלעגט זיי געבן זײַנע פערד צו פירן די מיסט און נחמיה בוקאָווסקי האָט זיי געגעבן די וויכטיקסטע אינסטרוקציעס ווי צו באַאַרבעטן די פעלדער. די איראָנישע שטעכווערטלעך מצד די אַנטי־ציוניסטן האָבן באַלד אויפגעהערט, דער געדאַנק האָט געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט און עס האָבן אָנגעהויבן זיך מעלדן אַנדערע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן פאַרלאַנגט מען זאָל זיי אָננעמען אַלס חברים אין „החלוץ". אָבער אויך די אידישע מאַמעס זײַנען געקומען מיט געשריי און געוויין פאַרוואָס מען לייגט אַרויף אַזאַ שווערע און גראָבע אַרבעט אויף זייערע קינדער. און דעריבער האָט פון דעמאָלט אָן דער וועד פון „החלוץ" אָנגענומען אַלס מיטגליד נאָר דעם, וואָס האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, ד. ה. דעם וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן אַריינצושפּרינגען אין מיסט־קאַסטן און אַרויסוואַרפן פון אים די מיסט. דער קאַנדידאַט צום „החלוץ" האָט געזאָלט דערמיט באַווייזן, אַז ער וועט אין דער צוקונפט ביישטיין אויך אַנדערע פּראָבעס און שוועריקייטן.

## די „חרות ותחיה" און „החלוץ הצעיר"

עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָך דער שפּאַלטונג אין „השומר הצעיר", ווען די שײַנע יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז כמעט אויפגעלייזט געוואָרן, דערשיינט אַן אַנדער גרופּע פון יוגנטלעכע ציוניסטן, וואָס באַווייזן געוואוי אַזוי פיל איני־ציאַטיוו און ענערגיע ווי די גרינדער פון "החלוץ". דאָס איז געווען די יוגנט אָרגאַניזאַציע „חרות ותחיה" (כאָטש קיין חלוצישע אַרבעט אין זין פון „החלוץ" האָט די „חרות ותחיה" אָרגאַניזאַציע נישט געטאָן). די איני־טעליגענטן פון גראַיעווע, ווי אויך די עלטערע ציוניסטן, האָבן זיך כמעט נישט באַשעפטיקט מיט דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אָבער אין דער אָרגאַני־זאַציע זײַנען געווען אונטערנעמונגס־פעאיקע אינגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן פאַרשטאַנען ווי זיך אַליין צו העלפן. מיט זייערע אייגענע כוחות האָבן זיי איינגעאָרדנט רעפעראַטן איבער געשיכטע און ליטעראַטור, שפּעטער האָבן זיי צוגעצויגן די שטאָטישע לערער פון דער „תרבות"־שולע: שיקאַרע און קאַפּלאַן, וואָס האָבן פאַר געהאַלט געגעבן לעקציעס אין געשיכטע און קול־

טור־געשיכטע. זיי האָבן איבערגענומען די אידישע ביבליאָטעק און זי גע־בראַכט אין אָרדענונג. יעקב שאַצקי (תל־אָביב), דוד ביאַלאסטאָצקי (נתניה), שלמה בערענזאָהן, שלמה פרידמאַן, פרידמאַן דער זון פון „רוסישן" קרעמער א. אַ. זיינען געזעסן לאַנגע וואָכן און האָבן איינגעבונדן די ביכער, זיי נומע־רירט און איינגעשריבן זיי אין קאַטאַלאָגן, און אַז זיי האָבן געזען ווי אָרים די ביבליאָטעק איז אין ביכער, האָבן זיי דורכגעפירט, און ווי־דער מיט די אייגענע כוחות, עטלעכע טעאַטער פאָרשטעלונגען (גאָר־דינס אָדער גאָלדפאַדענס פּיעסעס) אין גראַיעווע און שטשוטשין. (די הויפּט אָנטיילנעמער זיינען געווען: רייזל ביאַלאסטאָצקי, נתניה, די פריד־מאַנס א. אַ.), און פאַר דער הכנסה האָבן זיי געקויפט יעדן חודש ביכער און האָבן באַרייכערט די ביבליאָטעק. מיטן דערשיינען פון די נייע ביכער זיינען דערשינען נייע לייענער, און ווידער איז די ביבליאָטעק געוואָרן אַ וויכטיקער קולטור־צענטער פאַר דער גאַנצער אידישער גראַיעווע.

אַ יאָר נאָך דער גרינדונג פון „חרות ותחיה", מיר שיינט, אין יאָר 1924, אַנטשטייט אין גראַיעווע די נייע „חלוץ"־באַוועגונג, „החלוץ הצעיר", אָן וועלכן עס האָבן שפּעטער זיך אָנגעשלאָסן די חברים פון דער אויפגעלייזטער „חרות ותחיה". אין אָנהויב פון איר עקזיסטענץ האָט די נייע חלוץ־אָרגאַניזאַציע אויפגענומען די אַלע פון דער גראַיעווער יוגנט, געוועזענע שילער פון דער „תרבות"־שולע, פון חדרים, לערן־אינגלעך פון בעלי־מלאכות, וואָס האָבן



אַ גרופּע חלוצים אויף אַ „קרן־קימת" אַקציע.

צוליב אידעאָלאָגישע סיבות אָדער אַנדערע נישט געהאַט געפונען קיין פּלאַץ אין „חרות ותחיה" אָדער אין „השומר הצעיר". די גרינדער פון דער נייער „החלוץ"־באַוועגונג אין גראַיעווע זיינען געווען: משה און אריה עלקאַן (תל־אָביב), חיים פרידמאַן, אברהם בערענזאָהן (דפנה), עמנואל בערמאַן (תל־אָביב), ישעיה סטאַווינסקי (עין חרוד), דוב מאַרושעווסקי (חיפה). ביי דער באַוועגונג איז באַשטאַנען אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון יוסף־חיים ברענער. די ביכער פאַר דער ביבליאָטעק זיינען, טיילווייז געזאַמלט געוואָרן און הויפּטזעכלעך איינגעקויפט געוואָרן פאַר די הכנסות, וואָס עס האָבן איינגעבראַכט פאַר־שידענע לאָטעריעס, אָונטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין גראַיעווע און אין די אַרומיקע שטעטלעך.

עס איז אויך געווען טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז און אַ ספּאָרט־קרייז, מיטן נאָמען „קראַפט", וואָס האָט אָפט געזיגט אין די מעטשן מיט פּוילישע ספּאָרט־קלובן. די חברים און חברות פון „החלוץ", ווי די פון „השומר הצעיר", פלעגן פאָרן אויף הכשרה און אַ גרויסער טייל פון די חברים זיינען היינט אין ארץ־ישראל. אין „החלוץ", ווי אין „השומר הצעיר", זיינען געווען קורסן צו לערנען העברעאיש, עס פלעגן פאָרקומען טאָג־טעגלעך געשפּרעכן און רעפעראַטן איבער אַלגעמיינע, אידישע און ציוניסטישע פּראָגעס, וועלכע עס פלעגן פירן די חברים פון „החלוץ" אָדער אַנדערע ציוניסטן אין שטאָט, ווי צ. ב. דוד ביאַלאסטאָצקי, אָדער רעדנער, וואָס פלעגן קומען פון אַנדערע שטעט.

אין יאָר 1929 אַנטשטייט אין גראַיעווע די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי און לעבן איר עטוואָס שפּעטער בית"ר. די גרינדער פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע און בית"ר זיינען געווען: משה זיבערסקי (תל־אָביב), אברהם רעמבעלינקער (ירושלים), אליהו ווערזשבאלאָווסקי (ירושלים), אַטלאסעוויץ, באבראָווסקי (תל־אָביב). אויך אין בית"ר האָט זיך געפירט, ווי אין די דערמאָנטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, די זעלבע קולטור־און דערציאונגס־אַרבעט (העברעאישע קורסן, רעפעראַטן אויף ציוניסטישע און אַלגעמיינע טעמעס) און אין איינקלאַנג מיט דער אידעאָלאָגיע פון בית"ר האָט מען זייער ענערגיש אָנגעפירט מיט מיליטערישער אויסשולונג פון דער יוגנט.

צום שלוס זאָל דאָ נאָך דערמאָנט ווערן וויצ"ו, אין וועלכער די אַקטיווסטע חברות זיינען געווען: הדה אַלשוואנגער, דבורה ווערזשבאלאווסקי, קלאַרע רעכטמאַן, די טעכטער פון ליפשיץ. אויך אין וויצ"ו פלעגן פאָרקומען כמעט אַלע וואָך רעפעראַטן פון דער פרוי זעלמע ווערזשבאלאווסקי (ירושלים), יחזקאל פּאפּאווסקי אָדער פרעמדע רעדנער איבער אידישע געשיכטע, ליטע־ראַטור און אַקטועלע פראַגעס. די פאַרזאַמלטע פרויען, אידישע מאַמעס און טעכטער פון אַלע שיכטן, פלעגן זיך צוהערן צו די רעפעראַטן מיט גרויס אינטערעס און פלעגן אויך שטעלן פראַגעס און נעמען אָנטייל אין די דיס־



אַ גרופּע פון „השומר הצעיר" אין 1929.

קוסיעס. זאָל דאָ באַטאָנט ווערן דער באַזונדערער ווערט פון די וויצ"ו־טע־טיקייטן, וואָס האָבן געדינט אַלס גלענצנדיקער מיטל קעגן דעם נעגאַטיוון איינפלוס פון קאָרטן־קלוב פון דער אַזוי געדופענער גראַיעווער אידישער „עליטע".

זייער גוט באַזוכט זיינען אויך געווען די וויצ"ו־באַזאַרן, וואָס פלעגן זייער אָפט איינגעאָרדנט ווערן און וועלכע האָבן, אויסער די אַלגעמיינע באַלע־בונג אין דער שטאָט, אויך איינגעבראַכט פיל געלט דעם קרן קימת. אין דער צייט פון די באַזאַרן פלעגן פאָרקומען פאַרשידענע קינסטלערישע דער־שיינונגען, מיט וועלכע עס האָט מיט פיל דערפאָלג אָנגעפירט פריילין כשדים (אַמעריקע), וועלכע איז אויך געווען זייער טעטיק אויף אַנדערע געביטן פון ציוניסטישן לעבן אין גראַיעווע.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ צאָל יוגנט אָרגאַניזאַציעס איז די ציוניס־טישע אַרבעט אין גראַיעווע אָנגעגאַנגען זייער ענערגיש און די רעזולטאַטן פון יעדער ציוניסטישער אונטערנעמונג זיינען כמעט שטענדיק געווען זייער גוטע. די יוגנט אָרגאַניזאַציעס פלעגן זיך פאַרנעמען מיט קרן קימת, שקלים און א. וו. און די עלטערע ציוניסטן האָבן אַדאַנק דעם זיך שוין געקענט מער אָפּגעבן מיט אַנדערע צווייגן פון ציוניסטישער טעטיקייט. איינער, דער וויכ־טיקסטער, פון דידאָזיקע צווייגן איז געווען די תרבות שולע, וואָס האָט טראָץ אַלע שוועריקייטן און שטערונגען, עקזיסטירט פון 1920 ביז צו דער צוויי־

טער וועלט־מלחמה. לעבן דער שולע איז אויך געווען אַ קינדער־גאָרטן. אין וועד פון דער שולע זיינען געווען, אויסער אַנדער ציוניסטן, יצחק און פרידה גערשטאַנסקי (תל־אָביב), וויינער (תל־אָביב) א. אַ.

עס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז עס איז נישט געווען קיין געביט פון גראַיעווער לעבן, אין וועלכן די ציוניסטן האָבן זיך נישט באַטייליקט און מיטגעאַרבעט מיט אַלע כוחות לטובת הכלל.



דער מאַגיסטראַט.



גראַיעווער פייער־לעשער.

ש. י. פישביין

# אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין גראַיעווע

(זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה)

געוויסע פאַרזוכן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטערשאַפט, די אָרימשאַפט און די יוגנט פון גראַיעווע זיינען געמאַכט געוואָרן נאָך אין די ערשטע יאָרן פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט.

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט זיך צעבורזשעט איבער דער רוסישער אימפּעריע נאָך די צאַרישע מפּלות אין דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, אין 1904, האָט אויך אַרומגעכאַפּט די אידישע אַרבעטערשאַפט און יוגנט אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. אויך אין גראַיעווע האָט אַ ווייע געטאָן דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם. עס זיינען פאָרגעקומען אַ צאָל סטרייקן אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן פון שטעטל. טוער פון „בונד" האָבן אָנגעהויבן ווערן טעטיק הויפּטזעכלעך צווישן דער יוגנט. די פּועלי ציון און אויך די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן אָפּגעצויגן די יוגנט אין זייערע רייען און זיי אָפּגעווענדט פון רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע און קאַמף.

די צאַרישע רעאַקציע, וואָס האָט דערטרונקען אין בלוט די רעוואָלוציע פון 1905, האָט אויך גראַיעווע ניט אויסגעמיטן. די ערשטע שפּראָצן פון אַרבעטער־באַוועגונג זיינען אונטערדריקט געוואָרן אידער זיי האָבן זיך איינגעוואָרצלט און צעוואַקסן. די רעאַקציע איז געקומען צו איר העכסטן אויסדרוק מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער צעטרייסלונג פון דער מלחמה האָט די קליינשטעטלדיקע אַרבעטערשאַפט אוודאי ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן זיך.

ערשט נאָך דער מלחמה, ווען פּוילן איז פאָרמעל געוואָרן זעלבסטשטענדיק, די אַרבעטער־פּאַרטייען איבערן לאַנד האָבן פאַנאַנדערגעוויקלט זייערע



אַ גרופּע אַרבעטער ביי צעמענטענע ציגל (אין 1918)
פון רעכטס צו לינקס: עלי סאָסנאָ, מאיר לעוויט, אברהמ׳ל לעוויט, מאָטקע לעוויט, פרידמאַן, קאַץ און פישביין.

טעטיקייטן, האָט אויך אין גראַיעווע זיך אָנגעהויבן רודערן. עס האָבן אָפּגע־קלונגען די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד, די אויפשטאַנדן אין דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער. מען האָט געהערט נייע רייד, נייע טערמינען וועגן סאָציאַ־לער גערעכטיקייט, אַרבעטער־מאַכט, סאָציאַליזם, באָלשעוויקעס, ספּאַרטאַ־קיסטן. וואָס פאַרא באַדייטונג האָט דאָס אַלץ געהאַט פאַר גראַיעווע, פאַר אידן, פאַר דער יוגנט? דאָס האָט מען באַדאַרפט ענטפערן, קלאָר מאַכן. אָבער ווער, ווי אַזוי?

אין גראַיעווע איז אין 1918 געווען אַן ענערגישע אידישע יוגנט. חוץ די יוגנטלעכע, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אין די קליינע וואַרשטאַטן זיינען נאָך צוגעקומען די יוגנטלעכע וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט ביי עפנטלעכע אַרבעטן. ביים בויען דעם רודער שאָסיי האָבן געאַרבעט אידישע מענער און פרויען. אין בעלדער וואַלד האָבן געאַרבעט אַ סך אידישע אַרבע־טער, אויך ביים בויען די קליין־באַן (קאָלייקע) און אויך אין די קאַזאַרמעס.

מיט דער אויפלעבונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, האָבן די גרעסערע פּאַרטייען אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן זייערע פּאָזיציעס דורך אויס־ברייטערן זייערע טעטיקייטן און איינפלוס אויף די פּראָווינץ־שטעט.

עס האָבן זיך דעריבער גענומען באַווייזן אין גראַיעווע שלוחים און רעד־נער פון וואַרשע. עס זיינען געקומען רעדנער פון „בונד" און פועלי־ציון,

וועלכע האָבן מיט זייערע רעפעראַטן, פּאָלעמיק און אַגיטאַציע אויך געזוכט צו אָרגאַניזירן באַזונדערע גרופּעס פון זייערע פּאַרטייען.

אין דער צייט איז פון ווארשע געקומען דער בונדישער טוער לוריע. אַ באַגאַבטער רעדנער, האָט ער אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן געהאַלטן אַ צאָל לעקציעס איבער פראַגן פון סאָציאַליזם און וועגן די אַרבעטער־פּאַרטייען. אונטער זיין ווירקונג האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינער אַרבעטער־קלוב.

צווישן די ערשטע אָנפירנדיקע טוער פון קלוב זיינען געווען: יאַנקל מאַרגאָליס, בערל סוטקער, אַורוטין, קאַפּטשאַווסקי און אַנדערע.

דער קלוב האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אָנצופירן אַלגעמיינע קול־טורעלע טעטיקייטן. קיין פעסטגעשטעלטע פּראָגראַם האָט דער קלוב נישט געהאַט, קיין באַשטימטע אידעאָלאָגיע האָט דער קלוב נישט נאָכגעפאָלגט. עס איז ביי די פירער אויך נישט געווען קיין קלאָרקייט וועגן זייער ציל.

די מיטגלידער פונעם אַרבעטער־קלוב האָבן געזוכט אַן ענטפער אויף זייערע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און דער דורשט צום לערנען און וויסן איז געווען גרויס. דער לאָקאַל פון קלוב איז באַזוכט געוואָרן פון הונדערטער מענטשן, אָבער קיין סיסטעמאַטישע אויפקלערונג־אַרבעט איז נישט איינגע־שטעלט געוואָרן. דער געביט פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און פון געזעל־שאַפטלעכע טעטיקייטן איז אין גאַנצן פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן.

אין ווינטער פון 1918־1919 האָט זיך אין גראַיעווע ווידער איינגעשטעלט אַ האַנדל מיט דייטשלאַנד. וואַגאָנען מיט זאַלץ, הערינג און נאַפט האָבן אָנגע־הויבן אַריינקומען אין גראַיעווע פאַר אויסליפערונג אין אַנדערע שטעט. סוחרים און ליפעראַנטן זיינען געוואָרן טעטיק און האָבן גוט פאַרדינט, אָבער אויף דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון שטאָט האָט עס נישט געהאַט קיין גרויסע ווירקונג. די אָרעמקייט צווישן די אידישע מאַסן איז געווען זייער גרויס, דער מאַנגל אין שיך, קליידער, באַהייצונג און שפּייז איז געווען אומ־דערטרעגלעך.

אין אָנבליק פון דער דאָזיקער נויט האָבן די פירער פון אַרבעטער־קלוב אָנגעהויבן אַגיטירן וועגן שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו אויף צו באַזאָרגן די נויט־באַדערפטיקע מיט ברויט און באַהייצונג.

## אַ הילפס־קאָאָפּעראַטיוו פאַר אָרימעלייט

עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּלאַן, אַז די גבירים און סוחרים פון שטאָט זאָלן פינאַנסירן אַן אַרבעטער־אונטערשטיצונג קאָאָפּעראַטיוו.

די עקזעקוטיווע פון קלוב האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט איינצלנע גבירים און מיט די גבאים פון שטאָט וועגן דעם ענין, נאָר קיין

רעזולטאַטן זיינען נישט דערגרייכט געוואָרן. דערנאָך האָט די עקזעקוטיווע פון קלוב באַשלאָסן צונויפצורופן אַלע בעלי־בתים פון שטאָט צו אַן אַסיפה אין אַלטן בית המדרש אויף אַ שבת בייטאָג און זיך דורכרעדן מיט זיי וועגן העלפן די אָרימעלייט פון שטאָט.

די אסיפה איז געווען אַ דורכפאַל, מחמת די פאַרמעגלעכע אידן זיינען פשוט דעם שבת נישט געקומען דאַווענען.

פאַרן קומענדיקן שבת האָט די פירערשאַפט פון דעם קלוב מאָביליזירט איר מיטגלידער און באַשלאָסן צו שליסן אַלע בתי תפילה מיטן אויסנאַם פון אַלטן בית־המדרש און אַזוי אַרום צווינגען די גבירים זיך צו פאַרזאַמלען אין איין אָרט.

ווען ס'איז געקומען די צייט פון דאַווענען און די גבירים זיינען נישט געקומען אין בית־המדרש, האָט די עקזעקוטיווע געשיקט קאָמיטעס, שליחים צו די גבירים אין די הייזער, צו ברענגען זיי אין בית־המדרש אַריין. אַ סך אינצידענטן זיינען פאָרגעקומען אין פאַרבינדונג מיט דעם פאַרזוך צו־נויפצוברענגען די גבירים. עס זיינען פאָרגעקומען קאָמישע פאַלן, אָבער אויך ערנסטע אינצידענטן און געשלעגן, ביי די קאַפּיצער אויף רייגראַדער גאַס איז אַפילו פאָרגעקומען אַ שיסעריי.

אַלס רעזולטאַט פון דער שבתדיקער דעמאָנסטראַציע איז דאָס שטעטל געוואָרן זייער אויפגערודערט. די גבירים האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי וועלן זיך נישט קענען אין גאַנצן אַרויסדרייען פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו די אָרימעלייט, און האָבן באַוויליקט בייצושטייערן אַ באַדייטנדיקע סומע געלט.

די קלוב־פאַרוואַלטונג האָט דעמאָלט געדונגען אַ קראָם אַלס אַ סקלאַד פאַרן אויפקויף פון שפייז און פאַרטיילט די שפייז צווישן אָרימעלייט.

דאָס איז אָנגעגאַנגען ביז אייניקע גבירים האָבן געמוסרט די פירער פון דעם קלוב פאַר דער פוילישער מאַכט. מען האָט געבראַכט די באַשול־דיקונג פון באָלשעוויזם. אַלס רעזולטאַט פון דער מסירה האָבן אייניקע פירער פון קלוב געמוזט פאַרלאָזן גראַיעווע און דער קלוב איז צעפאַלן געוואָרן.

## „בונד" און פועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס

צו פריילינג פון 1919 האָבן זיך געגומען פאָרמירן צוויי באַזונדערע גרופן, אַ בונדישע און אַ פועלי־ציוניסטישע. יעדע פון די גרופן האָבן אַראָפּ־געבראַכט רעדנער פון וואַרשע. לוריע איז ווידער געקומען, נאָך דער אָפּרוף איז שוין געווען אַ שוואַכערער. לוריע האָט אָבער אָרגאַניזירט אַן אָפיציעלע אָרגאַניזאַציע פון בונד, די פירער זיינען געווען די סעגאַלאָוויטשעס, באַגוש און אַנדערע.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָפּגעגעבן הויפּטזעכלעך מיט אויפ־



די עקזעקוטיווע פון „בונד" און „צוקונפט" אין 1920.

קלערונגס־אַרבעט. עס זיינען אָפט דורכגעפירט געוואָרן פאַרווילונגס־אונ־טערנעמונגען. דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער אָרגאַניזאַציע האָט דורכ־געפירט אַ ריי דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען. אין דער פאַרווילערישער טעטי־קייט זיינען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן יוגנטלעכע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין פאַרטיי אָנגעהעריקייט.

די פועלי־ציון האָבן געבראַכט אַ רעדנער פון וואַרשע מיטן נאָמען קראַל, וועלכער האָט געהאַלטן אַ צאָל לעקציעס און געהאָלפן אין דער פאָרמירונג פון זייער אָרגאַניזאַציע. די פירער זיינען געווען: סטריעוו, קרינסקי, סאסנא און אַנדערע.

אין דער צייט האָט זיך פאַרשטאַרקט די רעאַקציע אין לאַנד, און די פוילישע רעגירונג, געשטיצט פון די עלאַיס, האָט זיך פאַרנומען מיט מלחמה קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אַ טייל פון דער יוגנט איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, אַ טייל האָט עמיגרירט. די בונדישע און פועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען זיך צעפאַלן.

געבליבן אין שטאָט זיינען די יוגנטלעכע אָנהענגער פון ביידע אָרגאַני־זאַציעס, וועלכע זיינען נישט געווען פון מיליטערישן עלטער. קיין אָרגאַני־זירט קערפּערשאַפטן זיינען ניט געווען, אָבער די יוגענטלעכע האָבן פאָרגע־זעצט די פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס פאַר די טראַדיציעס און פראָגראַמען



אַ גרופּע פּועלי ציון, אין 1920.

פון די בײדע פּאַרטייען. די דעבאַטן זיינען געפירט געוואָרן צווישן די צוויי צדדים לויטן נוסח פון דער דעמאָקראַטיקער צעטיילונג צווישן די צוויי צענטער־פּאַרטייען. אַמשטאַרקסטן האָט די נאַציאָנאַלע פראַגע צעטיילט די גרופּן. אָבער טראָץ דער צעטיילונג צווישן די גרופּן זיינען די פּערזענלעכע באַציאונגען צווישן די מיטגלידער פון בײדע זייטן געווען העכסט פריינטלעכע.

מיט דער ווייטערדיקער פאַרשטאַרקונג פון דער רעאַקציע אין פּוילן זיינען די טעטיקייטן צווישן די אידישע מאַסן אויף דער פּראָווינץ אין גאַנצן פאַר־באָטן געוואָרן און זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן. איינצוואָרדענען אַ רעפעראַט אויף אידיש אין גראַיעווע האָט מען געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש.

## אַרעסטן און געהיימע אַרבעט

אַ פאַרזאַמלונג פון אַ אידישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע איז באַפאַלן געוואָרן אויפן פעלד און עטלעכע ספּאָרטלער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אַן אויספלוג פון „החלוץ" שבת אונטערן שטאָט, אויפן שטשוטשינער שאָסיי, איז באַפאַלן געוואָרן און עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן ביי פערציק יוגנטלעכע. עס איז פאַר דער אידישער יוגנט געוואָרן אוממעגלעך אין יענער צייט צו פירן וועלכע עס איז טעטיקייטן.

נאָכן צעפאַלן פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָרגאַניזירט אַ יוגנטלעכע גרופּע אונטערן נאָמען „צוקונפט", וואָס פלעגט זיך פאַרזאַמלען

אין געהיים, פאַרשפּרייטן פלוגבלעטלעך און אַבאַנירן בונדישע אויסגאַבן. די אָנפירער פון דער גרופּע זיינען געווען: פישביין, קראַוטשינסקי און בייקאָווסקי אונטער דער אויפזיכט פון די סעגאַלאָוויטשעס און מיט די סימפּאַטיעס פון ד״ר אליהו וואַסער, דעם דענטיסט; פּעשע וואַדאַווסקי, ראובן באַגוש און אַנד.

אין אַפּריל, 1919 איז אָנגעקומען פון דער „צוקונפט" אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע אַ סטאַטוס צו דעם שרייבער פון די שורות. מען האָט, הייסט עס, אויפן באַזיס פון דער עקזיסטירנדיקער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע, געקענט גרינדן אָפּטיילונגען אין פאַרשיידענע שטעט אויף דער פּראָווינץ. אונטער־געשריבן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער נייער לעגאַלער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך דר. אליהו וואַסער, פּעשע וואַדאַווסקי און ש. י. פישביין.

אין דער צייט האָט אַ דעלעגאַציע פון די פּועלי־ציון זיך געווענדט צו יוגנטלעכע בונדיסטן מיט אַ פאָרשלאַג צו גרינדן אַן אַלגעמיינעם אַרבע־טער־קלוב פאַר בילדונגס־טעטיקייטן. די פראַגע האָט געזאָלט באַטראַכט ווערן ביי אַ זיצונג פון „צוקונפט". אָבער גראַד דעמאָלט איז פון וואַרשע אָנגעקומען פון דער רעגירונג אַן אָנפראַגע וועגן די נעמען און אַדרעסן פון די פירער פון „צוקונפט", דאָס האָט געזאָלט מיינען, אַז דער קלוב איז לעגאַ־ליזירט געוואָרן.

די שמחה ביי די „צוקונפטיסטן", איז געווען גרויס. מען האָט באַלד גע־דונגען אַ פאַרלאָזטע הויז ביים באַן. מיט די אייגענע כוחות האָט מען די הויז רעמאָנטירט און די אַרבעטער האָבן געמאַכט טישן און בענק.

צו דער דערעפענונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קאָנצערט און טאַנץ. הונדערטער אַרבעטער און סימפּאַטיקער זיינען געקומען צו דער פייערונג. די „צוקונפט" גרופּע האָט מער ניט געוואָלט באַטראַכטן דעם פאָרשלאַג פאַר אַן אַלגעמיינעם קלוב. דער פאַרטייאישער „נצחון" האָט נישט דערלאָזט קיין געמיינזאַמע אַרבעט צווישן די גרופּן.

אין דער פירערשאַפט פון „צוקונפט" האָבן זיך באַטייליקט דורכאויס יוגנטלעכע. איז די פראַגע פון דערציאונג און זעלבסט־בילדונג כסדר גע־שטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג. די עקזעקוטיווע האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אָוונט־קורסן. מיט דער אויפגאַבע פון זעלבסט־בילדונג זיינען געווען טעטיק: פּעשע וואַדאַווסקי, יהודית שטרויסבערג, קראַוטשינסקי און אַנדערע.

די באַזוכערשאַפט פון די קורסן איז געווען אַ קליינע. עס איז פשוט פיזיש אוממעגלעך געווען פאַר די יונגע אַרבעטער צו באַזוכן די קורסן, ווייל זיי האָבן געאַרבעט פון צוועלף ביז פערצן שעה אַ טאָג! מען האָט דעריבער אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע צו אָרגאַניזירן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וועלכער זאָל קעמפן פאַר אַ קורצערן אַרבעטסטאָג.

די געוויינלעכע טעטיקייטן פון קלוב זיינען דערווייל באַשטאַנען פון פאַרוויילונגען, פאָרלעזונגען און דער פאַרטיילונג פון בראָשורן און צייטונגען.



די פאַרוואַלטונג פון דער יוגנט־געזעלשאַפט „צוקונפט,״ אין 1927.

אין מאַי, 1919 איז אין לאָמזשע פאַררופן געוואָרן אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „צוקונפט״ פאָרשטייער. פאַרטרעטער זיינען געקומען פון אַסטראָווע, זאַרעמבע, וויזנע, לאָמזשע און גראַיעווע. מיט דער קאָנפערענץ האָט אָנגע־פירט דער יוגנטלעכער מוזשינסקי. גראַיעווע איז געווען פאַרטראָטן דורך בן־ציון קאָלקאָ און פישביין. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אויסער לאָמזשע און גראַיעווע זיינען אין קיין אַנדער שטאָט נישט געווען קיין קלובן.

אין פרילינג, 1920 האָט פונקציאָנירט אַ יוגנטלעכער פראָפעסיאָנעלער פאַראיין ביים קלוב „צוקונפט״. מען האָט אָנגעהויבן אַגיטירן פאַר סטרייקס. עס איז פאַר דעם צוועק איינגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלער אַפּאַראַט.

## אַן ערשטער מאַי־פייערונג

אין גראַיעווע האָט צו דער צייט פונקציאָנירט אַ לאָקאַל פון דער פּויליש סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) מיט אַ באַדייטנדיקער מיטגלידער־שאַפט. דער אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַן אַרבעטער פון דער געוועזענער עפּנערס שלייקע־פאַבריק, זיין נאָמען איז געווען גאַלעצקי.

די עקזעקוטיווע פון „צוקונפט״ קלוב האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרבינדן מיטן פּוילישן פאַראיין וועגן פייערן געמיינזאַם דעם ערשטן מאַי. אונדזער

דעלעגאַציע איז נישט פּריינטלעך אויפגענומען געוואָרן. דעם פאַרלאַנג פאַר אַ געמיינזאַמער דעמאָנסטראַציע האָבן זיי אָפּגעוואָרפן, זיי האָבן אונדז בלויז דערלויבט צו קומען צו זייער דעמאָנסטראַציע ווי צוהערער.

דער „צוקונפט" קלוב האָט דעריבער באַשלאָסן צו פייערן דעם ערשטן מאַי אין אייגענעם לאָקאַל.

אין אָוונט פאַרן ערשטן מאַי האָבן אייניקע יוגנטלעכע אויסגעקלעפּט פּראָקלאַמאַציעס איבערן שטאָט וועגן דער באַדייטונג פון ערשטן מאַי. קיין אַנדער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט האָט דאָס נישט געטאָן.

אין די נאָך מלחמה יאָרן איז צו דער קהילה אין גראַיעווע אָנגעקומען הילף פון פאַרשיידענע קערפּערשאַפטן פון אויסלאַנד, פאַר דער פאַרטיילונג צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג. דער „צוקונפט" קלוב האָט זיך פאַר־אינטערעסירט מיט דעם אופן ווי די הילף ווערט פאַרטיילט. עס זיינען אויך באַוואוסט געוואָרן פאַקטן פון אומרעגלמעסיקייטן. איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָדערן אַ פאַרטרעטערשאַפט אין דער קהילה. עס זיינען דעלעגירט גע־וואָרן צוויי פאַרטרעטער וועלכע זאָלן אויפנעמען אונדזערע פאָדערונגען מיט דער קהילה.

די קהילה־זיצונג איז דעמאָלט פאָרגעקומען ביים רב עמיאל אין הויז אויף רייגראַדער גאַס. מען האָט אונדז געלאָזט פאַרברענגען אונדזערע טענות און צוגעזאָגט אַן ענטפער, וועלכן זיי האָבן זיך נישט געאיילט צו געבן.

## אַ סטרייק פאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג

אין אָנהויב יוני, 1920 איז דערקלערט געוואָרן אַ סטרייק פון אידישע אַרבעטער אין גראַיעווע. די פאָדערונג איז געווען אַן אַכט שעהדיקער אַר־בעטס־טאָג.

דער סטרייק האָט געקראָגן אַ ברייטן אָפּרוף טראָץ דער שווערער מאַטע־ריעלער לאַגע פון די יוגנטלעכע. אויסער הונגער און נויט האָבן די יוגנט־לעכע געהאַט אויסצושטיין קעגנערשאַפט מצד זייערע עלטערן. אַלע שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס און היטל־מאַכער האָבן געוואָרפן זייער אַרבעט. עס זיינען געווען פאַלן פון גרויסע ליידן און נויט ספּעציעל צווישן די אַרבעטער, וואָס האָבן געגעסן ביי די באַלעבאַטים.

אין יולי, 1920 האָבן די סאָוועטישע כוחות פאַרנומען גראַיעווע. צווישן די אידישע מאַסן האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אָנגעפירט מיט קולטור און ווירטשאַפטלעכער אַרבעט האָבן: שמעון קאַלקאַ, דר. אליהו וואַסער, פּעשע וואָדאָווסקי, אַ שטאַטישער לערער און אַנדערע.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאָלקס־קיך ביי עטל מישקאָווסקען אין

גרויסן מויער. די קיך האָט באַזאָרגט די אָרימעלייט מיט אַ מאָלצייט און ברויט.

אין סוף סעפּטעמבער זיינען די סאָוועטישע קרעפטן צוריקגעטראָטן און דאָס פּוילישע מיליטער איז צוריקגעקומען אין גראַיעווע. רדיפות און פּאָגראָמען האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף דער באַפעלקערונג. אַכצן יוגנטלעכע גראַיעווער זיינען קאַלטבלוטיק דערמאָרדעט געוואָרן דורך פּוילישע מיליטער. אַלע טעטיקייטן צווישן די אידישע מאַסן זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן און עס איז געוואָרן אוממעגלעך אָנצופירן וועלכע־עס־איז אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אידישע מאַסן.

## ראַדיקאַלע טעטיקייט דורך י. ל. פּרץ ביבליאָטעק

ערשט אין 1926 גיט זיך איין דער גראַיעווער ראַדיקאַלער יוגנט צו אָרגאַניזירן זייערע טעטיקייטן דורך דער גרינדונג פון אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, מיט אַן אייגענעם לאָקאַל פאַר פאַרזאַמלונגען און פאַר אַלגעמיינע פאַרווילערישע און בילדונגס־טעטיקייטן.

אַ צאָל גראַיעווער יוגנטלעכע אין אַמעריקע האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק אין גראַיעווע און האָבן איבערגעשיקט גרעסערע סומען געלט, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דירעקטעביישטייערונגען און אונטערנעמונגען.

די י. ל. פּרץ ביבליאָטעק האָט באַוויזן איינצוקויפן 1,400 עקזעמפּליאַרן




די פאַרוואַלטונג פון דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק אין 1927.

ביכער — פון בעלעטריסטיק ביז ווערק איבער סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פראַגן.

די פאַרוואַלטונג פון ביבליאָטעק האָט אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־בילדונג קרייז פאַר די יוגנטלעכע אַרבעטער. עס זיינען אַנגעפירט געוואָרן אָוונט־קורסן ביי וועלכע מען האָט געלערנט לייענען און שרייבן. עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן איבער ליטעראַרישע און פּאָליטישע פראַגן, מיט רעדנער פון די גרעסערע שטעט.

די פּרץ ביבליאָטעק האָט געהאַט איבער 150 אַבאָנענטן און דער לאָקאַל איז באַזוכט געוואָרן פון הונדערטער יוגנטלעכע יעדער וואָך. דער לאָקאַל איז געוואָרן אַ גייסטיקע היים פאַר די יוגנטלעכע אַרבעטער. די לעגאַלע עקזיסטענץ פון דער ביבליאָטעק האָט מעגלעך געמאַכט אָנצופירן ראַדיקאַלע אויפקלערונג צווישן דער אַרבעטערשאַפט.

די פאַרוואַלטונג פון דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן וועלכע זיינען געווען פון זעלבן כאַראַקטער ווי די וועלכע דער „צוקונפט" קלוב האָט געהאַט מיט זעקס יאָר צוריק: די פראַגע פון לאַנגן אַרבעטס־טאָג, וואָס האָט געמאַכט אוממעגלעך פאַר די יוגנטלעכע אָנצוגיין מיט זייער זעלבסט־בילדונג. עס איז דעריבער ביי דער ביבליאָטעק גע־גרינדעט געוואָרן אַ פראָפעסיאָנעלער פאַראיין. נאָך גוטער צוגרייטונג איז אין 1927 דערקלערט געוואָרן אַ סטרייק אין דער נאָדל־בראַנזשע. די הויפּט פאָדערונג איז ווידער געווען דער אַכט שעהדיקער אַרבעטס־טאָג.

## אַרעסטן און מסירות וועגן „מאָסקווער געלט"

אין פאַרבינדונג מיטן שניידער־סטרייק איז פאָרגעקומען אַ אינצידענט אַרום וואַרשטאַט פון יאַנקל יודקען, וועלכער האָט אַראָפּגעבראַכט סטרייק־ברעכער פון אַ צווייטער שטאָט. דער פראָפעסיאָנעלער פאַראיין האָט געשיקט פּיקעטס אָפּצושטעלן די סטרייק־ברעכער. דער אייגנטימער האָט געבראַכט פּאָליציי און האָט אַרעסטירט די פּיקעטס.

די שונאים פון דער פּרץ ביבליאָטעק האָבן אויסגענוצט דעם סטרייק אַלס מיטל צו פאַרמסורן די פירערשאַפט. זיי האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די געלט אויף איינצואָרדענען די ביבליאָטעק איז נישט געקומען פון אַמעריקע, נאָר די פירערשאַפט האָט געקראָגן געלט פון רוסלאַנד אויף צו „מאַכן די רעוואָלוציע" אין גראַיעווע.

די פּילסודסקי־רעגירער, וועלכע האָבן געהערשט אין פּוילן, האָבן בכלל געקוקט קרום אויף די זעלבסטשטענדיקע טעטיקייטן פון די אַרבעטער, סיי אויפן קולטורעלן, סיי אויפן פּאָליטישן געביט. אַ סך שטערונגען זיינען גע־מאַכט געוואָרן קעגן די טעטיקייטן פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. און אַז די

באַשרענקונגען און רדיפות האָבן נישט אָפּגעשראָקן די טוער פון דער ביבליאָ־טעק אָנצוגיין מיט זייער אַרבעט, זיינען די רעגירער איבערגעגאַנגען צו אָפענע פאַרפאָלגונגען און אַרעסטן.

אין 1927 זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַ גרופּע יוגנטלעכע, צווישן זיי דער אָנפירנדיקער פּעאיקער טוער חיים־אריה בארטשעווסקי, וועלכער איז געווען דער גייסטיקער פירער און איניציאַטאָר פון אַלע ראַדיקאַלע טעטיקייטן אין גראַיעווע אין יענער צייט.

די עקזיסטענץ פון דער ביבליאָטעק איז דורך די אַרעסטן געשטעלט געוואָרן אין געפאַר. מען האָט מורא געהאַט פאַר קאָנפיסקאַציע פון די ביכער, האָט מען דעריבער אויסבאַהאַלטן די ביכער אין פּריוואַטע היימען.

ווען דער סטרייק איז אַריבער און די אַרעסטן האָבן זיך איינגעשטילט, זיינען די ביכער ווידער געבראַכט געוואָרן אין ביבליאָטעק, און דער לאָקאַל האָט ווידער פונקציאָנירט מיט אַ פּראָגראַם פון ברייטע קולטורעלע און דער־ציערישע טעטיקייטן.

דער גאַנצער געגנט פון אַרום גראַיעווע האָט באַוואונדערט די טעטיקייטן פון דער גראַיעווער מאַרקסיסטישער יוגנט, און די השפּעה פון די גראַיעווער אויף די אַרומיקע שטעטלעך איז געווען באַדייטנדיק.

דער פּראָצעס קעגן חיים־אריה'ן און די אַנדערע איז פאַרגעקומען אין לאָמזשע. פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אַרעסטירטע האָבן די יוגנטלעכע



אַ גרופּע לינקע פּועלי ציון, אין 1922.

גראַיעווער אין אַמעריקע געשאַפן אַ סומע פון איבער טויזנט דאָלאר און איבער־געשיקט צום פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט.

חיים־אריה איז פאַרמשפּט געוואָרן, און איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אין לאָמזשער טורמע אויף עטלעכע יאָר. נאָך זיין באַפרייאונג האָט חיים־אריה ווידער אויסגעאיבט אַן איינפלוס אויף די טעטיקייטן, וועלכע זיינען אָנגע־פירט געוואָרן אַרום דער פּרץ ביבליאָטעק.

די קולטורעלע דערציערישע טעטיקייטן זיינען ווייטער אָנגעפירט גע־וואָרן אין ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישן גייסט. די יוגנטלעכע אַרבעטער זיינען דערמוטיקט געוואָרן צום לערנען, צום לייענען און פאַרשטייען אַז עס איז בויטיק כסדר זיך צו אָרגאַניזירן און קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס.

אין 1932 איז אין גראַיעווע געגרינדעט געוואָרן אַ געמיינזאַמער קאָמי־טעט אויף צו פאַרטיילן די רעליף־מיט־לען, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן פון די אַמעריקאַנער גראַיעווער לאַנדס־לייט. צווישן די אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם קאָמי־טעט, זיינען אויך געווען פאַרטראָטן די פּרץ ביבליאָטעק, אָדער ווי זיי ווערן שוין באַצייכנט אין אָפיציעלן דאָקו־מענט אַלס די „לינקע אַרבעטער". אויך די פּועלי־ציון זיינען געווען פאַרטראָטן דורך מאָטל סטריעוון, וועלכע איז גע־ווען אַן אָנגעזעענער טוער און איז געווען פּאָפּולער צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן איז סטריעוו דערוויילט געוואָרן ווי אַ ראַטמאַן צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.



מאָטל סטריעוו
אַלס סאָלדאַט, אין 1924

## אַ קאָמוניסטישע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע

סוף פון די 20־ער יאָרן איז געווען טעטיק אַ גרופּע קאָמוניסטיש־געשטימטע אַרבעטער ביים נאָדל־פאַראיין.

אין די דרייסיקער יאָרן, ביז ערב דער מלחמה, האָט אין גראַיעווע פונקציאָנירט — אומלעגאַל און האַלב־לעגאַל — אַ קאָמוניסטישע פאַרטיי־אָר־גאַניזאַציע, צו וועלכער עס האָבן באַלאַנגט אַ היפּשע צאָל אַרבעטער און אינטעליגענץ.

די טעטיקייט צווישן די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ אידישער פּאַרטיי־אָפּטיילונג, אָבער מען איז געשטאַנען אין אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט הילפס־אַקציעס לטובת די פּאָליטישע אַרעסטירטע, דורך דעם „מאָפּ״ר״ (פאָנד פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע). די פּאַרטיי האָט געהאַט אַ גאַנץ ברייטן קרייזביישטייערער פאַר דעם פאָנד, אויך צווישן בירגערלעכע עלעמענטן. חוץ דעם האָט די פּאַרטיי־גרופּע געדרוקט און פאַרשפּרייט פלוגבלעטער וועגן פאַרשיידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן און אויף פאַרשיידענע אופנים אָנגעפירט אויפקלערונגס־אַרבעט.

אין 1935 האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אָרגאַניזירט אַ האַלב־לעגאַלן בעקער־פאַראיין. פאַר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ, ביז 1938, האָט דער בעקער־פאַראיין דורכגעפירט עטלעכע געוואונענע סטרייקס. צו דעם פאַראיין האָבן געהערט פּוילישע און אידישע אַרבעטער.

ביזן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטן אין גראַיעווע האָבן פונקציאָנירט אין שטאָט די באַזונדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אַ סך גראַיעווער אַרבעטער און פּראָגרעסיווע מענטשן וועלכע לעבן איצט אין פאַרשיידענע לענדער, האָבן צו פאַרדאַנקען זייער אַנטוויקלונג צו דער ערשטער דערציאונג, וואָס זיי האָבן געקראָגן אין זייער היימשטאָט אַרום די טעטיקייטן פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

צווישן אונדזערע קדושים און מאַרטירער זיינען צווי באַוואוסטע גראַיעווער אַרבעטער־טוער געפאַלן ווי העלדן אין קאַמף מיט די היטלער־בעסטיעס:

חיים־אריה בארטשעווסקי איז געפאַלן קעמפנדיק מיט געווער אין די הענט קעגן די פאַשיסטן אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ.

מאָטל סטריעוו איז געפאַלן אין די ערשטע טעג פון דעם היטלער־רעזשים אין גראַיעווע. פון די אַנדערע ווייס מען צומאָל ניט וועגן זייער לעצטן ווידערשטאַנד צו די רוצחים.

ערע דעם הייליקן אָנדענק פון די אידישע אַרבעטער־העלדן און מאַרטירער!

אַבוטש קאַלקאַ

# אַ באַגעגעניש פון גראַיעווער אין סיביר

## ווי אַזוי אַ גראַיעווער יונגער פּאָליאַק איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט

פון דער רעדאַקציע: די דעראַינערונג איז געווען געדרוקט אין אַ פּראָגראַם־בלאַט אונטערן נאָמען „דער גראַיעווער," אַרויסגעגעבן צו אַ באַל פון דער „גראַיעווער יאַנג מען בענעוואָלענט אַסס'ן," דעם 25־טן יאַנואַר, 1913, אונטער דער רעדאַקציע פון ה. בלום. דער שרייבער פון דער דעראינערונג, אַבוטש קאַלקאַ, פון דער חשוב'ער גראַיעווער קאַלקאַ פאַמיליע, איז צוליב די פאַרפאָלגונגען פון דער צאַרישער מאַכט אַוועק קיין אַמעריקע, וואו ער איז געווען ביז 1917. באַלד נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז ער אַוועק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און איז דאָרט פאַרבליבן.

גראַיעווע! היימשטעטל מיינס! ווי ווייט און ווי ליב ביסטו מיר געווען די אַלע לאַנגע טעג און יאָרן אין „גלות"!

די דעראינערונגען פון מיין קינדהייט און יוגנט, וועלכע זיינען ענג פאַר־בונדן מיט דיר, האָבן אין דער נעבלדיקער אומגעבונג פון דער פינצטערער קאַטאָרזשנער טורמע געוועקט אין מיר טרוימען פון לעבן און גליק.

זעלטענע בריוו פון פריינט פלעגן מיר ברענגען נייעס פון גראַיעווע, פון איר קליינשטעטלדיקן לעבן, פון אירע פריידן און ליידן, פון איר אומעט און אומרו...

עס זיינען געלאָפן טעג און יאָרן, און דורך דער גאַנצער צייט איז מיר קיינמאָל נישט אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען אין טורמע מיט אַ לאַנדס־מאַן, מיט וועלכן איך זאָל זיך קאָנען טיילן מיט מיינע דעראינערונגען פון גראַיעווע און פון אונדזערע טרוימען פון פרייהייט און גליק.

איך האָב שוין געהאַט פאַרלאָרן די האָפענונג אויף אַזאַ באַגעגעניש. איך

האָב זיך שוין אָנגעהויבן באַטראַכטן אַלס דער „איינציקער פּאָרשטייער" פון גראַיעווע אין דער קאַלטער ווייטער סיביר. ביז איינמאָל — — —

דאָס איז געשען אין סיביר, אין דער אַלעקסאַנדראָווער (אירקוטסקער גובערניע) טורמע. איך האָב דאָרטן, נאָכדעם ווי איך האָב געענדיקט מיין „טערמין" פון קאַטאָרזשנער אַרבעט און געוואָרט ביז דער טייך לינאַ וועט, נאָך זיין לאַנגער ווינטערדיקער פאַרפרירונג, זיך עפענען פאַר שיפן און מיטן ערשטן פרילינג־עטאַפּ זאָל איך אָוועקגעשיקט ווערן אין דעם ווייטסטן ווינקל פון סיביר.

די טורמע איז געווען איבערפילט. יעדן טאָג פלעגן צוקומען און אַוועק־גיין נייע גרופּעס פּאָליטישע פאַרשיקטע. קאַמערן, וועלכע זיינען געווען באַשטימט פאַר הונדערט פערזאָן, פלעגן באַזעצט ווערן פון צוויי, דריי הונ־דערט און מער. עס איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען און וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. עס האָט געררושט און געטומלט מיט געשפּרעכן און גע־שרייען אין פאַרשיידענע שפּראַכן און דיאַלעקטן.

איינמאָל, ווען איך בין, ווי געווויינלעך, געזעסן אויף אַ נאַרע און צום טויזנטסטן מאָל געציילט און גערעכנט וויפיל טעג און נעכט מיר וועט נאָך אויסקומען דאָ צו שמאַכטן, איז צוגעגאַנגען צו מיר אַ יונגערמאַן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פּאָליאַק און אין אַ געבראָכענעם רוסיש האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

— איז עס אמת, אַז איר זייט קאַלקאַ פון גראַיעווע?

— יאָ, איך בין קאַלקאַ.

דער יונגערמאַן האָט זיך זייער דערפרייט און מיר וואַרעם געדריקט די האַנט, דערקלערנדיק דערביי, אַז ער איז אויך פון גראַיעווע און ער קען מיך.

איך האָב זיך איבעררראַשנדיק דערפרייט צו טרעפן דאָ אַ לאַנדסמאַן, נאָר וויפיל איך האָב נישט אָנגעשטרענגט מיין זכרון, האָב איך זיך נישט געקענט דערמאָנען, אַז איך זאָל אים האָבן ווען־עס־איז געזען.

דער יונגערמאַן האָט באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט:

— יאָ, איך וויס, איר קענט מיך נישט, אָבער איך קען אייך — צוליב אייך בין איך געוואָרן אַ סאָציאַליסט!...

— ווי אַזוי? — האָב איך אויסגעדריקט מיין פאַרוואונדערונג. און אָט וואָס דער יונגערמאַן האָט מיר דערציילט:

— דאָס איז געווען אין יאָר 1905. איך בין דעמאָלט אַלט געווען בלויז זעכצן יאָר. איך בין געווען אַ לער־יונג ביים שוסטער ח... וועלכער האָט געוואוינט אויפן ראָג פון שול־גאַס, נישט ווייט פון אייער הויז. איינמאָל אין אַ ווינטערדיקע נאַכט, אַרויסגייענדיק אין גאַס אַביסל זיך דורכצושפּאַצירן נאָך אַ שווערן זעכצן־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, האָב איך דערזען ווי זשאַנדאַרן האָבן אייך, אונטער אַ קאָנוואָי, אַרויסגעפירט פון הויז. איך בין געווען זייער דער־

שטוינט: וואָס? פאַן קאַלקאַס זון אונטער אַרעסט פון זשאַנדאַרן? וואָס פאַרא פאַרברעכן איז ער באַגאַנגען? עס איז דאָך אוממעגלעך, אַז ער זאָל זיין אַ גנב אָדער אַ מערדער! אפשר איז ער אַ קאָנטראַבאַנדיסט?... שטאַרק דער־שטוינט בין איך געלאָפן אַהיים און דאָס דערציילט מיין מייסטער, פאַן ח... ער האָט מיר דעמאָלט געענטפערט:

— געהערט אויף די חברה סאָציאַליסטן!

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט דאָס וואָרט „סאָציאַליסטן". נישט וויסנדיק די באַדייטונג פון דעם וואָרט, האָב איך זיך געווענדעט צו מיין בעל־הבית ער זאָל מיר דערקלערן וואָס דאָס דאָזיקע וואָרט באַטייט. פאַן ח... האָט קורץ און שאַרף געענטפערט:

— סאָציאַליסטן? דאָס זיינען באַנדיטן, וועלכע ווילן נישט אַרבעטן, לויפן אַרום איבער די גאַסן און זינגען לידער.

די דערקלערונג האָט מיך נישט צופרידנגעשטעלט. חוץ דעם וואָס איך האָב בכלל נישט אָנגענומען אַלץ וואָס דער בעל־הבית האָט געזאָגט פאַר גוט געלט, האָט שוין דער טאָן פון זיין דערקלערונג מיר אויסגעוויזן פאַרדעכטיק.

איך האָב אָנגעהויבן נאָכפרעגן זיך ביי מיינע חברים, די עלטערע אַרבע־טער אויף דער באַדייטונג פון דעם וואָרט. דאָס ביסל וואָס איך האָב זיך פון זיי דערוואוסט האָט זיך מיר מער געלייגט אויפן שכל און ס'האָט מיך פאַר־אינטערעסירט.

דאָס לעבן האָט מיך דערנאָך פאַרוואָרפן קיין וואַרשע און דאָרט האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג, מיט סאָציאַליסטן און איך בין אַליין אויך געווען אַ סאָציאַליסט. אַזוי אַרום בין איך אין אַ פאָר יאָר אַרום אויך אַריינגעפאַלן אין טורמע און כ'האָב אייך נאָכגעפאָלגט אין סיביר... און אָט האָבן מיר זיך דאָ באַגעגנט! דער־לויבט מיר, חבר קאַלקאַ, דריקן אייער האַנט און אויסדריקן מיין אָנערקענונג, וואָס איר זייט, כאָטש אומדירעקט, געווען מיין לערער און וועגווייזער — — —

מיט טרערן פון פרייד האָב איך הייס געדריקט די האַנט מיין נייעם חבר, מיין לאַנדסמאַן, דעם איינציקן גראַיעווער, מיט וועלכן מיר איז אויסגע־קומען זיך צו טרעפן אין סיביר.



דער צופאָר צום וואָקזאַל.



דער מאַרק־פּלאַץ אין 1916.





מאַקס מ. וואַקס און גושע אַנט־
מאַן — פאָטאָגראַפירט אין 1903,
ווען זיי האָבן געדינט אין דער
מוזיקאַלישער קאָמאַנדע פון
2־טן פינלענדישן פאָלק.



ארי אבן־זהב (ירושלים)

# גראַיעווער דזשעגטשאַרעס

קאַפּיטלעך פון דעם בוך „פּעך־אידן" (דזשעגטשאַרעס), איבערזעצט פון העברעאיש דורכן מחבר, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „אחיעבר" — וואַרשע, 1939.

אַ גראַיעווער דזשעגטשאַרסקע לידל:

אַז דער מאַן וועט קומען צוריק,
זאָל פון געלט נישט זיין קיין רייד,
וועט ער מיט שמחה אַריין אין ליק
דיר קויפן אַ סאַטינענע קלייד.
אָבער אַז דו וועסט די פּאָלעס רייסן,
וועט ער מיט דיר שלאָגן כפרות,
זיינס וועט ער געפינען אין פּרייסן
און דו בלייבסט אויף גרויסע צרות...

## אסרו חג

אַ וואָך צוויי פאַר ימים טובים פלעגן זיך אָנהויבן באַוויזן אין גראַיעווע די ערשטע דזשעגטשאַרעס וואָס זיינען געקומען צוריק פון דייטשלאַנד. די פאַרמעגלעכערע פלעגן קומען עטוואָס פריער, די אָרימערע אַביסל שפּעטער, אָבער די לעצטע עטלעכע טעג פאַר יום־טוב זיינען שוין אַלע בעלי־בתים און יונגען געווען אין גראַיעווע; און כאָטש זיי זיינען געווען סך־הכל איניקע צענדליק, איז דאָס שטעטל געווען פול מיט זיי.

די יונגען זיינען געווען אָנגעטאָן אין גרינע אָנצוגן. אַזעלכע ווי ס'פלעגן

טראָגן די גויים פון דער גראַיעוואָר סביבה, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די דייטשן און די מאַזורן, און די בעלי־בתים פלעגן טראָגן גרינע האָריקע היט־לען מיט פליגלען, מיט וואָס זיי פלעגן באַטאָנען, אַז זיי זיינען „דייטשן". זיי פלעגן זיך אַרומדרייען אויפן מאַרק, זיך אַריינכאַפּן אין די בתי־מדרשים און קוקן פון אויבן־אַראָפּ אויף די קליינשטעטלדיקע, וואָס היטן דעם איווון פון בית־המדרש און נישט אָנגעזען די גרויסע וועלט — בערלין, לייפּציג אָדער דעסוי.

אָבער אַרומוואָגלענדיק אין דייטשלאַנד, האָבן זיי געגנוג באַדויערט זייער אייגענעם שיקזאַל: וואָס האָבן זיי, מ'שטיינס געזאָגט געזען אין בערלין אָדער דעסוי? וואָס האָבן זיי אַ הנאה געהאַט פון דער רייכער מדינה „פּרייסן"? מ'פלעגט זיך שלעפּן אין די דערפער, קלייבן אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה, אַ וואַרעם לעפל עסן פלעגן זיי זיך פאַרגינען נאָר משבת לשבת (און דאָס נישט אַלע), גע־שלאָפן איז מען אויפן וואָגן אָדער אין אַ שטאַל, די „פּרייסן" פלעגן אויף זיי קוקן ווי אויף ציגיינער. וואָס האָבן זיי נעבעך געוואוסט פון דייטשלאַנד? אָבער קוים האָבן זיי דערשמעקט די גראַיעוואָר לופט, זיינען די אַלע געפילן פאַרשוואונדן און זיי פלעגן כסדר זיך רימען פאַר די קליינשטעטלדיקע מיט דעם, וואָס זיי האָבן געזען „אין דער גרויסער וועלט".

בין מנחה־למעריב פלעגן קופּקעס בעלי־מלאכות, און אַפילו קרעמערס זיך אַרומשטעלן אַרום אַזאַ דזשעגטשאַר, וואָס פלעגט זיצן ברייט אויף אַ שטיין פאַר דער שטוב און רואיק און בכבודיק דערציילן וועגן דעם אַלעקסאַנדער־פּלאַץ און דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, וועגן דעם קיסר גופא, וואָס גייט אַלע פרימאָרגן שפּאַצירן איבער די בערלינער גאַסן, וועגן דער באַלייכטונג פון בערלין אָדער לייפּציג אין אָוונט, וואָס איז זיבן מאָל שטאַרקער, ווי צוםביישפּיל, אין גראַ־יעווע בייטאָג... אַ צווייטער פלעגט זיצן אין אַן אַנדער ווינקל און דערציילן וועגן דער וואונדער־שיינער דרעזדען, (וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געזען) און וועגן דעם וויגעלע פון יעקאַטערינאַ דער גרויסער, וואָס שטייט אין פּאַ־לאַץ פון צערבסט־אַנאַהלט. אין דער אמתן איז, כאָטש ער האָט דאָס גאַנצע לעבן פאַרבראַכט אין צערבסט און אין דער סביבה, האָט ער קיינמאָל נישט געוואָגט אַריינצוגיין אין פּאַלאַץ וואָס איז געווען זונטיק אָפן פאַר אַלע. גע־זען האָט ער דעם פּאַלאַץ בלויז פון אויסנווייניק, ביים עק פון גאָרטן. און אַ וויגעלע איז דאָך נאָר אַ וויגעלע — איז עס נישט אַלץ איינס, ווי ער וואָלט עס געזען מיט די אייגענע אויגן?

און גראַיעוואָר נייגעריקע אידן שטייען מיט אָפענע מיילער און פרעגן אין דער פאַרנאַכטיקער טונקלקייט אַריין, פרעגן אָן אַ שיעור: צי איז דאָס וויגעלע אַ גאָלדנס, צי שטייט עס פשוט אויף דער פּאָדלאָגע? און דער דזשעגטשאַר ענטפערט, וואָס עס פּאַלט אים איין. ער איז, חלילה, נישט משקר. ער זעט פאַר זיינע אויגן דעם גרויען פּאַלאַץ און דאָס אַנדערע קומט שוין אַרויס

אַליין פון האַרצן, גלייך ווי ער וואָלט עס מיט די אייגענע חושים איבערגע־לעבט...

און אין די אָונטן צעזעצט מען זיך אויף דער שוועל אָדער אויף די שטיינער פאַר דער שטוב, ביי אָפענע טירן, און די דזשעגטשאַרעס דערציילן די אַלטע וואונדער און ס'הערן זיך צו אַלטע און יונגע, די אַלטע הערן פון ניי־געריקייט, גענעצן און האָבן הנאה, און די יונגע — אַ מאָדנער בענקעניש נעמט זיי אַרום און ס'ציט זיי ווי מיט שטריק אַהין, אַהין, און פיל פון זיי ליגן דער־נאָך שלאָפלאָז ביינאַכט, קלערן וועגן דעם, וואָס זיי האָבן אין אָונט געהערט און מקנא זיינען זיי דעם דזשעגטשאַר וואָס שלעפּט זיך טאַקע אַרום פון שטאָט צו שטאָט, אָבער ער זעט די גרויסע וועלט... אַלע וויסן, אַז דאָס רוב דזשעגטשאַרעס זיינען עמי־ארצים ; אַ קרעמער אָדער אַ סוחר וועט זיך מיט זיי נישט משדך זיין, אָבער יום־טוב־צייט, ווען זיי דערציילן די נסים ונפלאות איבער דער שיינער וועלט, פאַרגעסט מען זייער יחוס און מלאכה און פון קנאה האָט מען פאַר זיי אָפשיי. דאָס איז נעבעך דער איינציקער שכר, וואָס דער דזשעגטשאַר האָט אויף דער וועלט. וואָרום אַפילו יום־טוב איז אייגנטלעך פאַר אים קיין שמחה נישט, און אויב ער האָט אַ שטיקל געפיל — און אַזעלכע זיינען שטענדיק געווען אַ סך צווישן די דזשעגטשאַרעס — איז פון דער ערשטער מינוט אָן וואָס ער טרעט אַריבער די שוועל פון זיין שטוב, זעט ער שוין פאַר זיך דעם אסרו חג, אָט דעם טאָג, וואָס איינער פון זיי, וואָס פאַר־שטייט פירוש־המילות, האָט אים אַ נאָמען געגעבן „אסרו עגלה" — שפּאַנט איך דאָס וועגעלע...

אַזאַ מענטש איז געווען אויך ר' אברהם־חיים עשיו. ער פלעגט זאָגן, אַז זינט ער איז געקומען צום שכל האָט ער נאָך נישט געפילט דעם טעם פון אַ ריכטיקן יום־טוב. אַ מאָדנער איד איז ער געווען : אַרומוואַנדערנדיק איבער די דייטשישע דערפער, פלעגט ער חלשן נאָך דער ליבער גראַיעווע און זי איז פאַר אים געווען דער איינציקער ליכט־שטראַל אויף זיינע וואַנדערונגען אין דער פרעמד ; אָבער קוים האָט ער גענומען דעם וועג צוריק און איז גע־פאָרן פון דעסוי קיין בערלין און פון בערלין קיין קעניגסבערג, איז וואָס נעענטער ער איז געקומען צו דער היים, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַן אומעט, און אַז ער איז אַריבער די גרענעץ און זיך אַריינגעזעצט אינעם וואָגן צו פאָרן קיין גראַיעווע, פלעגט אים ווערן ביטער אויפן האַרצן ביז טרערן. וועט ער זוכה זיין אַמאָל צו פאָרן אַזוי אויפן וואָגן דורכן וואַלד און די „פּיאַסקעס" מיטן געפיל אַז ער וועט נישט דאַרפן פאָרן מער צוריק ? ווען ער זאָל זיין אַ נביא און וויסן, וויפיל ס'איז אים נאָך באַשערט צו לעבן, ווען ער זאָל וויסן, אַז ער וועט ביידע טעכטער חתונה מאַכן אָן נדן און זיין קליין פאַרמעגן וועט אים קלעקן בצמצום אויף חיונה, וואָלט ער איינמאָל פאַר אַלעמאָל געבליבן אין דערהיים. אָבער ר' אברהם־חיים איז געווען אַ איד אַ פיקח און דערי־

בער האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ חכם, וואָס זאָל וויסן וואָס מאָרגן וועט זיין — אפשר אַ שרפה אָדער אַ קראַנקייט אָדער גאָר אַ מלחמה ? — און דעריבער דאַרף מען — ווי פּאַניע זאָגט : „שמידן דאָס אייזן ווי לאַנג עס גליט" און אַזוי לאַנג ווי מען קען זיך נאָך אַרומשלעפּן טאָר אַ איד וואָס וויס דעם זין פון „קשה פרנסתם של ישראל כקריעת ים סוף" נישט זיצן אָן אַ שטאָך אַרבעט. ר' אברהם־חיים האָט זיך אַליין גוט געקענט און ער האָט געוואוסט, אַז אַזוי לאַנג ווי זיינע פיס וועלן אים טראָגן, וועט ער אסרו חג זיך אומקערן מיטן זעלבן וועג און וועט שטענדיק בלייבן אַן עבד ביי דעם שמירעכץ — דעריבער טאַקע איז ער שטענדיק געווען אַזוי טרויעריק, קומענדיק אַהיים אויף יום־טוב.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז געווען זיין פּלוניתטע. ביז סאַמע שמחת־תורה (און אין ווינטערדיקן בין־הזמנים ביז אחרון של פסח) איז זי אַרומ־געלאָפן און געפּאַדעט, זיך געטומלט אין די קראָמען און יאַטקעס און נישט געהאַט דעם אסרו חג אין דער לינקער פּיאה. אַ גאַנץ יאָר פלעגט זי זיצן אין שטוב און אַכטונג געבן אויף די מיידלעך. געלעבט האָט זי קאַרג און געציטערט איבער יעדן גראָשן, וואָס זי נעמט אַרויס פון קניפּל, נאָר קוים איז דער מאַן געקומען, איז אין איר אַ נייע נשמה אַריין, זי האָט געעפנט דאָס קניפל, וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט אין די פינף חדשים און געשמיסן מיט געלט אין יאַטקע און אויפן פיש־מאַרק.

אַ גאַנץ יאָר פלעגט זי קויפן אַ קעלבערנעם לונג־און־לעבער אָדער אַ פוס מיט גריישלעך און זי מיט בידע טעכטער פלעגן דערמיט אָפּקומען אי־בער דער וואָך — אַמאָל געדעמפּטע לונג, אַמאָל אין זויערן, אַמאָל פיס מיט קאַרטאָפל און אַמאָל פּאַרגליווערטע אויף קאַלט און ווידעראַמאָל דאָס זעלבע — אָבער אַז דער מאַן איז אַהיים געקומען, פלעגט זי אַריינקומען אין יאַטקע שטאָלץ, זיך אַדורכשטופּן צווישן די אָנגעזעצענע בעל־הביתטעס און מיט אַ אַ טאָן פון אַ גבירטע, פלעגט זי אַוועקלייגן אָט אַזאַ מענה־לשון : „לונג האָב איך נישט ליב, אפשר האָט איר גאַנץ יונגע, פרישע לעבער ? גיט אַ פונט ; נו שניידט נישט אָפּ, זאָל זיין נאָך אַ פערטל ; — יונג קעלבערנס האָט איר ? ניין, טאָ גיט מיר פון דאַנען, אַ ריפּל, פון אַ ריפל איז די זופּ אַ מחיה."

דער קצב האָט בשעת־מעשה געלאַכט אין זיך, נאָר אַ איד דאַרף דאָך האָבן פרנסה, האָט ער איר נאָך צוגעחנפעט : „אפשר, בעל־הביתטעשי, אַ פוס ?" אָפּנים געמיינט האָט ער דערמיט איר אַ שטאָך צו טאָן, אָבער ער האָט עס אַרויסגעזאָגט אַזוי ערנסט, אויפהויבנדיק דעם בהמהשן פוס ביז אין איר נאָז אַריין, אַז זי האָט עס נישט שלעכט אויסגעטייטשט : „זאָל זיין אַ פוס — האָט זי געענטפערט — כאָטש דאָס איז אַפילו איבעריק, אָבער אַמאָל כאַפּט זיך אַריין צום עסן אַ קרוב, אָדער מיין מאַן ברענגט עמעצן מיט פון גאַס, וועל איך מאַכן עפּעס", און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. דעם גאַנצן

פזמון האָט זי אויסגעשיט אויף צו־להכעיס די בעל־הביתטעס, וואָס אַ גאַנץ יאָר פלעגט זי שטיין הינטער זיי, לעבן די הינט, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ ביין. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבע סדרה ביי די פיש: „דו וועסט אַזוי גוט זיין און מיר וויזן דאָס פישל, וואָס דו האָסט אָפּגעלייגט פאַר אַנשיל דעם גביר — מיין מאָגן, און באַזונדערס מיין מאַנס, איז נישט קיין קנאַפּערער יחסן ווי זיינער".

אַלע ווייבער אויף צו־להכעיס פלעגט זי זיך שלעפּן צוריק לאַנגזאַם, אָנגעלעגט דעם פאַרטוך פון כל־טוב, זיך ברעכנדיק אין דרייען, און כדי זיך צו רייצן מיט די שכנטעס, וואָס אַ גאַנץ יאָר זיינען זיי געווען מער יחסנטעס פון איר, האָט זי שוין פונדערוויטנס געשריגן צו די טעכטער אירע, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין צונעמען פון איר די פיש, ווייל ס'איז אַ שווערע משא, און קוים איז זי אַריינגעפּאַלן אין שטוב, האָט זי צונויפגערופן אַלע שכנטעס און געוויזן די לעבעדיקע גרויסע פיש, וואָס מען קריגט היינט אין גאַס — „און גאַרנישט טייער", האָט זי עטלעכע מאָל צוגעגעבן.

אַז די מאַמע האָט זיך געקאָכט ווי אַ באַנקע זיינען די בידע מיידלעך געווען שטיל ווי פאַרפרוירענע וואַסער, גלייך ווי זיי וואָלטן פאַרלוירן דאָס לשון. אַ גאַנץ יאָר האָט די מאַמע געשאָלטן און געהרמט און געסטראַשעט צען מאָל אַ טאָג, אַז זי וועט אַלץ דערציילן דעם טאַטן, און אַז אָט איז געקומען דער טאַטע, מיט וועלכן די מאַמע האָט זיי שטענדיק געדראָט, האָבן זיי זיך געפילט, ווי עפּעס אַ פּאָליציאַנט וואָלט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב. זיי האָבן געוואוסט, אַז דער טאַטע פרעגט ביי יעדן קומען, ווי זיי האָבן זיך אויפגעפירט. און דער דאָזיקער געדאַנק אַליין האָט זיי געצוואונגען צו פאָלגן דער מאַמען אַלץ. צען מאָל אַ טאָג פלעגט זי זיי שיקן אין קראָם אָדער צום בעקער, געגעבן צו פוצן אירע און דעם טאַטנס שיך, צו פאַרלאָטן דעם טאַטנס העמדער און אַלטע הויזן וואָס ס'האָט פון זיי געשטונקען דזשעגעטש, אַזש דערשטיקט צו ווערן. בקיצור, זי האָט נישט געקאָנט זען, אַז זיי זאָלן זיצן אַ מינוט רואיק. און אין אָונט פלעגן זיי מוזן זיצן אין שטוב און זיך לייגן גאַנץ פרי שלאָפן. זיי האָבן געחלשט, באַזונדערס שבת און יום־טוב, צום „גרינעם באַרג", וואו ס'פלעגן זיך טרעפן בחורים מיט מיידלעך און ס'איז געווען פריילעך, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט פאַרן טאַטן. דער טאַטע איז אין אמתן נישט געווען אַזאַ שטרענגער, אָבער פרום איז ער געווען און ער האָט געהאַלטן דעם „גרינעם באַרג", און איבערהויפּט דאָס שפּאַצירן פאַר דעם קוואַל פון אַלדאָס בייז. קאָן מען זיך פאַרשטעלן אַ גרעסערן עינוי פאַר דערוואַקסענע מיידלעך, ווי זיצן איינגעשפּאַרט אין שטוב? דער טאַטע איז זיי געווען פרעמד, ווייל זיי האָבן אים געזען נאָר יום־טוב, און אַז ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג און אַ גלעט געטאָן איינע פון זיי איבערן קאָפּ, איז זי רויט געוואָרן ווי אַ בוראַק, עפּעס ווי אַ פרעמדער וואָלט זי אָנגערירט.

אין האַרצן האָבןביידע געוואָלט, אַז דער יום־טוב זאָל שוין וואָס שנעלער אַריבער, אָבער קיינע פון זיי האָט נישט געוואָגט דאָס צו זאָגן דער אַנדערער. די ערשטע טעג פלעגן זיי אַלץ מקבל באהבה זיין — בפרט אַז דער טאַטע פלעגט ברענגען סחורה אויף אַ קלײדל אָדער פאַרטוך — אָבער נאָכדעם האָבן זיי געציילט מיט גרויס אומגעדולד די טעג, וואָס ער האָט נאָך צו זיין און זיי האָבן שוין געוואַרט אויף דער שעה, אַז ער זאָל צוריק אַוועק קיין „פריסן".

עס האָט זיך אָנגערוקט דער שמחת־תורה.

ר' אברהם־חיים איז געגאַנגען ווי אַלע אידן פון שטעטל אין אַלטן בית־מדרש אויף דער שול־גאָס, געקויפט אַ האַלבן „אתה הראית" און מכבד געווען דערמיט דעם יונגען דיין; אַ הקפה האָט ער געקריגן פון די ערשטע — וואָס עס האָט שטאַרק געקרענקט די אַנדערע דזשעגעטשאַרעס, כאָטש זיי האָבן אַליין געוואוסט, אַז אַנטקעגן זיי איז ער אַ גאַנצער מר־בר־רב־אשי — ער האָט געטאַנצט מיטן עולם און געשריען אויפן קול: „שישו ושמחו בשמחת תורה", נאָר אין האַרצן האָט זיך גאָר נישט געשמחה'ט. מאָרגן אין דער צייט וועט ער שוין זיין אויף יענער זייט גרענעץ, אין ליק אָדער אפשר שוין אין קאָרשען. „שישו ושמחו" — ער וויל כאָטשביים דאַוונען פאַרגעסן, וואָס מאָרגן וועט זיין, ער קוקט זיך צו צו די אַנדערע דזשעגעטשאַרעס, ווי זיי גיסן אַריין אין כוס נאָכן אַנדערן און „לחיימען", אַז עס גייט זיי צוריק פון די אויגן — אָבער אַז ער האָט שוין געהאַט אין זינען דעם „אסרו חג", דאָס וועגעלע, ווען ער איז ערשט אָנגעקומען אַהיים, ווי קאָן ער עס פאַרגעסן איצט ווען ער זעט פאַר זיך לעבן אויוון דעם בעל־עגלה, וואָס ער דאַרף אים נאָך היינט באַשטעלן, אַז ער זאָל מאָרגן פאַרטאָג אים קומען נעמען? זינט ער איז געקומען צום פאַרשטאַנד, איז שמחת־תורה ביי אים געוואָרן תשעה באָב...

דער גוט־האַרציקער ר' אברהם־חיים, וואָס האָט קיינעם נישט מקנא געווען, האָט אין דעם טאָג מקנא געווען די בעל־עגלות, די וואַסער־טרעגערס, די אַלטע שמשים. „און ווער לאָזט דיך נישט זיין אַ בעל־עגלה אָדער אַ וואַסער־טרעגער?" — איז אים פאַרבייגעלאָפן אַ מחשבה. „מען טאָר גאָט קיין קשיות נישט פרעגן", — האָט ער זיך אַליין געענטפערט.

נאָכן דאַוונען זיינען אַלע מתפללים פאַרבעטן געוואָרן צום גבאי ראשון אויף קידוש. געגאַנגען זיינען שטענדיק די בעלי־בתים פון די צווי ערשטע בענק, און ר' אברהם־חיים האָט אויך געהאַט אַ „שטאָט" אויף דער צווייטער באַנק, ער האָט זי אָפּגעקויפט פון אַ מומע, וואָס האָט זי געירשנט פון איר טאַטן, וועלכער האָט קיין זין נישט איבערגעלאָזט. ער איז אָבער צו קידוש נישט געגאַנגען, ווייל אויפן האַרצן איז אים געווען לאַ־עליכמדיק. די שעהען רוקן זיך שנעל, האָט ער צו זיך געזאָגט מיט ווייטיק, און אַז ער איז אַרויס פון בית־מדרש און ס'איז אים פאַרלאָפן דעם וועג אַ ריזיקער הויפן פון פאַר־

וועלקטע בלעטער, האָט ער אין זייער רוישן געהערט עפּעס אַ שטיל געיאָמער, וואָס האָט זיך אַזוי ריכטיק געפּאַסט צו זיינע אייגענע געפילן.

אַריינגעקומען אין שטוב, האָט אים שוין ביי דער טיר מקבל־פּנים געווען דער שמעקנדיקער ריח פון געבראָטענעם גענדזנס, וואָס האָט אים דערמאָנט זיין קינדהייט, ווען דער טאַטע האָט נאָך געלעבט, און אָפּזיפּצנדיק האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט: „ווען דער טאַטע זאָל לעבן וואָלט איך נישט מגולגל געוואָרן אין אַזאַ גוישע מדינה". עפּענענדיק די טיר, האָט ער אויפן קול אויסגעשריען: „גוט יום־טוב גוט־יאָר!" — זיין ווייב האָט שוין גוט געקענט דעם דאָזיקן אויסגעשריי, וועלכער האָט געקלונגען מיט אַ דערשטיקטן צער און ער האָט זי שטענדיק געבראַכט צום וויינען. זי איז געבליבן אַ היפּשע ווײַלע אין קיך און ערשט אַז זי האָט זיך אַביסל באַרואיקט, איז זי אַריין אין שטוב און אָנגעהויבן גרייטן צום טיש. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָלצייט, ביי וועלכן זיי האָבן איינס מיטן אַנדערן קיין וואָרט נישט גערעדט. די מיידלעך האָבן צוגעטראָגן שיסלען און אַראָפּגענומען. זיי האָבן זיך גאַנץ רואיק געגעסן, אַזוי ווי דער טאַטע וואָלט נישט געהאַלטן פאַרן אַוועקפאָרן אויף אַ האַלב יאָר. די מאַמע אָבער איז דורך דער נאַכט ווי אַ פאַרביטערנע געוואָרן, עפּעס קלענער האָט זי אויסגעזען און אירע אויגן זיינען געווען רויט, כאָטש קיינער האָט זי נישט געזען וויינענדיק. און ער אַליין, דער טאַטע, האָט סתם געקייט; ער האָט דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן פון דער געגלייזטער שיסל, און געטראַכט נאָר וועגן איינס: עס איז דאָס לעצטע מאָלצייט ביים אייגענעם טיש.

מנחה־צייט איז ער אַוועק צוריק אין בית־מדרש און געטאַנצט מיטן עולם, גלייך ווי ער וואָלט געווען בגילופין אַזוי ווי די אַנדערע. ביז מעריב און אַפילו נאָך מעריב האָט מען נאָך געשפּילט אין פאַרשידענע שפּילן און ער האָט געקלערט מיט שרעק וועגן דער מינוט ווען מען וועט אויפהערן די שפּילן און ער וועט דאַרפן גיין צוריק אַהיים. דער עיקר האָט ער זיך געפריידט מיטן שפּיל אין „קאַץ און מויז": מען האָט אויסגעשטעלט צוויי שורות אידן, געלאָזן „טויערן", און צוויי קלוגע תלמידי־חכמים האָבן געשפּילט די ראָלע פון קאַץ און מויז. צופרידן איז ער געווען פון אָט דעם שפּיל, ווייל עס האָט לאַנג געדויערט און אַז דער עולם איז מיד געוואָרן און געוואָלט זיך פונאַנדערגיין האָט ער געהייסן דעם שמש אַריינברענגען אַ צענדליק ביר און מען האָט אָנגעהויבן פונדאָסניי. אין די צוויי שורות איז ער נישט געווען דער איינציקער דזשעגטשאַר — וויזט אויס, אַז די אַנדערע איז אויך געווען ביטער אויפן האַרצן.

אַז די שמחה האָט זיך געענדיקט, זיינען זיך די דזשעגטשאַרעס צעגאַנגען ווי אבלים. „ווער יאָגט אונדז? פאַרוואָס מוזן מיר באַלד פאַרטאָג אַריבער די גרענעץ?" האָט ר' אברהם־חיים געטראַכט. עס קאָן זיין, אַז

אַנדערע דזשעגטשאַרעס האָבן זיך אויך געשטעלט די זעלבע קשיא, אָבער קיינער האָט נישט געקלערט, אַז מען קאָן דאָ עפּעס פאַרריכטען און אָרדענען אַז אַלע זאָלן בלייבן אין דערהיים נאָך אַ וואָך. די מורא פאַר דער קאָנקורענץ, פאַר אויסכאַפּן די קונים, איז ביי די דזשעגטשאַרעס געווען גרויס, און מען קאָן דאָך קיינמאָל נישט וויסן, ווען אַ איד זאָגט דיר אַז ער פאָרט צו צו אַ קרוב אין וואָנסאס, צי ער כאַפּט זיך נישט אַמאָל אַריבער די גרענעץ און פאַרלויפט דיר די „מדינה", כדי אָפּצווזעצן אַביסל סחורה ביי דיינע קונדן... עס איז אַ גזירה פון הימל, עס גייט שוין אַזוי פון דור צו דור, אַז דער דזשעגטשאַר דאַרף זיין נע־ונד וואָס מער.

אַריינקומענדיק מוצאי־יום־טוב אין שטוב, האָט ר' אברהם־חיים באַלד זיך געלעגט שלאָפן. דאָס ווייב האָט נאָך אויסגעבאַקן פאַר אים חלות און סוכאַרעס כדי ער זאָל האָבן אויף אַ פאַר וואָכן „היימיש געבעקס"; דאָן האָט זי אַריינגעלייגט זיינע אויסגעלאַטעטע וועש אין אַ ציכעלע, אָוועקגעלייגט אין פעקל לעבן צוויטן ביי דער טיר און האָט זיך אויך געלעגט אויפן בעט. בידע האָבן זיך געמאַכט שלאָפנדיק און זיינען נישט געשלאָפן. זי האָט שטיל אויס־געוויינט איר הארץ — אין אמתן איז זי דאָך אַן אייביקע עגונה — און ער האָט אַריינגעזיפצט אין קישן, באַלאַגערט פון שלעכטע מחשבות, פון מחשבות וועגן שטאַרבן אין דער פרעמד. אַזעלכע געדאַנקען פלעגן אים מאַטערן יעדעס יאָר פאַרן אָפּפאָרן און ס'איז אים חלילה גאַרנישט געשען, נאָר יעדעס מאָל האָט ער געקלערט, אַז היינטיקס מאָל האָבן שוין די דאָזיקע געדאַנקען אַ יסוד...

אָבער די מיידלעך זיינען זיך געשלאָפן גאַנץ רואיק. זיי האָבן זיך אויפ־געכאַפּט, ווען דער בעל־עגלה האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, און אַז זיי האָבן געעפנט די אויגן, האָבן זיי געזען די מאַמע לויפנדיק פון קיך אין שטוב און פון שטוב אין קיך, און דעם טאַטן, ווי ער בינדט צונויף די פעקלעך איינס צום אַנדערן.

„איר קאָנט שוין אויפשטיין!" האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן. פאַרביי־גייענדיק די הילצערנע סאָפּקע, אויף וועלכער די מיידלעך זיינען געשלאָפן, און זיי זיינען שנעל, ווי אויף אַ באַפעל, אויפגעשטאַנען. — די לעצטע מינוט האָט נאָך די מאַמע באַוויזן אַ זאָג צו טאָן צום טאַטן: „אַזוי לאָזט דו מיך איבער מיט די ממזורותן" — איך האָב ביז איצט נישט געוואָלט רעדן"... נאָר ער האָט אַזוי גוט ווי נישט געהערט, וואָס זי האָט אַראָפּגעזאָגט. אַז די פעקלעך זיינען שוין געווען אויף דער פור, האָט ר' אברהם־חיים גענומען טלית און תפילין אונטערן אָרעם; געפרעגט דאָס ווייב, צי זי האָט נישט פאַרגעסן אַריינטאָן די חומשים, האָט אַ געב געטאָן די האַנט דעם ווייב, די מיידלעך, נישט זאָגנדיק אַ וואָרט — טרערן האָבן אים געוואָרגן — און שנעל זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און אַרויף אויף דער פור. „פאָר שנעל!" האָט

ער אַ וואונק געטאָן דעם פורמאַן. „זייט געזונט!" האָט ער געשריען צום ווייב און ביידע טעכטער, וואָס זיינען געשטאַנען אין טיר. באַגושער גאַס איז לאַנג, נאָר ס'איז נאָך פינצטער געווען, און דער וואָגן איז שנעל פאַרשוואונדן. די מיידלעך זיינען אַריין אין שטוב און די מאַמע איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט צום רוישן פון די רעדער, און אַז דאָס רוישן האָט אויך אויפגעהערט, איז זי אַריין אין שטוב.

שניי־בלעטלעך האָבן אָנגעהויבן פאַלן פון הימל, וואַקלענדיק זיך ווי אין חלום און דאָס וועגעלע האָט זיך געשלעפּט דורכן וואַלד צו דער גרענעץ. ר' אברהם־חיים האָט זיך אַריינגעטוליעט פאַר קעלט און אומעט, און האָט געקלערט מיט צער וועגן די גוטע יום־טובדיקע טעג, וואָס זיינען שוין אַוועק און וועגן דעם ביטערן לאַנגן ווינטער וואָס וואַרט אויף אים אין דער פרעמדער מדינה.

---

## ר' זונדל תלמיד חכם

אַז גאָט האָט געבענטשט ר' אברהם־חיים עשו'ן און ער איז געוואָרן באַלייבט (רייך) האָט ער באַשלאָסן נעמען אַ ישיבה־בחור פאַר אַן אידעם. ר' אברהם־חיים איז געווען אַ איד אַ פקח און געהאַט אַ וויטן בליק. ער האָט זיך שטענדיק געוויצלט איבער דעם לעבן פון די דזשעגטשאַר־הענדלער. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אַלטן לץ, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם „מוסר השכל" פון דעם דאָזיקן גלות־לעבן, און אידער זיך משדך זיין מיט אַ דזשעגטשאַר, האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן אין לאָמזשער ישיבה און נעמען דאָרט אַ מאַן פאַר זיין צירלען, די עלטערע טאָכטער. אַ קרעמער אָדער אַ סוחר און אַפילו אַ ריכטיקער שניידער וועט זיך דאָך נישט משדך זיין מיט אַ דזשעגטשאַר, און מיט די שמידאָקעס — דאָס איז געווען אַ פאַרצוויגטע משפחה אין גראַיעווע — אָדער אַפילו מיט אַ גוטן שוסטער האָט ווידער ר' אברהם־חיים זיך נישט געוואָלט משדך זיין.

אין אַ שיינעם בין־הזמנים, צווישן ראש השנה און יום־כיפור, האָט ער זיך אָוועקגעלאָזן אין לאָמזשער ישיבה און אויסגעקליבן אַ בחור אַ צאַצקע, זונדל מתמיד פון שטשוטשין, די נאָענטסטע שכנטע פון גראַיעווע אויף מערב זייט, אַ קיימא לן פון צווי מייל וויט פון גראַיעווע. אַזוי ווי אסרו חג האָט ער געמוזט צוריק פאָרן קיין דייטשלאַנד, האָט ער עס שנעל אָפּגעמאַכט, אַ טאָג פאַר סוכות האָט מען געשריבן די תנאים און חול־המועד האָט מען געפּראַוועט די חתונה. צירל, וואָס איז געווען געוואוינט צו שפּאַצירן אויפן „גריינעם באַרג", ווען דער טאַטע איז נישט געווען און פלעגט זיך דאָרט טרעפן מיט בחורים אויך, האָט שטאַרק געהאַט פאַראיבל, וואָס מען גיט איר אַ מאַן אין אַ פאַרמאַכטן זאַק, נאָר אַז זי האָט אים דערזען אונטער דער חופּה צום

ערשטן מאָל, האָט זי זיך געפריידט; זי האָט געזען, אַז דער טאַטע איז אַן אַלטער סוחר און ער ווייס, וואָס איינצוקויפן — גרויס און שען, שענער ווי אַלע שניידער־יונגען, שוסטערס און סטאָליאַרעס און אפילו ווי די שמיר־יונגען, וואָס קומען אַראָפּ פון פרייסן פאַרפוצט אין „בגדי מלכות".

אַזוי ווי ר' אברהם־חיים איז געווען דער ערשטער דזשעגטשאַר, וואָס האָט זיך איינגעקויפט אַ אידעם אַ בן־תורה, איז ער געשטיגן אין די אויגן פון די גבירים, דעם דיין און אַפילו אין די אויגן פון רב. נאָר די לאַבוסעס פון באָד־גאַס האָבן זיך מיט דעם וויניק־וואָס גערעכנט און אַז די געסט זיינען אַרויס מיט דער כלה פון ר' אברהם־חיימס שטוב און זיך געלאָזן גיין מיט מוזיק צום שול, האָבן אָט די חברה באַגלייט דער כלה מיט אַלטע און נייע לידלעך, וואָס זיי האָבן מחבר געווען ספּעציעל פאַר דזשעגטשאַרסקע חתונות, און איבערגעשריען די פידעלעך. אונטער דער חופה איז ר' אברהם־חיים געשטאַנען אַ פאַרביטערטער, ווייל די לאַבוסעס זיינען געשטאַנען אויף די צוימען און לאַכנדיק געמאַכט דעם אָנגעלאָפענעם עולם, אַז מען האָט נישט געקענט מסדר קידושין זיין. נאָר אַזוי ווי מען האָט אויף זיי נישט גע־לייגט קיין אַכט, האָבן חברה לאַבוסעס איינגעלייגט דעם שול־הויף, ביז זיי זיינען הייזעריק געוואָרן. באַזונדערס האָבן זיי געדונערט מיטן לידל: „האָט אַ דזשעגטשאַר אַ נייעם משרת, פאַר זיך און פאַר דער טאָכטער אויף כפרות". אָבער ר' אברהם־חיים האָט געשמייכלט: נישט אים מיינט מען — ער האָט גענומען אַ ישיבה־בחור, וואָס וועט זיצן און לערנען און אַביסל צוהאַנדלען, אָבער נישט זיין קיין משרת.

ביי די „שבע ברכות" האָט זונדל מתמיד געהאַלטן אַ דרשה. ר' אברהם־חיים האָט אַ טשוואָק נישט פאַרשטאַנען פון גאַנצן פלפול, אָבער טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן, ווען דער דיין האָט געדריקט דעם חתן די האַנט. זיין וויב ווידער, וואָס האָט אַריינגעקוקט בראש פון די שכנהטעס דורך די שפּאַרעס פון קיך־טיר, איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז זי האָט זיך געכאַפּט מיט אַלע וויבער קושן. דאָס איז געווען אַ שטאַרקער אויס־דרוק פון באַגייסטערונג, באַזונדערס ווען מען דערמאָנט זיך, ווי זי האָט פיינט געהאַט די שכנות און ווי זי פלעגט וועלן בין־הזמנים, אַז זיי זאָלן פּלאַצן פון פאַרדרוס, ווען זי פלעגט זיך שלעפּן מיט קוישן פון כל־טוב . . .

דאָס מאָל איז ר' אברהם־חיים אַוועקגעפאָרן אסרו־חג מיט אַ רואיקן געמיט. ראשית כל איז אים אַראָפּ אַ באַרג פון קאָפּ, און צווייטנס, ס'איז געבליבן אין שטוב אַ מאַנספאַרשוין, און נישט אַבי אַ פלאָקן, נאָר אַ כלי, אַ צאַצקע . . . דאָס וויב ווידער האָט געליטן גרויסע יסורים. יאָרן־יאָרן איז זי געווען געוואוינט, ווען דער מאַן פלעגט נישט זיין, אָפּצוקומען מיט אַ לונג און אַ פוס משבת לשבת, אָבער אַז ס'איז דאָ אַן אידעם אין שטוב, גייט עס נישט. און אַז זי האָט זיך צו אים צוגעוואוינט, האָט זי געוואָלט אָנהויבן

„אַביסל" צוקאַרגן. אָבער צירל האָט עס נישט דערלאָזט. איינמאָל, ווען זונדל איז געווען אין בית־המדרש, האָט אויסגעבראָכן אַזאַ מחלוקה צווישן דער מאַמען און דער טאָכטער, אַז מען איז זיך צונויפגעלאָפן אויף זייערע געשרייען, און ווען די טאָכטער זאָל נישט האָבן קיין בושה — זי האָט געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל זיך דערפון חלילה נישט דערוויסן — וואָלט זיך די מחלוקת אַזוי שנעל נישט געענדיקט. דער סוף פון שפּיל איז געווען, אַז די טאָכטער האָט אַריינגעשריבן אַ בריוול דעם טאַטן, און ר' אברהם־חיים האָט דעם ווייב באַלד געשריבן אַ בריוו, אַז ווען מען האָט איהר אים פאַרגעלייענט, איז זי שיער נישט אין חלשות געפאַלן. זינט דעם האָט זי זיך טאַקע געבעסערט, נאָר קאַרגשאַפט איז דאָך אַ נאַטור־זאַך, אַ לײדנשאַפט ווי אַלע לײדנשאַפטן; פלעגט זי פון צייט צו צייט פּרוּאוון נאָכקומען איר לײדנשאַפט, אָבער ס'איז איר קיינמאָל נישט געלונגען.

דאָס יאָר, וואָס זונדל איז געווען ביי ר' אברהם־חיימען אויף קעסט, איז זי, ר' אברהם־חיימס ווייב, שיער פון זינען אַראָפּ. אַזוי ווי זי האָט אין די פינף חדשים גאָרנישט אָפּגעשפּאָרט, האָט זי דאָך נישט געקענט בין־הזמנים בריקען קעגן די שכנטעס און די גבירטעס אין יאַטקע און אויפן פיש־מאַרק און אַזוי ווי זי איז געווען מיט דעם בריקען געוואוינט יאָרנלאַנג, האָט זי שיער נישט געפּלאַצט פון פאַרדרוס.

קוים איז אַריבער דאָס קעסט־יאָר, האָט זיך געשטעלט די פראַגע פון פּרנסה פאַרן יונגען פּאָר. ר' אברהם־חיים האָט געהאַלטן, אַז זונדל פּאַסט נישט פאַר אַ קרעמער און זונדל האָט דאָס אויך צוגעגעבן. טאָ וואָס וועט ער טאָן מיט די הונדערט רובל נדן? האָט ער זיי אָוועקגעליען זיין שווער. ווי נאָר ר' אברהם־חיים איז אַוועק קיין דייטשלאַנד, האָט זיך זונדל אַוועק־געלאָזט אין שטשוטשין, זיין געבורטס־שטעטל. דאָרט האָט ער געהאַט אַ סך קרובים און געהאָפט עפּעס צו געפינען. זיין צירל איז געבליבן מיט דער מאַמען, ווייל זיי האָבן געקריגן אויף פינף יאָר אַ קאַמער אין דער צוויי־צימערדיקער דירה פון אברהם־חיימען. זונדל האָט געוואָלט ווערן אַ רבי אין דער תלמוד־תורה, נאָר ער האָט זיך נישט געקענט אַריינקריגן; די, וואָס זיינען נאָענט „צום שיסל", האָבן אַלץ נאָך אַנהויב יאָר באַזעצט. האָט ער געוואָלט עפּענען אַ חדר, האָבן עס די אַנדערע מלמדים דערשמעקט און אַט דער חלום איז אויך שנעל צורונען געוואָרן. וואָס טוט מען? האָט אים געזאָגט זיין פעטער, ביי וועמען ער איז געווען: „די זיכערסטע פּרנסה איז מלאכה; איך וועל דיך אויסלערנען גאַרבן פעל און דו וועסט זיין אַ גאַרבער". זונדל איז בלאַס געוואָרן: צו וואָס האָט ער אַזוי פיל געלערנט אין דער ישיבה? געחלומט האָט ער פון רבנות און וועט ווערן אַ גאַרבער? דער פעטער האָט פאַרשטאַנען, אַז זונדל צווייפלט, ווייל עס איז נישט קיין שטאַרק בכבודיקע מלאכה, און ער האָט געזאָגט: „און אַז דיין שווער איז אַ שמיר־איד,

איז ער נישט קיין כשרער איד? שטשוטשין איז ווייט פערצן וויאָרסט פון גראַיעווע, ווער דאַרף וויסן, וואָס דו טוסט? דיין ווייב ווערסטו זאָגן, אַז דו ביסט אַ מלמד"... ווי זונדל האָט נאָר דערהערט, אַז ער קען אויסבאַהאַלטן פון גראַיעווע, האָט ער מסכים געווען. איינמאָל אין חודש פלעגט ער קומען אויף אַ שבת צו זיין ווייב. פלעגט ברענגען אַ פּאָר טאַלער פאַר איר און פאַר משה־בערלען — דאָס קינד, וואָס איז אינצווישן אָנגעלאָפן — און באַלד זונטיק פלעגט ער ווידער אַוועק צו זיין פאַסקודנער מלאכה.

אָנפאַנג ניסן איז ר׳ אברהם־חיים געקומען אַהיים. דאָס ווייב האָט אים דערציילט, אַז זונדל איז געוואָרן אַ מלמד און ברענגט צירלען זיינע „שכירות". דאָס האָט ר׳ אברהם־חיימען שטאַרק הנאה געטאָן: מיט דער צייט קען ער ווערן אַ אמתער רב... די לעצטע וואָך פאַר פסח, אַז אַלע מלמדים האָבן שוין צעלאָזען די חדרים און זונדל איז נישט געקומען, האָט זיך ר׳ אברהם־חיים שטאַרק געוואונדערט, בפרט אַז זונדל ווייס דאָך, אַז דער שווער קומט פון דער גרויסער וועלט באַצייטנס און מען דאַרף אים געבן שלום־עליכם. וואָס טוט אַ מענטש נישט צוליב פרנסה — האָט געטראַכט ר׳ אברהם־חיים — אָבער וואָס טוט אַ מלמד אין שטשוטשין ערב פסח, אַז די משפחה איז אין גראַיעווע? און אַז זיין ווייב האָט אים אַ זאָג געטאָן, אַז זי האָט געחלומט, אַז זונדל איז קראַנק, האָט ער קיין סך נישט געטראַכט, זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ וואָגן און אין צוויי שעה אַרום איז ער שוין געווען אין שטשוטשין. ער איז אויסגעגאַנגען אַלע בתי־מדרשים און מנינים, און ער האָט אים נישט געפונען, איז ער אַוועק צו זונדלס פעטער דעם גאַרבער, דאָרט האָט ער געזען זונדלען זיצנדיק אין קיך ביים עסן. זעענדיק זונדלס בגדים און ווי ער איז בלאָס געוואָרן, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז געשען. זונדל איז אויפגעשטאַנען און מיט אַ אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אים געגעבן שלום־עליכם. באַלד האָט זיך געיאָוועט זיין פעטער און געענטפערט ווי אויף אַ פראַגע: „מה רעש? אַ שמיר־איד איז אַ מענטש און אַ גאַרבער איז אַ חיה? אויב זונדל איז אַ תלמיד־חכם וועט עס ביי אים די פעל פון די אָקסן נישט צונעמען". אַריין אין „שטוב" און זיך געזעצט ביים טיש. ר׳ אברהם־חיימען האָט גע־קלאַפּט דאָס האַרץ: ער האָט גענומען אַ ישיבה־בחור און געקראָגן אַ גאַר־בער. כדי אים צו באַרואיקן, האָט זונדלס פעטער געזאָגט: „און איר ר׳ אברהם־חיים, אַז איר זיינט אַ דזשעגטשאַר, זיינט איר נישט קיין חכם און מיט אַלע מעלות?" און אַז ער האָט באַמערקט, אַז עס נעמט אים, האָט ער צוגעגעבן: „און ר׳ יוחנן הסנדלר און ר׳ יהושע נפחא, דער שמיד, האָבן נישט מחיה מתים געווען?" ביי דער טענה האָבן זיך די בעלי־מלאכות שטענדיק געהאַלטן און זיך שטאַרק געוואונדערט, וואָס די גבירים, פון וועלכע אַ סך קענען אַ בלאַט גמרא, קוקן אויף די בעלי־מלאכות פון אויבן אַראָפּ... דאַן איז זונדל געקומען צו זיך און געלאָסן דערציילט זיין שווער, ווי ער איז

צו דער דאָזיקער מלאכה געקומען. „איך האָב עס געמאַכט — האָט ער גע־
ענדיקט — כדי צו קאָנען מפרנס זיין מיין ווייב און קינד, און נישט דאַרפן
נעמען ביי אייך, וואָס איר זיינט נע־ונד צוליב דעם שטיקל ברויט פאַר זיך".
ר' אברהם־חיים איז געוואָרן זייער וויך און געזוכט צו באַרואיקן זיין איי־
דעם. פונדעסטוועגן האָט ער געהאַלטן, אַז ס'איז בעסער אַז אין גראַיעווע,
און אַפילו ביי אים אין שטוב, זאָל קיינער דערפון נישט וויסן. זיי האָבן ביידע
באַשלאָסן צו זאָגן, אַז ער האָט זיך צוגעקילט און איז געלעגן קראַנק ביים
פעטער אין שטוב.

קומענדיק אַהיים, האָט אים ר' אברהם־חיים באַלד געלעגט אין בעט
און צירל האָט אים באַדינט ווי אַ מאַמע. אַז קיינער איז אין צימער נישט
געווען, האָט זיך ר' אברהם־חיים אַריינגעכאַפּט צו זונדלען, אים געגלעט
אויפן קאָפּ און ביידע האָבן געלאַכט פון דעם איינפאַל. ערב פסח איז ער
אויפגעשטאַנען און פסח איז ער געגאַנגען אין שול מיטן שווער, אָנגעטאָן אין
אַ שוואַרצע קאַפּאָטע און אַ רבנישן הוט. ר' אברהם־חיימען האָט שטאַרק
הנאה געטאָן, וואָס אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט מיט קנאה.

די יום־טובדיקע טעג זיינען אַוועק. ר' אברהם־חיים האָט זיך צוריקגע־
קערט צום שמיר־וועגעלע, און זונדל — צום פעטערס גאַרבאַרניע.

אין חודש תמוז, אַ פרייטיק, איז דאָס געשען, וואָס האָט באַשטימט זונדלס
שיקזאַל אויף זיין גאַנצן לעבן. איידער ער פלעגט פאָרן אַהיים, פלעגט ער
גיין אין שטשוטשינער באָד און זיך גוט אויספאַרן. יענעם פרייטיק איז
פלוצלינג געשטאָרבן דעם בעדערס טאַטע און מען האָט די באָד נישט געהייצט.
ער האָט זיך אַפילו גוט אָפּגעטובלט אין מקוה, אָבער דאָס קאַלטע וואַסער
האָט, וויזט אויס, נישט אויסגעצויגן דעם שלעכטן פעל־ריח פון זיין קער־
פער. פאָרנדיק קיין גראַיעווע, האָט ער באַדאַרפט לאָזן עטלעכע פעלכלעך
ביים גוט־באַזיצער אין פאַפּאָווע; ער האָט אויסגעליידיקט דעם זאַק און אים
גענומען מיט זיך. אָנקומענדיק אַהיים, האָט ער זיך ראשית כל אַריינגעכאַפּט
אין שטאַל און אין אַ ווינקל אָפּגעלייגט דעם ליידיקן זאַק, וואָס ער האָט גע־
דאַרפט זונטיק מיטנעמען מיט זיך קיין שטשוטשין. צירל האָט אים אַפילו
געזען אַרויסגייענדיק פון שטאַל, נאָר זי האָט זיך געשעמט אים צו פרעגן,
וואָס ער האָט דאָרט געטאָן. זיצנדיק פרייטיק־צו־נאַכטס ביים טיש האָט פון
אים געהאַקט עפּעס אַ שלעכטער ריח. ער אַליין, זייענדיק געוואוינט מיט דעם,
האָט עס נישט געפילט, אָבער צירל האָט עס שטאַרק געפילט און ווי אויף צו־
להכעיס האָט עס איר געצויגן איינצואָטעמען כסדר דעם ריח. עפּעס האָט
איר דער גערוך דערמאָנט און זי האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען, וואָס דאָס
איז, ביינאַכט איז זי שיער נישט דערשטיקט געוואָרן און בשום אופן נישט
געקענט צוטאָן קיין אויג. אַז ער האָט געכראָפּעט, האָט זי זיך צוגערוקט צו
אים און אַרומגעשמעקט זיין העמד, זיין האַלדז, און צום סוף האָט זי זיך

דערמאָנט, אַז אַזאַ שטינקענדיקן ריח פלעגט זי פילן גייענדיק צום בעקער דורך די צילעס, לעבן דער גאַרבאַרניע. זי איז אויפגעשפרונגען פון בעט, זיך אָנגעטאָן און אַריין אין שטאַל. אַז זי האָט געפונען דעם זאַק און אים צוגעלייגט צום נאָז, איז איר נישט גוט געוואָרן אַזש צום ברעכן. זי איז אַריין אין שטוב בלאַס ווי קאַלך, און דעם גאַנצן שבת האָט זי אים נישט צוגעלאָזן אין אירע ד' אמות.

זונטיק אין דער פרי, אַז ער האָט זיך אָפּגעזעגנט, האָט ער זיך פאַר־גנבעט אין שטאַל אַרויסצונעמען זיין זאַק. צירל איז אים שטיל נאָכגעגאַנ־גען, און ווי ער האָט געוואָלט אַרויס פון שטאַל, איז זי אַריין. „וואָס איז דאָס פאַר אַ זאַק?" האָט זי געפרעגט אויפגערעגט. ער האָט געשטאַמלט. „דו ביסט אַ פאַרשטונקענער גאַרבער און נישט קיין מלמד — האָט זי אים אַריינ־געפאָרן גאַנץ שטיל, כדי מען זאָל חלילה, נישט הערן אין דרויסן — איך וועל מיט דיר נישט לעבן!" און זי איז אַרויסגעלאָפן שנעל. ער איז געבליבן אַ קורצע ווײַלע אין טונקעלן שטאַל, מיטן זאַק אין האַנט, צעמישט און צעשראָקן, און אַז ער איז געקומען צו זיך האָט ער אים אײַנגעדרייט און אַ פאַרשעמטער און אַן אַנגעזווייטיקטער זיך געלאָזן צו די פורן, וואָס פאָרן קיין שטשוטשין.

דעם אַנדערן חודש האָט ער זיך שוין אַרומגעוואַשן אין באָד ווי ס'דאַרף צו זיין. ער האָט אויף זיך געגאָסן הייסע שקאָפּקעס איינעם נאָכן אַנדערן; ער איז אַרויף אויף דער העכסטער באַנק און געגעבן דעם שמש אַ האַלבע קאָפּיקע, ער זאָל אים גוט דורכשמייסן מיטן בעזימל. פון שטשוטשין האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט מיטנעמען קיין זאַק, און פונדעסטוועגן האָט צירל מיט אים נישט געוואָלט רעדן, ווען ער איז געקומען. ביים עסן איז זי געזעסן פון דער צווייטער זייט טיש און ביינאַכט איז זי געלעגן אויפן ראַנד פון איר בעט, כדי צו ליגן וואָס ווייטער פון אים. ביידע האָבן נישט געקענט שלאָפן, אָבער זיי האָבן איינער מיטן אַנדערן אַ וואָרט נישט גערעדט. ער האָט איר געוואָלט פרעגן, פאַרוואָס זי איז אויף אים אין כעס און איר אַרויסנעמען פון האַרצן איר חשד, אָבער ער האָט מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן; טאָמער וועט חס ושלום דורך דעם הילצערנעם ווענטל הערן זיין שוויגער, וועט ער דאַן די ריכטיקע מפּלה האָבן... אויף צו־מאָרגנס, בשעת צירל האָט געזויגן אין זייער קאַמער דאָס קינד, האָט ער געפונען אַ שעת הכושר מיט איר צו רעדן. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, צוגעדרוקט זיין אַרבל צו איר נאָז און גע־זאָגט שטיל: „טו אַ שמעק פון מיין אַרבל, דו האָסט זיך געוויס טועה געווען". זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט, און אַז ער איז נישט אָפּגעטרעטן, איז זי אויפגעשטאַנען מיטן זויגענדיקן קינד ביי דער ברוסט און איז אַריבער אין צווייטן צימער, וואו די מאַמע מיט דער שוועסטער זיינען געווען. זונטיק איז ער נעבעך אַוועק צוריק קיין שטשוטשין, נישט האָבנדיק זיך איבערגע־בעטן מיט זיין צירלען.

די מאַמע האָט געזען, אַז עפּעס איז דאָ צווישן צירלען און זונדלען גע־שען, און אַז עס איז איר נישט געלונגען אַרויסצוקריגן פון דער טאָכטער גאָר־נישט, האָט זי זי געלאָזן צורו. „זיי וועלן זיך שוין איבערבעטן", האָט זי זיך געטראַכט. זי האָט גאַנץ גוט געדענקט דאָס אַלטע שפּריכוואָרט: „וואו צוויי ליגן אויף איין קישן, זאָל זיך קיין דריטער נישט מישן", און זי האָט גובר געווען איר נייגעריקייט... שבת מברכין חודש אלול איז אים אויך נישט געלונגען זיך איבערבעטן מיט זיין ווייב. להיפך, אַז זי האָט אים דערזען, איז זי געוואָרן אַן אָנגעצונדענע און געשלאָפן איז זי אויפן קופער, וואָס איז גע־שטאַנען לעבן די בעטן. איר אויף צו־להכעיס איז ער נאָך שבת־צונאַכט אַוועק צוריק קיין שטשוטשין, און אָפּט האָט ער נאָכדעם געקלערט, צוואָוואָס ער האָט איר געקרענקט... וואָס מער עס האָט זיך צוגערוקט צו ראש־השנה, איז ער אַלץ געוואָרן רואיקער: דער שווער וועט קומען, וועט ער שוין מאַכן אַ שלום צווישן זיי; ער וועט איר אויספּאַטשן העכטס און לינקס, וועט זי שוין לעבן מיט אים.

ר' אברהם־חיים איז געקומען אַהיים אַ וואָך פאַר ראש־השנה, פינף טעג פאַר זונדלען. דאָס ווייב האָט אים באַלד דערציילט, אַז עפּעס איז געשען צווישן צירלען מיט זונדלען. נאָר צירל דערציילט אים גאָרנישט, עפּעס ווי ס'וואָלטן געווען סודות פאַר אַ מאַמען. דעם זעלביקן אָונט, אַז צירל איז שוין געלעגן אין בעט, איז ר' אברהם־חיים אַריין צו איר און שטרענג גע־פרעגט, וואָס עס איז געשען. אויך נאָך דער חתונה איז ר' אברהם־חיים גע־בליבן ביי צירלען עפּעס „אַ פעטער, וואָס איז געקומען אויף יום־טוב פון פרייסן" און פאַר גרויס חרפּה האָט זי זיך איבערגעדעקט מיט דער פּערענע איבער די אויגן און האָט אַ וואָרט נישט געענטפערט. „אויב איך וועל אויף דיר אַראָפּלאָזן דעם פּאַס — האָט ער איר געסטראַשעט האַלטנדיק אין האַנט דעם שפּיץ פּאַס — וועסטו מיר שוין ענטפערן". זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער און קלאָגנדיק ווי אויף חורבן בית־המקדש האָט זי אַלץ דערציילט. „ביסט דאָך גאָר אַ נאַר", האָט ער געזאָגט מיט אַ ווייכער שטימע און איז אַרויס. אויף צו־מאָרגנס האָט ער ווידער געפונען אַ שעת הכושר און גע־וואָלט מיט איר פאַרלייגן אַ טענה. דאָס מאָל האָט זי נישט געוויינט; זי האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן — עשיוס משפּחה האָט געהאַט אַ שם מיט זייערע גרויסע אויגן — און מיט אַן אַנטשלאָסענער שטימע אויסגערופן: „איך וועל נישט לעבן מיט אַ פאַרשטונקענעם גאַרבער, איר מעגט מיך צע־שניידן אויף שטיקער!" ר' אברהם־חיים, וואָס האָט זיינע טעכטער ליב גע־האַט און זיי פאַרשטאַנען, האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און גאָרנישט געענט־פערט. די ריכטיקייט געזאָגט, איז ער אויך נישט געווען צופרידן פון אידעמס מלאכה און האָט נישט געקלערט, אַז ער וועט ביי דעם אייביק בלייבן. די מאַמע האָט צעשיקט ביידע טעכטער, די איינע צום בעקער אויסוועלגערן

מצה׳קעס מיט ציבעלע און די אַנדערע אין מאַרק — אַנדערש האָט זי זיי נישט געקענט אַרויסקריגן פון שטוב, ווען דער טאַטע פלעגט זיין אין דער־היים — און דאַן האָט זי זיך אַלץ דערוואוסט פון איר מאַן. אַ ווײַלע איז זי געווען אין כעס אויפן אידעם און אַ ווײַלע אויף דער טאַטער און געבליבן איז זי ביים רוגז אויף דער טאַטער: „וואָס מיינט זי, אַז דו ביסט ראָט־שילד? ס׳איז טאָקע אַ מיאוסע מלאכה, אָבער אויב דו ווערסט אים אָפּגט׳ן, מוזטו דאָך אים צוריקגעבן די הונדערט רובל". „מיין פּלוניתטע איז אַ חכמת פון אויג", האָט ר׳ אברהם־חיים געטראַכט, ווייל גראָד די מינוט האָט ער אויך געקלערט וועגן די הונדערט קערבלעך, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין געשעפט און וואָס טראָגן גאַנץ שיין.

אויפן אַנדערן טאָג האָט ער אַרויסגעשיקט זיין ווייב מיט דער יונגער טאַכטער פון שטוב און איז געבליבן אויף פיר אויגן מיט צירלען. ער האָט געשפּילט מיט משה־בערלען, וואָס איז געלעגן אין וויגעלע און געלאַכט אויפן קול, ווען ר׳ אברהם־חיים האָט צוגעלייגט אַ פינגער צו זיין העלדזעלע; דער־נאָך האָט ער צוגערופן צירלען און איר געבעטן אַ גלאָז טיי. ווי זי האָט אים דערלאַנגט דאָס גלאָז טיי, האָט ער איר אַ פרעג געטאָן: „און ווען איך וואָלט דיר געגעבן אַ מאַן אַ דזשענטשאַר, וואָלסטו געווען צופרידן?" „אוודאי, דו ביסט דאָך אויך אַ דזשענטשאַר, און אַפילו פון די משרתים שטינקט גאַרנישט און זיי קומען אויסגעפּוצט אין בגדי־מלכות", האָט זי געענטפערט. „און אַז איך זאָל זונדלען מיטנעמען מיט מיר?", האָט ער שטיל אַ פרעג געטאָן. זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע. גלייך איז זי געקומען צו זיך און געענטפערט: „דאַן וועל איך האָבן אַ מאַן, וואָס ער איז אי אַ תלמיד־חכם און איז נישט קיין גאַר־בער". ער האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן אויפן פּלייצע מיט ליבע.

ר׳ אברהם־חיימען איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָט דער אויסוועג האָט אין זיך אַ סך מעלות. ערשטנס, ער וועט נישט דאַרפן צוריקגעבן די הונדערט „קאַרבאָנצעס"; צווייטנס, ער דאַרף האָבן צוויי יונגען אָדער איין יונג און אַ שותף, איז דאָך שוין בעסער, אַז מיט זיין יונג האַצקעל זאָל פאַרן זיין אידעם זונדל, וואָס איז דאָך זיין בלוט און אַן אָרנטלעכער מענטש דערצו; דריטנס, שבת און אין די אָוונטן און אין די לאַנגע ווינטערדיקע טויטע טעג וועט זיין אידעם מיט אים לערנען חומש און רש״י און עין יעקב אויך; פערטנס, צירל מיט זונדלען וועלן לעבן בשלום ובשלווה... אומגעדולדיק האָט ער דערוואַרט זונדלען, נאָר בעצם איז ער געווען גאַנץ רואיק, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זונדל וועט מסכים זיין צו אַלץ, וואָס ער וועט אים זאָגן. ער האָט געזאָגט צירלען, אַז ער האָט זיך אַנטשלאָסן מיטנעמען איר מאַן מיט זיך, און זי האָט זיך צעכליפּעט פון גרויס שמחה.

פאָרנדיק קיין גראַיעווע, האָט זונדל זיך איינגעחזרט, וואָס ער וועט רעדן מיט זיין שווער: ער וועט אַריינוואַרפן פסוקים פון דער תורה און

משלים פון גמרא און מדרש, און דער אַלטער וועט דער טאַכטער שוין אויס־לערנען הלכות נשים... קומענדיק אַהיים, האָט אים זיין ווייב, צו זיין גרויסן שטוינען, פריינטלעך מקבל פנים געווען; און ער, דער תלמיד־חכם און גוט־האַרציקער, האָט אין איין רגע פאַרגעסן אַלע צרות, וואָס זי האָט אים אָנגע־טאָן חדשים לאַנג, און ער איז געווען גליקלעך. נאָך דעם זעלבן אָוונט, גיי־ענדיק צוזאַמען פון בית־מדרש, האָט דער שווער געזאָגט דעם איידעם: „איך ווייס אַלץ, און איך האָב באַשלאָסן דיך מיטנעמען מיט מיר". זונדל איז דערשטוינט געוואָרן און געשוויגן. איין איינציקער געדאַנק האָט באַהערשט זיין מוח: וועט ער ווערן גאָר אַ דזשעגטשאַר? און ר' אברהם־חיים האָט פאַרגעזעצט: „אַ דזשעגטשאַר איז דאָך אַ סוחר און אַ גאַרבער איז אין דער אמתן נישט מער ווי אַ האַקער, אַ שינדער — דו וועסט זיין אַ סוחר, און אָנשטאָט צו בלייבן דיין גאַנצן לעבן אַ קליין גאַרבערל און אַ פשוטער אַר־בעטער, אָפּהענגיק פון יענעם, וועסטו זיין אַ בכבודיקער דזשעגאַטש־סוחר, ווייל דו ביסט אַ תלמיד־חכם; דו וועסט זיין זעלבסטשטענדיק, מיין שותף און מיין יורש — איך האָב דאָך נישט קיין אַנדער זון". „איר זיינט אי קלוג אי גוט, שווער", האָט זונדל געשטאַמלט פאַר דאַנקבאַרקייט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ פון חרפה.

כדי אויסצואוואַרצלען די גאַרבעריי אין גאַנצן פון זונדלען, האָט ר' אברהם־חיים אַ שטאַרקן שמעק געטאָן פון זיינע בגדים און געזאָגט: „דו ביסט דאָך געווייס געווען אין מרחץ און דאָך שטינקט פון דיר די נבלה. פעך און טראָן און שמיר און שלייפאייל זיינען ריין און האָבן אַ געע־זונטן ריח". „ס'איז אַזוי", האָט זונדל צוגעגעבן, כאָטש ער האָט נאָך אין לעבן נישט אַ שמעק געטאָן דעם ריח פון די דאָזיקע מינים.

קומענדיק אַהיים, האָבן זיי זיך געזעצט ביים טיש. „זיץ לעבן אים", האָט ר' אברהם־חיים צוגערופן פאָטערלעך צירלען. „זאָל ער פריער גיין אין באָד", האָט צירל זיך געפיעשטשעט, זיך זעצנדיק לעבן זונדלען, און זי איז רויט געוואָרן.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט די שטילע „טראַגעדיע" אין ר' אברהם־חיימס הויז.

אסרו חג האָבן זיי ביידע פאַרלאָזן גראַיעווע און זיך געלאָזן קיין פריי־סען". גאַנץ גראַיעווע האָט געקאָכט: אַ ישיבה־בחור איז געוואָרן אַ דזשעג־טשאַר. „דער אַלטער האָט פאַרפירט דעם זיידענעם יונגענמאַנטשיק", האָבן ישיבה־בחורים געזאָגט. איינער פון די גבירים האָט געזאָגט: „אָנשטאָט זיך אויפהויבן צו אַ מדרגה מיט זיין איידעם, האָט ער אַראָפּגעשלעפּט דעם איידעם נאָך זיך". „ער וועט אָט די פשוטע אידן אַביסל לערנען תורה, ר' אברהם־חיים איז אַ כשרער איד און ער ווייס וואָס ער טוט", האָט זיך אָנגענומען פאַר אים דער דיין.

די דזשעגטשאַרעס וואָס זיינען צוזאַמענגעפּאַרן אין פּראָסטקען, פון וואַ־
נען זיי פלעגן זיך פאַנאַנדערפאָרן איבער גאַנץ דייטשלאַנד, האָט די ידיעה
געטראָפן ווי אַ דונער. „איצט, אַז ער האָט מיט זיך אַ תלמיד־חכם, וועט ר׳
אברהם־חיים פאַרשלינגען אַלע מדינות", האָבן זיי געזאָגט איינער דעם אַנ־
דערן מיט דאגה. און ר׳ אברהם־חיים איז זיך אַרומגעגאַנגען צווישן זיי מיט
אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, שטאָלץ אויף זיין אידעם, ווי אַ איד וואָס לאָזט
זיך אין וועג אַריין און פירט מיט זיך אַ ספר תורה...

# אַ ליבע פון „גרינעם באַרג"

צו יענער צייט, ווען אין שטשוטשין, סטאַוויסק און אַנדערע נאָענטע
שטעטלעך האָט מען נאָך נישט געקענט קיינע שפּאַציר־פּלעצער, זיינען שוין
אין גראַיעווע געווען אַ פּאָר אַזעלכע פּלעצער, וואו ס'פלעגן זיך טרעפן
בחורים מיט מיידלעך. איין פּלאַץ איז געווען דער שטשוטשינער וועג, פאַר
די רייכערע, און דער צווייטער — דער גרינער באַרג, פאַר די פּשוטערע;
און אַז ס'איז אויסגעבויט געוואָרן דער וואָקזאַל, איז ער געוואָרן אַ שפּאַציר־
וועג פאַר אַלע שיכטן.

מ'זאָגט, אַז דער גרינער באַרג איז געוואָרן באַרימט זינט וועלוול כאַק
האָט דאָרט מקבר געווען דעם בכור. אַנגעהויבן האָט זיך עס מיטן גיין אויף
„קבר אָבות" צום קאָזשיאַל; צופעליק פלעגן זיך דאָרט טרעפן אינגלעך מיט
מיידלעך, און נאָכדעם פלעגט מען דאָרט גיין שפּאַצירן שבת און יום־טוב.
דאָרט פלעגט זיין דער טרעף־פּונקט, דאָרט האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַ סך גראַ־
יעווער ליבעס. איינער איז אַראָפּ פון דאָרטן מיט אַ פריילעך האַרץ און אַן
אַנדערער מיט אַ באַטריבטן געמיט — צום גרינעם באַרג פלעגן מיידלעך קוקן
מיט בענקעניש און מאַמעס מיט פּחד. די מאַמעס האָבן שטאַרק נישט גע־
וואָלט, אַז זייערע טעכטער זאָלן פאַרקריכן צום גרינעם באַרג, נאָר זיי האָבן
זיי נישט געקענט אָפּהאַלטן. אויב פון דאָרט קומט דאָס גליק — כאָטש אַמאָל,
חלילה, דער היפך — ווי קען האָבן אַ מאַמע אַ האַרץ צו שטערן איר קינד?
די טאַטעס זיינען אין דעם זין געווען שטרענגער: זיי האָבן מורא געהאַט
פאַר אַ ביטערן סוף פון דעם „שפּאַצירן", און אָפט האָט מען געקענט זען,
ווי אַן אַלטער טאַטע גייט זיך לאַנגזאַם ביים צוים פון בית־הקברות און
וואַרפט כסדר בליקן אויבן, צום גרינעם באַרג... אַגב, ס'האָט שוין אַמאָל
געטראָפן זייער אַ מיאוסע מעשה, נאָר דאָס איז גראָד געשען אויפן שטשוטשי־
נער וועג, ביי די יחסנים. — יעדעס מיידל פון פּשוטערן שטייגער האָט אין
אַ קורצער צייט דורכגעמאַכט דיזעלבע געשיכטע: פריער פלעגט זי בלאָ־
יודעים שבת אַוועק מיט עלטערע חברטעס צום גרינעם באַרג; נאָכדעם
האָט די מאַמע זי געשלאָגן און איר פאַרזאָגט, אַז איר פוס זאָל נישט קומען

אויף דעם פאַרשאָלטענעם באַרג; דאָן האָט דער טאַטע אָנגעהויבן צו שלאָגן און זאָגן מוסר; צום סוף פלעגט זי זיין די זיגערין און דאָרט גיין אַפילו אין דער וואָכנס. וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס לאַנגווייליקע לעבן אין שטעטל, אַז אַ מיידל זאָל נישט קענען זיין אַביסל וויט פון די אויגן פון עלטערן און שכנים און נאָענט צו די אויגן פון בחורים, וואָס האָבן אין זיך אַזויפיל ליבע און בענקעניש?

אַז אלקנה איז געקומען פון פרייסן און האָט זיך באַוויזן דאָס ערשטע מאָל אויפן גרינעם באַרג — דאָס איז געווען אַ שבת־שובה — האָבן אים אַלע מיידלעך נאָכגעקוקט. אַרויס איז ער פון גראַיעווע אַ ווילדער איינגל, אַ קאָמאַנדשטשיק ביי אַ באַנדע זשוליקעס, און אַראָפּגעקומען איז ער אַ בחור ווי אַ דובער, אַ פריץ, אַ גאַנצער גראַף. ער איז דאָך געווען באַר אַ יונג ביי הערצקען, אָבער אויסגעזען האָט ער ווי אַ גרויסער „בעל־בית", אַ גרעסערער ווי אַלע דזשעגטשאַרעס און ווי פיעל גראַיעווער גבירישע קינדער. ער איז אַרויסגעקומען אויפן גרינעם באַרג מיט דעם פעטער פּיזולס זון און ער האָט אים אויף יעדן מיידל, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, געפרעגט ווער און וואָס זי איז.ביים קבר פון באָק זיינען זיי שטיין געבליבן. אונטערן בוים, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויפן קבר, זיינען געזעסן דריי מיידלעך, איינע פון זיי איז געווען מענדל דעם בעקערס. נאָך פון וויטן האָט ער געהערט אַ צאַרטע, אָנגענעמע שטימע זינגענדיק:

וואָס ביסטו, קאַטשאַקל, ברוגז,
וואָס גייסטו אַראָפּגעלאָזט די נאָז?
אפשר ווילסטו וויסן דיין יחוס,
טאָ קום וועל איך דיר זאָגן וואָס.

און אַז ער איז צוגעגאַנגען האָט זי נישט מפסיק געווען; זי האָט געכאַפּט אויף אים אַ קוק און האָט ווייטער געזונגען.

ער האָט אַראָפּגעקוקט אויף איר בלאָנדן קאָפּ און וויסן האַלדז און איז געבליבן שטיין ווי אַ צוגעשמידעטער... „זי זעט אויס ווי אַ ריכטיקע דייטשקע", האָט ער זיך אַ טראַכט געטאָן, און אַזוי ווי מאָדנע מחשבות האָבן אים געפּאַקט, האָט ער נישט געוואָגט מיט איר צו פאַרלייגן אַ טענה. ער איז אַוועק און זיין קחין אויך און האָט גאַרנישט געזאָגט פון אַלע זיינע געפילן. אַז ער איז עטוואָס אָפּגעגאַנגען, האָט דאָס מיידל ווידער אָנגעהויבן זינגען. ער איז געגאַנגען וואָס אַמאָל לאַנגזאַמער... די שטים האָט זיך צו אים געטראָגן עפּעס ווי גאָלדענע פעדעם און דאָס האַרץ האָט אין אים געבורשעוועט. ער איז נאָכאַמאָל פאַרביי די מיידלעך און געגאַנגען שטיף, נאָר עפּעס האָט אים ווי געדריקט אויף די פּלייצעס, אַז ער זאָל זיך צובויגן.

אַרויס איז ער צום גרינעם באַרג שטאָלץ און לייכט און פֿאַרלאָזן האָט ער אים נידערגעשלאָגן און שווער.

דער פעטער, דער שנידער האָט אים אָנגעהויבן רעדן שידוכים. „אַזאַ בחור ווי דו, האָט ער געזאָגט, פּאַסט אַפילו פֿאַרן רבס טאָכטער". אלקנה האָט אים אָבער געענטפערט, אַז אין פרייסן רעדט מען נישט קיין שידוכים, יע־דערער זוכט זיך אַליין זיין אייגענע באַשערטע.

יום־טוב, נאָכן עסן, האָט אלקנה באַשפּריצט זיינע בגדים מיט אָדעקאָ־לאָן — צו יענער צייט האָבן אין גראַיעווע פון דעם געוואוסט נאָר די מיוחס־דיקע מיידלעך — און ער איז אַרויס צום גרינעם באַרג. ווי זאָגט מען דאָס? איין האַרץ פילט דאָס צווייטע. זעלדע, מענדל דעם בעקערס, האָט זיך דעם טאָג אויסגעפּוצט אין איר שענסטן קלײדל, אויפן האַלדז האָט זי אַרומגעדרייט דער מאַמעס גאָלדענע קייט און זי איז אַרויס מיט אירע „פריינדינעס" אויפן גרינעם באַרג. אַז זיי זיינען אָנגעקומען איינער אַנטקעגן אַנדערן, זיינען זיי ביידע רויט געוואָרן. ער האָט שטענדיק פאַנטאַזירט וועגן אַזאַ מיידל: פעט, ווייס און בלאָנד; זי ווידער — וועגן אַ הויכן, אַ שיינעם און אַ רייכן — רייך נישט דווקא, נאָר ער זאָל אויסזען ווי רייך. אָט דעם יום־טוב־פאַרנאַכט איז אים געלונגען זיך אָפּצושטעלן לעבן איר. לכתחילה האָט ער גערעדט אַ פּאָר ווערטער מיט אירע חברטעס, און נאָכדעם איז זיין קוזין געבליבן מיט די אַנדערע און ער האָט זיך אָפּגערוקט אַ פּאָר שריט פאַר זיי און געבליבן מיט זעלדען.

אויף צו מאָרגנס איז ער געקומען צו איר אין שטוב. וואָס קיין בחור צו יענע צייטן האָט נישט געוואַגט, דאָס האָט ער געוואַגט. מיט אים איז פאַרלאָפן אין שטוב אַ ריח פון „פאַרפיום", וואָס האָט מענדלען דעם בעקער פאַרשיכורט און זיין ווייב חיה'ן גאָר צעמישט, און ביידע האָבן זיך שטאַרק געפרייט.

— „אַז אַ בחור איז אַזוי פאַרקנאַקט, מוז ער דאָך זיין אַן „עושר", האָט חיה געזאָגט שטיל צו איר מאַן, ווען זיי זיינען ביידע ווי צופעליק אַרויס אין צווייטן צימער. ביי זיין אַוועקגיין האָבן די עלטערן אים געבעטן אַריינקו־מען. חיה האָט געזאָגט דער טאָכטער מיט פרייד: „וואָס דאַרפן מיר שדכנים? גאָט וועט זיין דער שדכן, דו האַלט אים לעבן זיך מיט שכל און דערצייל נישט אַ וואָרט דיינע חברטעס..."

אלקנה פלעגט קומען אינדערפרי, בייטאָג און אין אָונט — ער איז שיער פון זינען אַראָפּ, זעלדע ווידער האָט נישט געגעסן און נישט געטרונקען (ווי אַ הון מיט אַ פּיפּעטש אויפן צינגל) און נישט גערעדט — זי האָט נאָר גע־קלערט וועגן שיינעם אלקנה. און די באָד־גאַס האָט געקאָכט ווי דער קעסל פון באָד: די האָבן געזאָגט, אַז ער פּאַסט נישט פאַר איר, אַנדערע האָבן גע־טענהט, אַז זי פּאַסט נישט פאַר אים — קיינער האָט נישט געזען גערן דאָס

גליק פון אים אָדער פון איר... עס זיינען אַריבער פיר טעג און אלקנה'ן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ס'זיינען אַריבער פיר מאָנאַטן. דער פעטער האָט אלקנה'ן כסדר איינגעהאַמערט אין קאָפּ: „מענדל איז אַן עושר, אַלע גויים קויפן זיין ברויט. דו לאָז זיך נישט אַריינגנאַרן אין זאַק מיט דעם מיידל אַזוי ווי די מאַמע האָט איר געבוירן". האָט אלקנה אַ טראַכט געטאָן, אַז דער פעטער איז גערעכט: „איינמאָל אין לעבן האָט מען חתונה, טאָ פאַרוואָס זאָל ער טאַקע נישט קריגן קיין נדן?" אויפן פינפטן טאָג, ווען ער איז געווען מיט זעלדן אין אינעווייניקסטן צימער און נישט געוואוסט, אַז איר טאַטע איז אין פעדערשטן, וואָס איז אָפּגעטיילט געווען פון אינעווייניקסטן נאָר מיט אַ הילצערנעם ווענטל, האָט ער אָנגעהויבן גאַנץ פשוט: „זעלדע, האָסט מיך ליב?" זי איז רויט געוואָרן ווי אַ בוראַק. ווער פרעגט אַזעלכע קשיות פאַר דער חתונה? און אַז ער האָט ווידער געשטעלט די זעלבע פראַגע, האָט זי געזאָגט פאַרשעמט: „דו ביסט אויסגעלאָסן„ ס'איז נישט שיין". האָט אלקנה געלאַכט: „אין דער גרויסער וועלט וויים מען בעסער וואָס הייסט אויסגע־לאסן און וואָס נישט". נאָך אַ קורצער פויזע האָט ער פאַרגעזעצט: „איך בלייב דאָ נאָך דריי טעג; אויב מיר וועלן צווישן זיך מסכים זיין, וועל איך מיט דיר אסרו־חג חתונה האָבן". איז זי געוואָרן נאָך רויטער. דיין טאַטע וועט אונדז געבן צוויי הונדערט רובל און מיר וועלן אין אַ גוטער שעה חתונה האָבן", האָט ער אָפּגעזאָגט שנעל. דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט ווי ביי אַ גנב און זי האָט שטיל אַרויסגערעדט: „פון וואַנען וועט דער טאַטע נעמען געלט?" „פון דעם קניפּל, וואָס ער האָט אָנגעהאַנגען דער מאַמען אויפן האַלדז", האָט אלקנה געשמייכלט. זעלדע האָט פאַר חרפה אַראָפּגע־לאָזן די אויגן, זי האָט זיך איינגעוויקלט אין דעם וואַרעמען טוך און געזאָגט: „מיין טאַטע האָט זיין גאַנץ לעבן געאַרבעט שווער אין די נעכט, און אויב ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר גראָשן דאַרף ער עס דאָך האָבן אויף דער עלטער". מענדל, וואָס איז געשטאַנען אין דעם פאָדערשטן צימער אָנגע־שפּאַרט אויפן ווענטל, האָט געקוואָלן און טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן, הערנדיק די חכמה פון זיין טאָכטער. „אויב אַזוי וועלן מיר נישט קענען חתונה האָבן", האָט אלקנה געזאָגט און געפּיקט מיט די פינגער אויפן טיש. זעלדע האָט געשוויגן. אלקנה איז געווען זיכער אַז זי האָט אים ליב און דער עיקר איז נאָר, וואָס איר טאַטע וויל נישט אַרויסרוקן די פּאָר גראָשן, איז ער געוואָרן אין זיך אויפגערעגט. ער איז אויפגעשטאַנען ווי אַן אונטער־געשאָסענער און אַ זאָג געטאָן: „טאָ וואָס זאָגסטו, זעלדע?" — און אַז זי האָט נישט געענטפערט, האָט ער אויסגעשריגן מיט כעס: „אַז דיין טאַטע וועט איינבעמען אַ מיתה משונה, וועלן מיר קענען חתונה האָבן". זעלדע איז בלאָס געוואָרן ווי קאַלך. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט עפּעס זאָגן, און דאָ איז פּלוצלונג אַריינגעקומען איר טאַטע, וואָס איז געווען ווייס,

ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויסגעקראָכן פון אַ זעקל מעל, ער האָט זיך אַוועק־געשטעלט אַנטקעגן אלקנה'ן (ער האָט אים דערגרייכט ביזן ברוסט) און אויסגעשריגן:

— „אַרויס פון דאַנען, שייגעץ איינער!"

אלקנה האָט זיך דערשראָקן און פאַרשוואונדן.

די גאַנצע פאָלגנדיקע טעג איז זעלדע נישט אַרויס פאַרן טיר און אלקנה האָט זיך אַרומגעדרייט ווי פון זינען אַראָפּ איבערן גרינעם באַרג, אויפן מאַרק און איבער אַלע גאַסן. ער האָט אַלץ פאַרטרויט פאַר זיין קוזין און אים גע־בעטן, אַז ער זאָל גיין איבערבעטן מענדל דעם בעקער, נאָר יענער האָט מורא געהאַט אַפילו צוצוגיין צו מענדלס שטוב... גלייך האָט גאַנץ באָד־גאַס גע־וואוסט, אַז דאָ איז עפּעס געשען צווישן זעלדען און אלקנה'ן, און אַ סך האָט עס שטאַרק הנאה געטאָן. צווישן זיך האָט מען געמורמלט, אַז מענדל זאָל האָבן געטראָפן ביי זיך אין שטוב אויף דער הילצערנער סאָפקע אלקנה'ן מיט זעלדען אַרומגענומען...

אלקנה, וואָס איז געקומען פאַר די ימים טובים קיין גראַיעווע רויט און לוסטיק, האָט דאָס שטעטל פאַרלאָזן נאָך די ימים טובים בלאַס און טרויעריק (ר' הערצקע האָט געזאָגט, אַז ער זעט אויס „נאָר אין קעסטל אַריינצולייגן"). אוי־אוי, ווען ער האָלט דאָס מויל איין רגע, וואָלט ער דאָך ריכטיק היינט געפּראַוועט די חתונה! און זעלדע האָט זיך געשעמט צו ווייזן פאַר דער ליכ־טיקער וועלט. אַלע האָבן איר שוין מקנא געווען, זי איז שוין געווען אַזוי נאָענט צום גליק, און ווען זי וואָלט אים נישט אויפגערעגט, וואָלט ער נישט נכשל געוואָרן, און איצט, אסרו־חג, וואָלט זי שוין געשטאַנען אין ווייסן אונטער דער חופּה... ביז אסרו־חג האָבן נאָך בײדע געהאָפט, אַז עס וועט ווי עס איז נאָך גוט ווערן, „איצט וועט מענדל דער ימח־שמוניק חתונה מאַכן זיין טאָכטער", האָט אלקנה געטראַכט. „ער וועט זיך ווידער נישט ווייזן יאָרנ־לאַנג און וועט אָן מיר פאַרגעסן ווי אָן אַ טויטן", האָט ווידער זעלדע גע־קלערט און שטיל פאַר זיך, אים באַקלאָגט.

נאָר אַז גאָט פאַרט פון אויבן, קענען מענטשן נישט קאַליע מאַכן אונטן. אלקנה האָט אויף איין מינוט נישט פאַרגעסן זעלדן און ער האָט געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד דעם גאַנצן ווינטער ביז פּסח. אַלע שיקסעס, וואָס ער פלעגט זיי אַמאָל פאַרטשעפּן, האָט ער נישט געקענט מער אָנקוקן. — און זעלדע ווידער האָט געליטן און געשוויגן. מיט אירע חברטעס האָט זי זיך געשעמט וועגן דעם צו רעדן, און מיט דער מאַמען נאָך מער. די מאַמע — אַ מאַמע זעט דאָך אַלץ — האָט געזען, וואָס עס טוט זיך ביי איר זעלדעלען אין האַרצן, און דאָסזעלבע האָט זיך געטאָן אויך ביי איר אין האַרצן. אַז זי פלעגט זיצן אַליין מיט איר מאַן פלעגט זי אים פּרוואוון באַרואיקן און באַווייזן, אַז

אַפילו אַ מלאך קען זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, בפרט אַ דזשעגטשאַר. מענדל האָט אויך ליב געהאַט זיין טאָכטער און איר מיטגעפילט, נאָר זי האָט זיך נישט געקענט אונטערגעבן. נישט איינמאָל האָט אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צוליב דעם צווישן מאַן און ווייב, און ס'פלעגט זיך שטענדיק ענדיקן מיט דעם, אַז ער פלעגט נישט וועלן עסן אַ גאַנצן טאָג.

אַז ס'איז געקומען דער בין־הזמנים פון פסח, איז אלקנה דאָס מאָל געווען געפאָרן מיט ר' הערצקען קיין גראַיעווע. אָנקומענדיק האָט ער געפרעגט מיט שרעק זיין קוזין, צי זעלדע איז נאָך נישט פאַרהייראַט, און אַז ער האָט געהערט אַז זי איז נאָך אַ מיידל, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. ער איז פלוצלונג געוואָרן ווי דער פרומסטער מענטש און געזאָגט צו זיך אַליין: „דאָס איז מן השמים, זי וואַרט אויף מיר". דאָס האַרץ איז אים איבערגעלאָפן פון ליבע און בענקעניש און ער האָט באַשלאָסן ביי זיך צו גיין צו איר אין שטוב אַריין און איבערבעטן איר טאַטן. דאָס איז געווען אַ פּרייטיק. אויף צו־מאָרגנס, שבת, ווי ער איז נאָר אַרויף אויפן גרינעם באַרג מיט דעם קוזין, האָט אים אַ לייכט געטאָן זעלדעס פנים... ער האָט זיך אויף דעם נישט גע־ריכט און זי האָט גאָרנישט געוואוסט, אַז ער איז געקומען אום ערב־שבת. ביידע זיינען ווייס געוואָרן ווי קאַלך. זי איז דורכגעגאַנגען. „זעלדע" האָט ער זי צוגערופן מיט אַ ציטערדיקער שטים. זי האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און האָט אומגעדרייט דעם קאָפּ. די ערשטע איז געבליבן שטיין איר חברטע. איז זי אויך געבליבן שטיין. דער קוזין האָט אַ זאָג געטאָן צו דער חברטע: „מיר וועלן גיין באַזונדער", און גלייך איז זעלדע געבליבן מיט אלקנה'ן אַליין...

אויף צומאָרגנס האָבן זיי זיך ווידער געטראָפן אויפן גרינעם באַרג. זי האָט אים דערציילט, אַז זי האָט גערעדט מיט דער מאַמען און ער קען קומען דעם ערשטן טאָג יום־טוב צו זיי אין שטוב. — אַז ער איז געקומען צו זעלדן אין שטוב, האָט ער מיטגעבראַכט אַ זיידן טיכל פאַר איר מאַמען (געקויפט האָט ער דאָס טיכל אין דייטשלאַנד פאַר זעלדען, אויב ער וועט זי נאָך טרעפן אַלס מיידל) און אַ שייך טאַבאַק־פושקעלע פאַר איר טאַטן. „זייט מיר מוחל, ר' מענדל, — האָט ער געמורמלט, נישט קוקנדיק דעם אַלטן אין די אויגן, — איך האָב נישט געוואוסט, וואָס איך רעד".

מענדל האָט כלומרשט מוחל געווען אלקנה'ן אינגאַנצן, אָבער אין האַרצן האָט ער אויף אים געטראָגן אַ כעס און געוואָלט אים ווי טאָן. אלקנה איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן חתונה האָבן אסרו־חג און זעלדע וועט ווערן זיינע, אָבער מענדל האָט אַנדערש געזאָגט: „אויב איך וועל כאַפּן און חתונה מאַכן מיין טאָכטער איינס־צוויי, נישט מיר נישט דיר, וועט מען דאָך אַרויסגעבן אויף איר אַ „שם רע", האָט מענדל געטענה'ט. אלקנה האָט זיך געשעמט זיך צו האַלטן ביי זיינס און ער האָט געשוויגן. זעלדען האָט ער אַפילו יאָ גע־זאָגט, אַז דער טאַטע איז נישט גערעכט, אָבער זי האָט געקוועטשט מיט די

פלייצעס און געענטפערט פאַרשעמט: „מיר קענען זיך דאָך ניט אַריינמישן, דאָס איז דאָך זייער ענין, די עלטערנס".

מוצאי יום־טוב האָט מען געשריבן תנאים. ר' מענדל האָט געוואָלט באַשטימען די חתונה אויף חול המועד סוכות, אַז אלקנה וועט קומען פון פרייסען, אלקנה איז דערשטוינט געוואָרן. „אפּגענומען זאָל דיר ווערן דאָס לשון, אַלטער כלב", האָט ער זיך געטראַכט. צום סוף האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט: „טאָרן איז דאָך נישט ווייט פון גראַיעווע, וועל איך קומען ספּעציעל אויף שבועות". און אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן אין אַ גוטער שעה.

---

## נאָר נישט קיין דזשעגטשאַר

### אַ באַליבט לידל ביי די גראַיעווער דזשעגטשאַרעס *)

האָט דיר אַ טאָכטער, אוי, גאָט געגעבן,\
פאַר אַ דזשעגטשאַר, גיב איר נישט אויס;\
ער איז נע ונד זיין גאַנצן לעבן,\
זי — עלנט ווי אַ שטיין אין הויז...

גיב איר, דזשעגטשאַר, אַ שוסטער אַ מאַן,\
וועט ער דיר מאַכן שיך שטאַרקע;\
אָדער אַ שניידער — דאָס איז גאַר אַ פּאַן,\
וועט ער דיר נייען אַ מאַרינאַרקע.

נאָר נישט פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ\
מיט אַ מחותן אַ נגיד נאָר;\
ער איז מסתמא פון בענקל אַראָפּ,\
דיינע ממתקים מיינט ער גאָר...

נאָר באין ברירה, מילא, איז רעכט אַ גביר,\
נאָר נישט קיין דזשעגטשאַר, ניין און ניין;\
ער איז אין פרייסן, ווייט פון איר —\
זי איז אין גראַיעווע ווי אַ שטיין.

---

*) פון דעם בוך „פער־אידך" פון ארי אבן־זהב.

הײמאַן בלום

# חסידים אין גראַיעווע

## מיט פופציק יאָר צוריק

(דערינערונגען)

גראַיעווע האָט פאַרמאָגט אַן אָנגעזעענעם חסידישן אינדזל אין דעם גרויסן „מתנגדישן ים" פון גראַיעווע גופא און פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי ראַיגראָד, יאַגוסטאָוו, שטשוטשין, ראַדזשילאָווע, גאָניאָנדז, טרעסטינע, א. א., וואו עס זײַנען אפשר געווען אײנצלנע חסידים, אָבער נישט קיין „אָרגאַניזירטער חסידיזם" — קיין חסידים־שטיבלעך.

מײַנע דעראינערונגען וועגן דעם חסידישן וועזן אין גראַיעווע זײַנען יוגנט־זכרונות. איך האָב פאַרלאָזן מײַן היים־שטאָט אין מײַן פריער יוגנט און וועל זיך מוזן פאַרלאָזן אויף וויפיל מײַן זכרון וועט מיר דינען און אויף די געשפרעכן וואָס איך האָב געהאַט מיט עטלעכע לאַנדסלײַט וועלכע האָבן, פונקט ווי איך, געקראָגן אַ חסידישע דערציאונג אין זייערע קינדער־יאָרן און בײַ וועמען דאָס חסידים־שטיבל איז געווען אַ צווייטע היים.

גראַיעווע האָט אין דער צײַט וועגן וועלכער איך שרײַב (דער סוף פון 19־טן יאָרהונדערט און דער אָנהייב פון 20־טן) פאַרמאָגט צוויי חסידים־שטיבלעך — די אַלטע, אויף שול־גאַס, און די נײַע, אין רבס געסל.

דאָס אַלטע שטיבל איז פאַרבליבן דאָס אייגנטום פון די חסידים זינט דעם לעצטן דורכגעפאַלענעם פוילישן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד, אין 1863, נאָך וועלכן די רעגירונג האָט קאָנפיסקירט דעם פאַרמעגן פון דעם פוילישן פריץ, דער אייגנטימער פון שטעטל, און פאַרטיילט די הײַזער און די אַרומיקע פעלדער צווישן די וואָס האָבן אין די הײַזער געוואוינט.

דאָס נײַע שטיבל איז געגרינדעט געוואָרן עטלעכע יאָר נאָך דער גרויסער

שרפה, אַרום 1895, ווען ר׳ חיים־שמואלס גערער שטיבל איז אָפּגעברענט געוואָרן.

עס איז פאַר אַ געוויסער צייט אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּראָבע צו גרינדן אַ באַזונדער קאָצקער שטיבל, אויף אַן אויבער־שטיבל אין שול־גאַס, אָבער זי האָט לאַנג נישט עקזיסטירט.

לויט ווי עס גיט מיר איבער מר. וויליאַם פרידמאַן, פון אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, אַ זון פון יצחק־מאיר פרידמאַן (משה נחמיהס זון) איז דאָס קאָצקער שטיבל געגרינדעט געוואָרן צוליב אַ צוזאַמענשטויס אין דעם נייעם שטיבל צווישן צוויי בוזים־פריינט — זיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַ קאָצקער חסיד, און יאַנקל גינזבורג (אַביגדורס אײדעם), אַ גערער חסיד. דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ שבת פאַרנאַכט, ביי שלוש־סעודות. ס׳האָט זיך גע־האַנדלט וועגן דעם צי מ׳זאָל זינגען „בני היכלא" מיט אַ קאָצקער ניגון אָדער מיט אַ גערער ניגון. די קריגעריי האָט זיך פאַרשפרייט און די קאָצקער חסידים האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעריסן און געגרינדעט אַן אייגן שטיבל. מיט זיי איז מיטגעגאַנגען דער גערער חסיד נתן זילבערמאַן (דער וויין־מאַכער), ווייל די קאָצקער חסידים האָבן זיך גענויטיקט אין אים אַלס גוטער בעל־קריאה. די דערמאָנטע צוויי גוטע־פריינט זיינען נאָכדעם אַ לענגערע צייט זיך געבליבן שונאים.

די מערסטע חסידים אין גראַיעווע זיינען געפאָרן צום גערער רבין; אַ באַדייטנדיקער צאָל — צום קאָצקער רבין. עס זיינען אויך געווען איינצלנע וואָס זיינען געפאָרן צו אַנדערע רביים. עס פלעגן אויך פון־צייט־צו־צייט קומען צופאָרן די וואַנדערנדיקע רביים — דער קאָברינער און דער סלאָנימער.

איך האָב זיך פאַקטיש „אויפגעהאָדעוועט" אין דעם אַלטן חסידים־שטיבל. שוין באַלד אַ האַלבער יאָרהונדערט ווי איך האָב דאָס שטיבל פאַרלאָזן, נאָר איך געדענק נאָך דעם אייגנאַרטיקן אָרט לעבן אין דעם שטיבל און די אינ־טערעסאַנטע טיפּן וואָס זי האָט פאַרמאָגט. דערפאַר וועלן מיינע דעראינע־רונגען זיך באַציען אויף דעם אַלטן שטיבל. אָבער פאַקטיש איז דער אונ־טערשייד צווישן אַלטן און נייעם שטיבל געווען אַ גאַנץ קליינער.

די חסידישע קינדער האָבן זיך געפילט גאַנץ אומבאַקוועם מיט זייערע לאַנגע חסידישע קאַפּאָטעס, חסידישע היטעלעך און לאַנגע פאות. מתנגדישע קינדער האָבן אונדז געווינטלעך גערופן „סכידאַקעס"! זעלטן־ווען אַן „עמך" פלעגט אַרויסרעדן דאָס וואָרט „חסידים". געוויינטלעך פלעגט מען אונדז רופן „סכידים".

די חסידישע קינדער האָבן זיך ווייניק אָנגעקערט מיט די מתנגדישע קינדער. חסידישע קינדער האָבן זיך מייסטנס אויסגעלעבט אין חסידים־שטיבל — איבערהויפּט אין די שבתים און ימים־טובים, און באַזונדערס אין די שבת פאַרנאַכטן צו שלוש־סעודות, ווען אין שטיבל איז געווען טונקל, די



**די פאַרוואַלטונג פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק (1920)**

פון רעכטס צו לינקס : **קאַנאָוויטש, שטרויסבערג, טענענבוים, סוטקער, וואָדאָווסקי, שמעון קאָלקאָ.**



**די פאַרוואַלטונג פון דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער באַנק**

**פון רעכטס צו לינקס, ערשטע ריי (זיצנדיק) : א. י. גאָרציצקי, צבי באָרקאָווסקי, חיים שמואל מישקאָווסקי, אָשר רעכטמאַן, מרדכי טיקאָצקי. צווייטע ריי (שטייענדיק) : אליעזר ווײַנער, יצחק סאַמסעבער, הערשל וויערניק, אפּקעוויטש. דריטע ריי : אפרים וואָדאָווסקי, אברהם רוטקאָווסקי, יצחק באַרקאָווסקי, מאָטקע בערענזאָן.**



נחמן ראַפּפּ



שמואל קאַמינסקי

האָבן צוזאַמען באַזוכט גראַיעווע אין 1947 צוצוגרייטן דעם באַריכט פאַרן יזכור בוך.

נחמן ראַפּפּ (וואָצלאַוו)

# געשיכטע פון גראַיעווער געטאָ

## אַ פאָרוואָרט

די געשיכטע פון ליידן, פיין און אומקום פון גראַיעווער געטאָ איז בכלל, אין איר פאַרנעם און תוכן ענלעך אויף דער געשיכטע פון יעדער געטאָ אין פוילן. זי פאַרמאָגט אָבער געוויסע ספּעציפישקייטן, אין דעם צונויפ־פאַל פון פאַסירונגען, אָביעקטיווע און סוביעקטיווע, צוליב וועלכע דער גורל פון די אידן אין גראַיעווער געטאָ האָט זיך אויסגעטיילט פון אַנדערע געטאָס סיי בעת איר עקזיסטירן, סיי בעת איר פולשטענדיקער ליקווידאַציע.

צו די באַזונדערקייטן פון גראַיעווע דאַרפן קודם־כל פאַררעכנט ווערן פאַל־גענדיקע צוויי:

א) גראַיעווע אַלס גרענעץ־שטאָט, (דריי קילאָמעטער לעבן מזרח־פּרייסן.)

ב) די דערפער אַרום גראַיעווע דורכאויס קולאַקיש־בעל־גופישע, שאַרף אַנטיסעמיטיש־געשטימטע, פּאָליטיש באַאיינפלוסטע דורך ס. נ. („סטראָניצטוואָ נאַראָדאָווע", אַן אָפּן־פאַשיסטישע פּאַרטיי).

נאָך בעתן אויסברוך פון פּויליש־דייטשישן קריג, אין יאָר 1939, ווען די אידישע באַפעלקערונג איז אין בהלה אַנטלאָפן פון גרייעווע דער גרענעץ־שטאָט, אין די טיפערע שטעט אין לאַנד, ווי ביאַליסטאָק און ווייטער, איז פאַר די גראַיעווער אידן קלאָר געוואָרן די דירעקטע סכנה צו וואוינען אין אומרואיקע צייטן האַרט ביי דער גרענעץ. אַ גאַנצן חודש פאַרן אויסברוך פונעם קריג איז שוין געווען קלאָר, אַז אַזאַ מלחמה וועט אויסברעכן. דאָך האָט זיך נישט יעדן אידן געגלוסט שיידן מיט זיין באַלעבאַטישקייט, לאָזן אַלץ אויף הפקר. ערשט אין די לעצטע טעג, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן פון שטאָט די רעגירונגס־באַאַמטע, מען האָט גענומען אַרויספירן די אַרכיוון פון די רעגירונג־ און קאָמונאַלע־אינסטיטוציעס, ערשט דאַן האָט אויך דער אידישער עולם גענומען ביסלעכווייז פאַרלאָזן די שטאָט. עס זיינען

אָבער געווען אַזעלכע, און דאָס איז געווען די מערהייט, וואָס האָבן זיך פּשוט נישט געקענט דערלויבן אויף אַזאַ עוואַקואַציע. דאָס איז געווען דער גרויסער טייל פון דער שטאָטישער אָרימקייט, וואָס האָט דורך איר אַרבעט אָדער קליין־האַנדל קוים דורכגעלעבט דעם טאָג. און אַזאַ „רירן זיך פון אָרט" וואָלט פאַר זיי באַטייט עקאָנאָמישע רואינירונג. זיינען זיי טאַקע געבליבן אין שטאָט און האָבן די ערשטע דערפילט די נאַצישע „אָרדענונג" אויף זייער הויט. די מערסטע פון די וועלכע האָבן זיך עוואַקואירט קיין ביאַליסטאָק און ווייטער, האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך, מער ניט אומצוקערן זיך אין גראַיעווע, כדי אין אַן ענלעכן פאַל נישט צו זיין אויסגעשטעלט אויף צו אַנטלויפן אין דער לעצטער מינוט. דער באַשלוס איז ביי זיי נאָך פעסטער געוואָרן ווען זיי האָבן דערפילט די פאַרהעלנישמעסיקע רואיקייט, וואָס עס האָט אַרויסגע־וויזן די באַפעלקערונג אין די שטעט טיפער אין לאַנד.

עס איז אָבער געקומען אין צוויי וואָכן אַרום צו אַ וואָפנשטילשטאַנד אויפן גרעסטן טייל פון דער פוילישער ערד. אַ חוץ וואַרשע און וועסטער־פּלאַטע, וועלכע האָבן זיך העלדיש ביז דער לעצטער מינוט פאַרטיידיקט קעגן דייטשישן שונא, זיינען אין די איבעריקע טיילן פון לאַנד קיין קאַמפן נישט פאָרגעקומען. די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען מערב־אוקראַיאינע און מערב־ווייסרוסלאַנד, אין וועמענס גרענעצן עס איז אויך אַריין די ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפט, אַריינגערעכנט דעם גרענעץ־פּאַס פון גראַיעווע, שטוטשין, רייגראָד און אַנדערע שטעטלעך, ביז דער אַלטער גרענעץ פון מזרח־פּריסן.

דער אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי אין די דערמאָנטע געביטן האָט אַרויסגערופן פרייד און זיכערקייט ביי דער אידישער באַפעלקערונג. די אידישע משפחות פון גראַיעווע, וועלכע זיינען מיט עטלעכע וואָכן פריער אין בהלה אַנטלאָפן פון שטאָט, זיינען ביסלעכווייז צוריקגעקומען. מיט יעדן חודש, מיט יעדער וואָך וואָס די סאָוועטן־מאַכט איז געווען אין שטעטל, האָט זיך געשטאַרקט די איבערצייגונג, אַז קיין מלחמה וועט שוין איצט נישט זיין, ווייל... ס'איז געווען גענוג אַ קוק צו טאָן אויף די „שווערע כלים", די צוויי־גאָרנדיקע טאַנקען און שווערע האַרמאַטן פון סאָוועטישן גאַרניזאָן אין גראַיעווע, כדי צו זיין זיכער, אַז דער דייטש וועט זיך נישט דערלויבן אויף קיין אָנפאַל.

צו דערדאָזיקער רואיקייט איז אויך צוגעקומען דאָס פאַרלירן מיטאַמאָל די אייביקע זאָרג וועגן פרנסה, וואָס האָט די מערהייט גראַיעווער אידן שטענ־דיק געדריקט. אַלע אַן אויסנאַם אידן, האָבן באַקומען אַרבעט ביי דער מלוכה און נישט שלעכט פאַרדינט.

דאָס האָט נאָך מער פאַרבונדן די גראַיעווער אידן מיט זייער היימשטאָט און זיי אינגאַנצן געמאַכט פאַרגעסן וועגן דער פריער־געאַנטער סכנה צו וואוינען אין אַ גרענעץ־שטאָט און נאָך בשכנות מיטן דייטש...

דער מלחמה־אויסברוך פון 1941 האָט דעריבער מיט זיין פלוצימדיקייט געטראָפן אין גראַיעווע אַ קאָמפּאַקטע עדה אידן. חוץ גראַיעווער גופא — אויך צוגעקומענע פּליטים פון די פּוילישע געביטן, וואָס דער דייטש האָט אָקופּירט אין דעם איבערפאַל אין 1939. דער נייער דייטשישער אָנגריף האָט זיי געטראָפן הפקרדיק־פאַרלאָזטע פון אַ וועלכן ס׳איז באַשיצער, ווייל די סאָ־וועטן־מאַכט האָט אין גרויס פּאַניק אָפּגעצויגן איר מיליטער אויף מזרח, און די אידישע באַפעלקערונג איז געבליבן אין די ציין פונעם וואָלף...

אַזוי אַרום האָט גראַיעווע, דערפאַר וואָס זי איז אַ גרענעץ־שטאָט, פון די ערשטע געהאַט ביי זיך היטלערישע מאָרד־חילות.

און דאָ קומען מיר צו צום צווייטן פּונקט: די פולשטענדיקע און אַזוי אַכזריותדיקע ליקווידאַציע פון דער אידישער קהילה אין גראַיעווע, איז דורכ־געפירט געוואָרן מיט דעם אַקטיווסטן אָנטייל פון די אַנטיסעמיטישע שכנים פון שטאָט און דאָרף.

גראַיעווע און איר געגנט זיינען פון די איינציקע ערטער אין פּוילן, וואו עס זיינען כמעט נישט אויסבאַהאַלטן און אָפּגעראַטעוועט געוואָרן קיין אידישע לעבנס דורך זייערע פּוילישע שכנים, (חוץ דער ד״ר שיטעלמאַן מיט זיין פרוי, וועגן וועלכע מיר וועלן שרייבן). פונקט פאַרקערט: עס האָט זיך אויסגע־טיילט פון דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג די אונטערוועלט, די פריערדיקע אַקטיווע מיטגלידער פון די פאַשיסטישע פּוילישע אָרגאַניזאַציעס „נארא״, ס. נ. און סתם כוליגאַנעס און זיי האָבן פאַרשפּאָרט און פאַרשנע־לערט די אַרבעט דעם דייטשישן רוצח.

זינט 1933, ד״ה זינט היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן אין גראַיעווער געגנט אַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע כוואַליע. שוין אין דעם יאָר און אין צווייטן יאָר זיינען אין גראַיעווע אָרגאַניזירט גע־וואָרן אַנטי־אידישע איבערפאַלן, מיט דער שטילער הסכמה פון דער מאַכט, וועלכע פלעגט שטענדיק אינטערווענירן נאָכדעם, ווי ס׳זיינען צעהאַקט גע־וואָרן די שויבן אין די אידישע הייזער, באַרויבט געוואָרן אידישע געשעפטן, סטראַגאַנעס און עס זיינען צעשפּאָלטן געוואָרן אידישע קעפּ. יעדער פּרואוו צו אָרגאַניזירן די אַרבעטערשאַפט, האָט אָנגעטראָפן אויף אַן אויסערגעווייני־לעכן טעראָר מצד דער מאַכט פון דער סאַנאַציע־רעגירונג. דידאָזיקע רעגי־רונג האָט ווי ספּעציעל אויסגעכאָוועט דעם אַנטיסעמיטישן ווילקיר, באַ־האַנדלענדיק די אידן ווי דעם שונא נומער איינס פון זייער קלאַגעדיקן רעזשים.

איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז דער אַריינמאַרש פון די דייטש־פאַשיס־טישע חילות אין גראַיעווע האָט אָנגעטראָפן אויף געטרייע אָנהענגער און מיטהעלפער פון מאָרד און רויב אויף דעם הפקרדיקן אידישן לעבן.

אמת, עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן נישט גע־וואָלט שלום מאַכן מיט דער היטלער־פּאָליטיק פון מאָרד און גזילה און זיי־

נען געווען גרייט אַקטיוו צו העלפן די אידן אין זייער פּיין. דידאָזיקע מענטשן אָבער זיינען שוידערלעך אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשישע רוצחים, נאָך די פאַררעטערישע מסירות פון דער פאַשיסטישער אונטערוועלט פון די פּאָליאַקן.

אין אונדזער אַרבעט וועט אונדז אויסקומען צו דערמאָנען אייניקע נעמען פון פּאָליאַקן, פון פאַרשידענעם שטאַנד: פון קלער, פון אַרבעטער און אינ־טעליגענץ, וועלכע האָבן זיך ממש מקריב געווען ביים פאַרטיידיקן אידיש לעבן און האָבן דערפאַר מיט זייער לעבן באַצאָלט. זאָל דידאָזיקע דער־מאָנונג זיין אַ בלום אויף זייער קבר, וועלכער איז ביז איצט געבליבן אומ־באַקאַנט.

שרייבנדיק דידאָזיקע שורות, זע איך פאַר מיינע אויגן מיינע ברידער און שוועסטער פון מיין היים־שטאָט גראַיעווע, אומגעקומענע אין יסורים און פּיין און הער זייער לעצטן וואונטש, פאַרן פאַרלאָזן די גרויליקע וועלט:

דערציילט וועגן אונדזער אומקום! זאָל נישט פאַרשניטן ווערן דער זכר פון אונדז און פון אונדזערע ליידן! זאָל די דערמאָנונג וועגן אונדזער מאַרטי־ראָלאָגיע דיין פאַר די ווייניק־לעבנגעבליבענע פון אונדזער שטאָט ווי אַ מצבה, צו וועלכער מען קומט אויף קבר־אָבות, מען פאַרגיסט אַ וואַרעמע טרער און מען דערמאָנט זיך דעם טראַגישן עבר. און פאַר אונדזער פאָלק זאָל עס בלייבן ווי אַ פונק וואָס צעגליט זיך און טויכט אויף אין אַ גרויסן פלאַם פון נקמה, וואָס זאָל שטענדיק וועקן און מאָנען:

— מחה תמחה את זכר עמלק!!!

ווראָצלאַוו, אַפּריל, 1948.

1

## ניינצן נײַן און דרייסיק

... עס איז געשען אַזוי אומדערוואַרטעט, אַז מען האָט זיך קוים געקענט גלויבן: די דייטש־פריינטלעכע סאַנאַציאַ־רעגירונג האָט פּלוצים, דורך איר פּרעסע, גענומען שיטן פעך און שוועבל אויף דייטשלאַנד, אויף אירע אַגרע־סיע־אַפּעטיטן, אויף איר פאָדערן פון פּוילן דעם דאַנציקער קאָרידאָר.

מיר האָבן געלייענט די צייטונגען און קוים זיך געגלויבט: נישט שוין זשע וועט פון אַזאַ „גוט לעבן" אַרויסקומען צווישן די צוויי „גוטע פריינט" אַ קריג?

... עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ „פּאַטריאָטישע" אַקציע אין לאַנד. צו אונדז אין גראַיעווע איז געקומען דער דראַמאַטישער אַנסאַמבל פון 33־טן פּיעכאָטע־פּאָלק אין לאָמזשע. מען האָט געשטעלט די פּאַטריאָטישע פאַר־שטעלונג: „פּוילן — דאָס האַרץ פון אייראָפּע". מען האָט חוזק געמאַכט פון היטלערן, פון דעם האַקן־קרייץ און פון זיינע דראָאונגען אויף אַ שנעלן „בליץ־

נצחון" איבער פוילן. אויף דערדאָזיקער פאַרשטעלונג בין איך געגאַנגען מיט מיינעם אַ חבר מאָטל יאַבקאָ (מאָטל לייטשעס). דידאָזיקע פאַרשטעלונג איז געווען אָרגאַניזירט אונטער אַ בירגער־פּאַטראָנאַט אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער קרייז־דאָקטאָר שענקיעוויטש. פּלוצים, האַרט פאַר דער פאַרשטעלונג, הייבט זיך אויף דער דערמאָנטער דאָקטאָר, און זאָגט צו זיין באַגלייטער דעם דייטשישן גראַב־באַוואָנסעטן אינזשיניער:

— קומט, קאָלעגע, ס'איז אַ חרפּה צו זיצן צוזאַמען מיט אידן...

ס'איז נישט מעגלעך געווען צו רעאַגירן, ווייל נאָך אַ סך זאַכן איז נישט מעגלעך געווען אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן, דאָס איינציקע וואָס מיר האָבן געקענט טאָן איז תיכף פאַרלאָזן די פאַרשטעלונג.

דעמדאָזיקן פאַקט ברענג איך ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם, ווי אַזוי עס איז געווען די באַציאונג פון די פּוילישע פאַשיסטן און האַלב־פאַשיסטן צו אידן, אַפילו אין אַזאַ סכנה־מאָמענט פאַרן לאַנד, ווי די דייטשישע אַגרעסיע.

אין אַ וואָך אַרום האָבן אַלע מיליטער־פליכטיקע, אויך אידישע, באַקומען מעלדונגען זיך צו שטעלן צו דער אַרמיי, אין אַסאָוויעץ.

ס'ערשטע מאָל, זינט פוילן איז געוואָרן אַ מלוכה, האָבן אידן געקראָגן די מעגלעכקייט צו דינען אין גרענעץ־פּאָלק „קאָפּ" אין אַסאָוויעץ. מען האָט דאָס אָנגענומען, אַז אַזוי ווי עס ליגט שוין דער חלף אויפן האַלדז „גע־טרויט שוין" די סאַנאַציע־רעגירונג די אידן... צו קעמפן קעגן דייטש... ביי דער אידישער יוגנט האָט געברענט דער האַס צום פאַשיסטישן דייטש־לאַנד און מען איז געגאַנגען אין דער אַרמיי מיט אָנגעלאָדענעם קאַמפסלוסט פאַרן נאָענטן צוזאַמענשטויס.

איצט האָט מען שוין נישט געמאַכט קיין איבערקלייב אין פּאָליטישע כשרות ביים נעמען אין דער אַרמיי. פאַרקערט, די ראַדיקאַל־געשטימטע אַר־בעטער, האָט מען ווי ספּעציעל אָפּגעקליבן צום פאַרטיידיקן דעם גרענעץ־פּאַס. אין דער גרענעץ־פאָרמאַציע „קאָפּ" אין אַסאָוויעץ זיינען אַוועק: דער דערמאָנטער מאָטל יאַבקאָ (מאָטל לייטשעס) אַ יוגנטלעכער אַרבעטער, וועל־כער איז אָפּגעזעסן אין טורמע אַן אורטייל פון זעקס יאָר פאַר קאָמוניסטי־שער טעטיקייט, דער לינקער פּועלי־ציוניסט און געזעלשאַפטלעכער טוער מאָטל סטריעוו, די ברידער אַהרון און משה קריסקיעוויטש און אַנדערע.

דעם ערשטן סעפּטעמבער האָט אויסגעבראָכן דער קאָנפליקט. די אַלגע־מיינע מאָביליזאַציע, וועלכע איז אין איילעניש דערקלערט געוואָרן מיט דריי טעג צוריק, האָט זיך אין גראַיעווע נישט באַוויזן צו דער צייט זיך צו פאַר־ענדיקן. דאַנערשטיק, דעם לעצטן טאָג פאַרן קריגס־־אויסברוך, איז דאָס גאַנצע שטעטל, אידן און קריסטן געלעגן ביים וואָקזאַל. האַרץ־רייסנדיקע געוויינען פון די מאַמעס, וועלכע האָבן באַגלייט זייערע זין אויפן פראָנט, האָבן זיך אויסגעמישט מיט די געשרייען פון די מענטשן, וועלכע האָבן נישט באַ־

וויזן פריער זיך צו עוואַקואירן און איצט דערפילט די לעצטע מינוט. שיכורע מאָביליזירטע פּאַליאַקן זיינען געשפּרונגען צוריק פון די וואַגאָנעס און זיך געוואָרפן אויף די אידן, שרייענדיק מיט קולי־קולות אַז די מלחמה איז נאָר צוליב די אידן און אַז איצט וועלן זיי זיך מיט די אידן אָפּרעכענען. צום גליק איז שוין נישט געווען קיין צייט „זיך אָפּצורעכענען" אויפן אָרט, ווייל ס'איז שוין געווען 6 פאַרנאַכט און דערדאָזיקער צוג איז שוין געווען דער לעצטער, וועלכער האָט תיכף געמוזט אָוועקפאָרן. אויף צומאָרגנס פיר פאַר־טאָג איז דער צוג, וועלכער איז אָנגעקומען פון ביאַליסטאָק קיין גראַיעווע, אַריינגעפאַלן אין באַן־הויף צו די דייטשן...

די מערסטע אידן, וועלכע האָבן באַוויזן זיך צו עוואַקואירן, זיינען פאַר־בליבן אין ביאַליסטאָק. פונדאַנען האָט מען מיט שרעק און זאָרג געטראַכט וועגן דער מערהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין גראַיעווע, וועלכע איז געבליבן אין שטאָט. אין משך פון צוויי וואָכן, זינט דער מלחמה־אויס־ברוך, איז גראַיעווע געווען אָפּגעשניטן דורך דער פראָנט־ליניע און מען האָט בשום אופן נישט געקענט פון דאָרט עפּעס דערגיין. ערשט אין צוויי וואָכן אַרום, ווען דער דייטש איז אַריין אין ביאַליסטאָק, האָבן אָנגעהויבן קומען קאַרגע ידיעות פון גראַיעווע. קיין איד האָט זיך נאָך נישט איינגעשטעלט צו פאָרן קיין גראַיעווע, נאָר פויערים פון לעבן גראַיעווע האָבן דערציילט דעם טרויעריקן סך־הכל פון צוויי וואָכיקן דייטשישן באַלעבאַטעווען אין שטאָט: מען האָט פאַרברענט אַלע בתי־מדרשים, די גרויסע שיינע שול און אָוועקגע־לאָזט מיטן רויך אַ צענדליק אידישע הייזער.

ווען די סאָוועטן־מאַכט האָט פאַרנומען גראַיעווע, האָט מען אָנגעהויבן ביסלעכווייז צוריק צו קומען אין די היימען און מען האָט זיך דערוואוסט אויך וועגן אידישע הרוגים און וועגן אידן וואָס די דייטשן האָבן געכאַפּט און פאַרשיקט קיין דייטשלאַנד.

עס האָט אַלעמען געמאַכט אויפציטערן דער פאַל מיט דער פרוי עלקאַן, אַ פרוי נישט אינגאַנצן ביים זינען, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרשלעפּט היני־טער פראָסטקען, איר אויסגעשטאָכן די אויגן און אַזוי אַ בלינדע, אַ גוסס'ע איר געלאָזט ליגן אין באַגושער וועלדל, פון וואַנען אַ פויער האָט זי אויף זיין וואָגן געבראַכט צופירן אין שטאָט.

אַ סך אידישע יונגעלייט האָט דער דייטש פאַרשלעפּט צו זיך טיף אין לאַנד, פון וועלכע איך געדענק איז צוריקגעקומען בלויז איין חיים פרידמאַן, (פייגע מאַלקע פרידמאַנס אַ זון).

דעם פופצן יעריקן גימנאַזיסט אַבראַשאַ בייקאָווסקי האָבן די דייטשן פאַרשלעפּט מיט זיך און עד היום איז נישט פאַראַן פון אים קיין שום ידיעה. די עלנטע מוטער חייטשע (העלענע) בייקאָווסקי, וועלכע וואוינט איצט אין ווראָצלאַוו, גלויבט נאָך אַלץ, אַז איר זון לעבט ערגעץ און זי לעבט יעדן טאָג

אויפסניי איבער דעם פּיין פון אַ מוטער, וועלכע קאָן נישט געפינען איר פאַרלאָרן קינד.

אַכזריותדיק האָבן די דייטשן אומגעבראַכט דעם זיבעצן יעריקן בחור דוד ראַפּפּ, אַ זון פון יצחק ראַפּפּ דעם בעקער, (אַ ברודער פון שרייבער פון די שורות). די דייטשישע סאַדיסטן האָבן דעם יונגן יינגל לעבעדיקערהייט צע־פערטלט מיט שווערדן.

פון אַ גראַנאַט איז אויף שטיקער צעריסן געוואָרן די יונגע טאָכטער פון חיים ליזער דעם בעקער, וועלכער האָט געהאַט אַ בעקעריי אויף שול־גאַס. זיין זון, סראָלקע אַנטשקאָווסקי איז שפּורלאָז פאַרשוואונדן.

מצד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון גראַיעווע איז נישט געווען פאַר דערדאָזיקער צייט צו פאַרצייכענען קיין אַרויסטריטן קעגן אידן. פאַרקערט, עס זיינען געווען פאַלן, ווען די דייטשישע זעלנער האָבן אונטערגעצונדן אידישע הייזער, פלעגן די פּוילישע שכנים העלפן לעשן די שרפה. אַזוי איז אָפּגע־ראַטעוועט געוואָרן דאָס ניי־געבויטע הויז פון דעם שניידער יצחק גראַבגעלד און דאָס הויז פון יאָסקע גוראָווסקע („יאָסקע דער דרייער").

צו די וועלכע זיינען פאַרפאַלן געוואָרן און מען האָט נישט געוואוסט וואו, זיינען נאָך אויך צוגעקומען דער געוועזענער מרא דאתרא הרב יצחק אייזיק גראָסמאַן און דער שטעטלשער גביר, דער אייגנטימער פון אַ דאַמף־מיל אין גראַיעווע, אברהם (אַברהמטשע) אייזנשטאַט. שפּעטער האָט מען זיך דער־וואוסט, אַז די לעצטע זיינען שוידערלעך אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן אַלס ערובניקעס (זאַקלאַדניקעס) אין דער געבורטסשטאָט פון דער־מאָנטן רב — בענדין.

די קאַמפן אין פּוילן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. וואַרשע איז שוין געווען באַזיגט און אויף דער טעריטאָריע פון מערב־אוקרייאינע און מערב־ווייסרוס־לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן פאַרמירן סאָוועטיש לעבן. ביסלעכווייז זיינען קיין גראַיעווע, וועלכע איז אַריין אין באַשטאַנד פון מערב־ווייס־רוסלאַנד, געקו־מען די עוואַקואירטע אידן. חוץ דעם זיינען נאָך געקומען אַ געוויסע צאָל אידישע פּליטים פון די פּוילישע געביטן, אָקופּירטע פון דייטשן. דאָס אידישע גראַיעווע האָט ווידער אָנגעהויבן באַקומען ביסלעכווייז איר אידיש פּנים.

2

## סאָוועטנמאַכט אין גראַיעווע

זייער פּרי האָט זיך דעם יאָר געענדיקט דער האַרבסט און ס'האָט זיך, צו די צרות, געשטעלט אַ פריער און בייזער ווינטער. אַזאַ ווינטער, מיט אַזעלכע פראָסט ווי ס'איז געווען אין יאָר 1940־1941 איז נישט געווען צו פאַרצייכענען זינט 1928.

זייער שווער איז געווען דאָס לעבן אין גראַיעווע אין די ערשטע וואָכן פון דער סאָוועטן־מאַכט. אָרגאַניזירטע שעדיקער פון די געוועזענע פאַשיס־טישע פוילישע פּאַרטייען זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די דערפער און האָבן אַגיטירט די פּויערים מען זאָל נישט פאַרקויפן קיין תבואה „פאַר די באָל־שעוויקעס". אייניקע אידישע בעקער, וועלכע זיינען אויך ביים דייטש גע־בליבן אין גראַיעווע, האָבן געקראָגן פון ערגעץ אַ ביסל מעל און געבאַקן שוואַרץ ברויט. דאָס זיינען די בעקער: משה פּינישעווסקי (משה „סמאָד"), וועל־כער איז פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. נאָכן קומען פון דער סאָוועטנמאַכט אין גראַיעווע, האָט ער געבאַקן „פאַר זיך", קריגנדיק ביסלעך תבואה ביי באַקאַנטע פּויערים.

ביסלעכווייז איז דאָס לעבן געוואָרן גרינגער. מען האָט נאַציאָנאַליזירט עטלעכע בעקערייען און דער „אַמט פאַרן שטאָטישן פאַרזאָרג", האָט גענומען באַקן ברויט, גענוג פאַר דער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג. עס האָבן אויך אָנגעהויבן אַריינקומען אין שטאָט אַנדערע פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, אַזוי, אַז אין שטאָט האָט שוין פון גאָרנישט געפעלט.

פון אָנהייב האָט דאָס ביי דער באַפעלקערונג אויסגעזען משונה־ווילד: מען מאַכט אין שטאָט געשעפטן, עס אַרבעטן בעקערייען, עס ווערן געלאָזן די מילן, די עלעקטראָ־סטאַציע, עס עפענען זיך אַרבעט־וואַרשטאַטן, — און דאָס אַלץ אָן בעלי־בתים. דער עולם האָט געשמייכלט און בביאות געזאָגט, אַז עס וועט זיך „זיי" נישט איינגעבן צו ברענגען צו אַ שטיקל אָרדענונג, ווייל אָן אַ באַלעבאָס קאָן מען גאָרנישט מאַכן. די אידישע יוגנט אָבער פון גראַיעווע האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט לייב און לעבן. מאָטל יאַבקאָ האָט, נאָכן צוריקקומען פון פויליש־דייטשישן פראָנט, זיך גע־וואָרפן מיט זיין גאַנצער יוגנטלעכער ענערגיע ביים איינאָרדענען דאָס לעבן אין שטאָט. אין די קאַלטע ווינטערדיקע טעג פלעגט ער וואַנדערן איבער די דערפער און זאַמלען תבואה ביי די פּויערים. ביינאַכט איז ער געגאַנגען אויף אויסשפּיר קעגן די פּאָלקס־שעדיקער, וועלכע האָבן אין די נעכט געטאָן זייער צעשטערערישע אַרבעט. ווען דאָס לעבן האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום סטאַביליזירט, איז דער דערמאָנטער מאָטל יאַבקאָ געוואָרן פאָרזיצער פון מלוכהשן האַנדלס־נעץ „שטאָטישער באַדאַרף" אין גראַיעווע.

מען האָט געעפנט אייניקע מלוכהשע קראָמען פון גאַלאַנטעריע, טריי־קאָטאַזש און אַנד. אין עטלעכע מישקאָווסקיס מויער אין מאַרק, ראָג באָגושער גאַס, איז געעפנט געוואָרן אַ צענטראַלער קאָאָפּעראַטיוו, וואו עס זיינען געווען אָנגעשטעלט כמעט בלויז אידישע פאַרקויפערינס. עס האָבן דאָרט געאַרבעט די שוועסטערן: רחל, שרה און יהודית מייעק (טעכטער פון מייעק דעם סטאָליער). רבקה און טשיפּע מאַרקוספעלד און אַנד. די געוועזענע בע־קער־באַלעבאַטים האָבן איצט געאַרבעט אין זייערע אייגענע בעקערייען, וועלכע

די מלוכה האָט נאַציאָנאַליזירט. דער פּאַרוואַלטער פון די בעקערייען איז אַ געוויסע צייט געווען דער געוועזענער בעקעריי־אייגנטימער שאול בראָנער־ווין.

אויף יעדן געביט פוןווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן זיינען געווען באַשעפטיקט אידן. אַזוי אויך אין שטאָטישן און פּאָוויאַטאָוון ראַט, אין אַלע אונטערגעוואָרפענע זיי אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן. עס איז אין גראַיעווע געעפנט געוואָרן אַ שפּיטאָל מיט 60 בעטלעך. דער פּאַרוואַלטער פון שפּיטאָל איז געווען דער גראַיעווער דאָקטאָר ווינער.

אין בנין פון דער תלמוד־תורה, וועלכער האָט זיך געפונען אויף פּאָוויאַ־טאָווע־גאַס, לעבן נייעם בית־מדרש, איז, נאָכן אויסרעמאָנטירן אים, געעפנט געוואָרן אַ אידישע נישט־פולע מיטל־שול. אין דערדאָזיקער שול האָבן געאַר־בעט ביי אַ צען לערער, צווישן זיי: וועלוול (וואַוואַק) זילבערשטיין, דאָרע וואַ־פּינסקאַ, שלמה וואַנצבערג (דירעקטאָר) און אַנדערע לערער פון דער פּרעמד. אויך אין דער ניי־געעפנטער פּוילישער שול האָבן געאַרבעט די יידישע לערער: פּראַמער און בייקאָווסקאַ.

צום ערשטן מאָל האָט די אידישע יוגנט פון גראַיעווע דערפילט די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס די סאָוועטישע אָרדענונג גיט פאַר דער יוגנט זיך צו אַנטוויקלען. די אידישע יוגנט האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין די מיטל־און הויך־שולן פון לאַנד. די דערמאָנטע לערער און אַ סך אַנדערע יוגנטלעכע האָבן גענומען שטודירן אויף פאַרשידענע פאַקולטעטן. אַנדערע זיינען אַוועק אויף פאַרשידענע קורץ־ און־לענגער־טערמיניקע קורסן צו דערלערנען אַ נוצלעכע ספּעציאַליטעט.

זייער שיין האָט זיך אַנטוויקלט די אידישע שול אין גראַיעווע. די אידישע קינדער, וועלכע זיינען געקומען פון דער פּוילישער שול און פון תלמוד־תורה, האָבן איבעררעאַשט מיט זייער פּערעכטיקן אידיש. עס איז געשאַפן געוואָרן ביי דער מלוכהשער נישט־פולער מיטלשול נומער צוויי אין גראַיעווע אַ קרייז פאַר קינסטלערישער זעלבסטטעטיקייט, וועלכער האָט אין קורצן געוויזן אַ פאָרשטעלונג, וואָס גראַיעווע האָט נאָך אַזוינס פון קינדער נישט געזען. דער קרייז־אָפּטייל פאַר פאָלקס־בילדונג האָט באַשלאָסן צו שטעלן מיט די קינדער פון דער אידישער שול די העבראַאישע דראַמע בר־כוכבא פון ש. האַלקין. נאָכן אַדורכמאַכן אַ דריי חדשימדיקן „קורס פאַר רעזשיסאָרן פאַר דראַמאַטי־שער זעלבסטטעטיקייט" בין איך באַשטימט געוואָרן פאַר דעם לייטער פון דעם קרייז. איך האָב זיך גענומען שטעלן דאָס דערמאָנטע טעאַטער־שטיק. איך דערמאָן זיך דעם גרויסן דערפאָלג וואָס דערדאָזיקער ספּעקטאַקל האָט געהאַט.

אויף די העכסטע באַלקאָנען אין שטאָט זיינען געווען אויסגעהאָנגען קינסטלערישע פּלאַקאַטן, געמאָלן אויף גרויסע טאָוולען. די פּלאַקאַטן

האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט עפּיזאָדן פון העלדישן בר־כוכבא־אויפשטאַנד. אויפן אָרט פון דער גרויסער שול, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרברענט, האָט מען אויפגעבויט אַ פּרעכטיקן טעאַטער מיט 1500 זיצפּלעצער. אין דעמדאָזיקן טעאַטער איז פאָרגעקומען די פאָרשטעלונג. דער זאַל איז געווען איבערפולט מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן עולם. עס זיינען געקומען סאָוועטישע מלוכה־באַאַמטע, פּאַרטיי־פירער און אַ גרויסער טייל פון גראַיעווער גאַרניזאָן. די לעצטע האָבן, פאַר גרויס אָנערקענונג צו די קינדערלעך, געטיילט זיי נאָך דער פאָרשטעלונג מתנות און זיי געקושט. (דידאָזיקע אַלע קינדערלעך־אַרטיסטן לעבן נישט מער. זיי זיינען צוזאַמען מיט אַלע קינדער פון גראַיעווע שוידערלעך אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשישע רוצחים, ימח שמם וזכרם!).

זייער אייגנאַרטיק האָט אויסגעזען פאַר דערדאָזיקער צייט דאָס רעליגיעזע לעבן פון די אידן אין גראַיעווע. די דייטשן האָבן אין יאָר 1939 פאַרברענט אַלע בתי־מדרשים אין שטאָט. איצט, נאָכן קומען פון דער סאָוועטנמאַכט, האָט זיך ביסלעכוויז אָנגעהויבן אויפשטעלן אַ שטיקל רעליגיעז לעבן אויך. אמת, אַ שטיקל צייט פון אָנהייב, האָט יעדער פרומער איד געדאַוונט ביי זיך אין שטוב ביחידות. שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן אין הויז פון בעקער משה פּינישעווסקי (משה סמאָך) אויף רוצקע 30 (שול־גאַס) אַ מנין, וואו אַלע טאָג, און ווער רעדט נאָך שבת און יום־טוב איז געדאַוונט געוואָרן בציבור. דעם שניידער יצחק גראַבאַוואַלד איז געלונגען אין יאָר 1939, ווען די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די גרויסע שול, אַרויסצוראַטעווען איין ספר־תורה און אַ קליינע צאָל ספרי־קודש, ווי גמרות און אַנד. און דאָס איז איצט שטאַרק צונוץ געקומען ביים עפענען דעם מנין.

אויך אויפן געביט פון רעליגיעזן חנוך איז נישט איבערגעריסן געוואָרן די אַלט־אידישע טראַדיציע פון תלמוד־תורה. אמת, דער בנין פון דער פריערדיקער תלמוד־תורה איז געווען פאַרנומען פון דער אידישער שול, נאָר מען האָט איינגעאָרנט אַ ספּעציעלן אָרט ביים מנין, וואו דער העברעאישער לערער אַנשל קאַטשאַק האָט געלערנט לימודי־קודש מיט אַלע אידישע קינדער, וועלכע האָבן ביז מיטאָג באַזוכט די אידישע שול.

אָבער אין די פינצטערניש פון די נעכט האָבן נישט גערוט די שעדיקער. די אין אונטערערד פאַרטריבענע און נאָך נישט אויסגעראָטענע היימישע פאַשיסטן פון דער „נאַראָדאָוועקע". דער ערגסטער שונא פון פוילישן פאָלק, היטלער־דייטשלאַנד, וועלכע איז פאַררעטעריש אָנגעפאַלן אויף פוילן, איז ווי פאַרגעסן געוואָרן. דעם גאַנצן גיפט זייערן האָבן זיי איצט אויסגעלאָזן צו די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן אַריינגעפירט אַהער די „זשידאָ־קאָמונע". מען האָט זיך פון אויער צו אויער איבערגעגעבן ווערסיעס, אַז מען וועט כלומרשט אין קורצן פאַרבאָטן לערנען די פוילישע שפּראַך, אַז מען וועט

אַלע פּאַליאַקן פון גראַיעווע פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע אין סיביר און מען וועט פאַרבאָטן גיין אין קלויסטער. פאַרשטייט זיך, אַז די גאַנצע אַגיטאַציע האָט נישט געהאַט קיין שום גרונט, נאָר בייזוויליק אויסגעטראַכט, כדי אויפ־צורייצן די פינצטערע מאַסן קעגן דער מאַכט און פאַרוואַנדלען זיי אין אַ װערקצייג אין די הענט פון די פריצים און דער רעאַקציע.

דידאָזיקע פינצטערע אַגיטאַציע האָט אָבער נישט געהאַט קיין דערפאָלג. די פוילישע אינטעליגענץ האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן דערפילט, אַז זי איז אַ וויכטיק־נוצלעכער עלעמענט אין דער געזעלשאַפט. און דידאָזיקע אינטעליגענץ האָט אויסגעפילט אַלע מלוכהשע און קאָמונאַלע אַמטן אין גראַיעווע און געוויסנהאַפט געאַרבעט. די אַרבעטער, דער עיקר די שטענדיקע אַרבעטלאָזע, וועלכע זיינען פריער פאַר פוילן, גשטאַנען הינטער דעם מאַ־גיסטראַט אין גראַיעווע און געוואַרט אויף „זאַפּאָמאָגע" (שטיצע) האָבן באַקומען אַרבעט פון וועלכער זיי האָבן געקענט לעבן, און זיינען דעריבער געווען טריי דער רעגירונג פון אַרבעטער און פויערים. בלויז די פּריצישע זינדלעך, ביי וועמען מען האָט צוגענומען די גרויסע ערד־מאַיאָנטקעס און צעטיילט צווישן ערדלאָזע פויערים, בלויז זיי האָבן נישט געקענט רוען און געפירט זייער אַלטע, נאָך פון פאַר דער מלחמה באַקאַנטע אַגיטאַציע קעגן דער „זשידאָ־קאָמונע".

די סאָוועטנמאַכט האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דידאָזיקע שעדיקער און האָט אונטערגענומען אַן אַקציע. דידאָזיקע פיינטלעכע עלעמענטן דער־ווייטערן פון דער גרענעץ־שטאָט גראַיעווע און שיקן זיי טיפער אין לאַנד אַריין.

דעם 19־טן יוני, 1941 זיינען פון גראַיעווע אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן אייניקע יידישע פאַמיליעס. עס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן: די פאַמיליע בייקאָווסקי, יוסף ביאַלאָסטאָצקי מיט זיין פאַמיליע, קירשנבוים מיט זיין פאַ־מיליע, די קראַנקנשוועסטער מאַניע קאַפּלאַן. אייניקע האָבן באַקומען אַ פאַר־אָרדנונג צו וואוינען 30 קילאָמעטער פון גראַיעווע (אהרון לייזערזאָן און אַנד.).

די אַרויסגעשיקטע האָבן שטאַרק איבערגעלעבט דעם פאַקט פון דאַרפן שיידן זיך מיט דער אַלטער היים. זיי האָבן עס באַטראַכט ווי אַ טראַגעדיע און האָבן שטאַרק געוויינט ביים געזעגענען זיך מיט זייערע פריינט. אין סך־הכל אָבער זיינען די אַלע אַרויסגעשיקטע, אַדאַנק טאַקע דעם וואָס מען האָט זיי 2־3 טעג פאַר דער מלחמה פּשוט אַרויסגעריסן פון די נעגל פון די היטלעריסטן, לעבן געבליבן און רעכענען דעם טאָג פון זייער אַרויסשיקונג פון גראַיעווע, ווי דעם טאָג אין וועלכן עס איז זיי געשען דער גרעסטער נס אין זייער לעבן.

אין די חדשים מערץ־אַפּריל, 1941, זיינען די מיליטער־פּליכטיקע פון גראַיעווע, אויך די אידישע, אַוועק דינען אין דער רויטער אַרמיי. פון די

וועלכע זיינען אַוועק אין דער אַרמיי געדענק איך: חיים אַדאַמשטיין, יאָסל מאַיעק, יאַנקל רוימער, לייבל דאַרף, גרשון גרינגראַס (זרח דעם קצבס אַ זון) און שמאי מאַרקוס. דידאָזיקע יונגעלייט האָבן זיך דערנאָך העלדיש געשלאָגן אין דער מלחמה קעגן די דייטשן און זיינען פאַרשידן אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זייער העלדישקייט. זייער גרעסטע אויסצייכענונג איז אָבער דאָס, וואָס אַדאַנק דעם וואָס זיי זיינען אַוועק אין דער אַרמיי, זיינען זיי נישט אַריינגעפאַלן אין געטאָ און געבליבן לעבן ביז היינטיקן טאָג.

אַן ערגערן גורל האָבן געטיילט די גראַיעווער יונגעלייט, וועלכע האָבן געדינט אין אָסאָוויעץ (25 קילאָמעטער פון גראַיעווע). זיי זיינען פון די ערשטע אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשישע רוצחים און אומגעקומען. פון די אומגעקומענע אין אָסאָוויעץ געדענק איך: יאַנקל רוצקי (פאַלק דעם מאַלערס אַ זון), גרשון וויערניק, משה וויערניק (אַלתרקע דעם קצבס), בנימין קוריטוואָוסקי, משה יצחק טאַביאַשאַראַ, חיים מענדל לעווין, חיים קור־זשאַנדקאָווסקי, לייבל זעליגזאָן, יאָסל לעוויט און דער 18־יעריקער חיים עפּ־שטיין. אייניקע פון דער זעלבער אָפּטיילונג האָבן באַוויזן זיך אַרויסצורייסן און קומען אַהיים קיין גראַיעווע צו זייערע עלטערן. ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט יעקב שיע קאַמינסקי, וועלכער האָט „זוכה געווען" אומצוקומען אין גראַיעווער געטאָ צוזאַמען מיט זיין טאַטע־מאַמע.

דאָס לעבן איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען אַזוי רואיק און האָפנונגספול, אַז מ'האָט זיך בשום אופן ניט געגלויבט, אַז ס'קען ווען־עס־איז געשען אַזאַ אומגליק ווי ס'איז געשען, און ווען דעם 22־טן יוני, 1941 זיינען די גראַיעווער איינוואוינער פּלוצים אויפגעריסן געוואָרן פון זייער שלאָף דורך שטאַרקע אויפרייסן און שיסערייען, איז די ערשטע, נישט־אַרויסגערעדטע פראַגע געלעגן אויף די ליפּן פון די איבערגעשראָקענע גראַיעווער אידן:

— היתכן? איז עס מעגלעך?...

ליידער איז עס געווען מעגלעך...

## 3

## היטלער־אָקופּאַציע אין גראַיעווע

זונטיק דעם 22־טן יוני 4 אַ זייגער פאַרטאָג איז געשען דער דייטשישער איבערפאַל אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד.

אַ גאַנצע וואָך בין איך געווען אין ביאַליסטאָק. אין שטאָט איז נישט געווען צו באַמערקן קיין זאַך, וואָס זאָל אָנדייטן אויף אַ נאָענטן שטורעם. אַרום דינסטיק, עטלעכע טעג פאַרן קריגס־אויסברוך האָב איך זיך געטראָפן מיט גראַיעווער מענטשן אין ביאַליסטאָק און זיי האָבן מיר דערציילט, אַז פון

גראַיעווע האָט די מאַכט אַרויסגעשיקט אייניקע אידישע פאַמיליעס. נאָכן דער־לײדיקן מײנע ענינים אין ביאַליסטאָק, בין איך, אין דער נאַכט פון 21־טן אויפן 22־טן יוני 1 אַזייגער בײנאַכט אַרויסגעפאָרן קיין גראַיעווע.

ס'איז געווען 3 אַ זייגער פאַרטאָג, ווען איך בין אַראָפּ פון גראַיעווער וואָקזאַל. די שטאָט איז פאַרזונקען אין שטילן פאַרטאָגיקן שלאָף. איך שפּאַ־ציר פון וואָקזאַל מיט מײנעם אַ חבר, גרשון גרינגראַס, וועלכער פאָרט פון זײן מיליטערישן אָפּטייל פון אָסאָוויעץ אויף עטלעכע טעג אורלויב. מיר רעדן וועגן לויטערן הימל אין דעמדאָזיקן וואַרעמען פאַרטאָג און אַז הײנט וועט מען קענען גיין אויף דער פּליאַזשע בײם טײך קאָשעראָווע. מיר רעדן טאַקע אָפּ צום טרעפן זיך בײם טײך און מיר צעשײדן זיך, יעדער צו זײן היים.

מײן היים איז שוין דאַן געווען אויף שול־גאַס נומער 24 ביי אַברהמל גרינבערג אין מויער, ווייל אונדזער שטוב אויף קאָנאָפּסקא גאַס האָבן די דײטשן פאַרברענט אין 1939. ביי מײן קומען וועקן זיך אַלע אויף. דער טאַטע, די מאַמע און די שוועסטערן. מען פרעגט זיך אויס, וואָס הערט זיך אין ביאַליסטאָק און... פאַרוואָס כ'האָב נישט מיטגעבראַכט מיט זיך מײן מײדל, מיט וועלכער איך קלויב זיך אין קורצן חתונה האָבן... מען פּלאַפּלט אַזוי ביז די מאַמע בעט פאַר מיר דאָס געלעגער און זאָגט אַז ס'איז שוין צײט צו „מאַכן נאַכט."

פּלוצים זײנען מיר פאַרטויבט געוואָרן פון אַ שרעקלעכן געוואַי. ווי צענדליקער פאַבריק־סירענעס וואָלטן זיך צעקלאָגט אונטערן אויער. מיר זײנען געבליבן פאַרשטאַרט און נישט געוואוסט וואָס דאָס באַטײט. אַמוויב־ציקסטן האָבן מיר זיך געריכט אויף אַ מלחמה־אָנפאַל. מען האָט גוט גע־וואוסט אַז עס איז פאַראַן אַ נישט־אַגרעסיע־פּאַקט מיט דײטשלאַנד און מען האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלן, אַז דער דײטש זאָל אַזוי פּלוצים, „אָן אַ פאַרוואָס" אָנפאַלן אויף רוסלאַנד.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך אָבער אָנגעהויבן דאָס „רעכטע געדיכטעניש". יעדע ווייל איז די לופט אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ פרישן אויפרייס. מיר זײנען אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ צו זען וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. אָבער נאָר אַרויסגייענדיק פון שטוב האָט מען באַלד געזען אַז ס'איז טאַקע אַ מלחמה מיט אַלע פּיטשעווקעס און מען האָט זיך געלאָזט לויפן צום ביאַליסטאָקער שאָסיי.

**
*

כאָטש גראַיעווע איז נישט געווען קיין גרויסע, פּאָוויאַטאָווע שטאָט, זי האָט פאַרמאָגט קוים ביי אַ צוועלף טויזנט אײנוואוינער, פונדעסטוועגן זײנען אין איר, צוליב איר גרענעץ מיט דײטשלאַנד, אײנגעשטאַנען צוויי פּאָלקן אַרטילעריע־מיליטער. דעריבער איז די מלחמה פאַר גראַיעווע געקומען מיט

אַ קאָנצענטרירטן אָנגריף פון די דייטשישע כוחות. שוין אין די ערשטע מינוטן מלחמה, איז גראַיעווע געוואָרן איינגעוויקלט אין אַ ים פון רויך און פייער. אַלערליי געווערן האָבן מיטאַמאָל געשפּיגן אויף דער שטאָט און באַטויבט מיט זייער געקנאַל די איבערגעשראָקענע באַפעלקערונג. עס האָט דעריבער נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַנטלויפן פון שטאָט און זיך ראַטעווען.

אָט וואָס עס דערציילט אַן עד־ראיה וועגן די ערשטע מינוטן מלחמה אין גראַיעווע:

„איך בין צוגעלאָפן צום פענצטער אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. אַ געדיכטער רויך האָט זיך געצויגן צום הימל און פאַרשטעלט די שיין. ווען נישט די אָפּטע שיסעריי און די אויפרייסן, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז נישט מען גרייפט אָן אויף דער שטאָט, נאָר מען האָט זי פּשוט אונטערגעצונדן. נישט קאָנענדיק גאָרנישט זען דורכן פענצטער, בין איך אַרויס אויפן גאַניק זען וואָס ס'טוט זיך. נאָר אַרויסשטעקנדיק די האַנט אינדרויסן בין איך באַלד געטראָפן געוואָרן פון אַ סנאַריאַד, וועלכער האָט מיר אָפּגעריסן אָט־די צוויי פינגער. צוריק אין שטוב האָט מיר שוין מיין ווייב אַריינגעטראָגן אַ פאַרחלשטן.” (יוזעף קאַלסקי, אַ מויערער, רוצקע גאַס).

און אונטער דעמדאָזיקן רויך און געקנאַל איז געלעגן די אידישע באַפעלקערונג אין גראַיעווע אַ געפּאַנגענע און איידער מען האָט זיך געכאַפּט איז שוין דער וועג צום אַנטלויפן געווען אָפּגעשניטן דורך די אָנגרייפנדיקע דייטשישע חילות.

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער גאַנצער ביאַליסטאָקער געגנט איז געוואָרן אָפּגעשניטן פון זיין צענטער ביאַליסטאָק. די פאַשיסטישע אונטער־וועלט האָט זיך באַלד געשטעלט צו דינסט די דייטשן און איבערגעשניטן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג אויף עטלעכע און דרייסיק קילאָמעטער. די באַאַמטע פון די סאָוועטישע אינסטיטוציעס און פון דער פּאַרטיי האָבן מיט פאַרצווייפ־לונג גערופן אין די טעלעפאָנען נאָך הילף און אויפקלערונגען אָבער אומ־זיסט, מען איז געבליבן אויפן אייגענעם גורל.

אַ שטיקל האָפענונג האָט געקענט וועקן די פעסטונג אָסאָוויעץ. פון דאָרט, האָט מען זיך געריכט, וועט מען דעם דייטש צוריקטרייבן און איידער עס וועט זיך „איינשטעלן אַ פראָנט” וועט מען דערווייל זיך קענען עוואַקו־אירן טיפער אין לאַנד. אָבער אויך דידאָזיקע האָפענונג האָט פאַרראַטן. די דייטשן האָבן די פעסטונג אָסאָוויעץ ווי אויסגעמיטן און ביסלעכווייז פון לאָמזשער געגנט זי אַרומגערינגלט.

דייטשישע מיליטער טיילן זיינען אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה אין גראַיעווע נישט אַריין. עס זיינען נאָר אין גראַיעווע אַריין די דייטשישע גרע־נעצלער. זיי האָבן פאַרנומען די באַן־סטאַציע, דעם פּאָסט־אַמט און אַלע סאָוועטישע אינסטיטוציעס. ערשט אויפן דריטן טאָג, ד"ה דעם 24־טן יוני,

האָט זיך איינגעשטעלט אַ מיליטערישע קאָמענדאַנטור מיט איר קוואַרטיר אויף פילסודסקיעגאָ־גאַס (שטשוטשינער גאַס).

באַלד דעם ערשטן טאָג ווען די דייטשישע גרענעצלער זיינען אַריין אין גראַיעווע, האָבן זיי זיך גענומען צו מאָרד און גוואַלט־טאַטן איבער דער אידישער באַפעלקערונג. עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו די דייטשישע חילות, אַז אידיש לעבן און פאַרמעגן איז הפקר און זיי מעגן מיט דעם אומגיין ווי זיי געפינען פאַר פאַסיק. האָבן זיך טאַקע באַלד אין ערשטן טאָג אָנגעהויבן מאַסן־פאַרגוואַלטיקונגען איבער אידישע יונגע מיידלעך. די „איידעלע" דייטשישע ראַסע האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט פאַרבייסן ביז צום טויט זייער יונגן קרבן און די מוטער פון פאַרפייניקטן קינד האָט אין שרעקלעכער וואַנזיניקער פיין געמוזט שטיין דערביי און זיך צוקוקן וואָס מען טוט מיט איר קינד.

אָט וואָס עס דערציילט די פוילישע פרוי העלענאַ נאַדאַלנאַ וועגן אַ פאַל וועלכן זי האָט געזען מיט אירע אויגן:

„...צו מיר איז אַריינגעפאַלן די שכנטע פון קעגנאיבער אין שרעקלעכער פאַרצווייפלונג, אַז איר טאָכטער האָט אַ דייטש דערמאָרדעט און זי אַליין (די מוטער, נ. ר.) האָט געמוזט היטן, אַז קיינער זאָל נישט שטערן. ווען דער דייטש איז אַרויס, האָט ער צו דער מוטער בלויז געזאָגט: „גוט מאַטקאַ". וואָס זי האָט שפּעטער געזען ווען זי איז אַריין אין צימער, האָט זי נישט געגלויבט די אייגענע אויגן. זי האָט מיר צוגערופן איך זאָל העלפן ראַטעווען איר קינד, אָבער ראַטעווען איז שוין נישט געווען וועמען. דאָס גאַנצע לייב פונעם מיידל איז געווען צעריסן, צעביסן און צעביילט. פון מויל און פון די ברוסטן האָט גע־שוימט בלוט. זי איז שוין געווען טויט, דערשטיקט, מיט אַרויסגעזעצטע אויגן. די מאַמע האָט געוואָלט זיך ס'לעבן נעמען פון פאַרצווייפלונג. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי באַקומען אַ צעמישונג (איז משוגע געוואָרן. נ. ר.) און די דייטשן האָבן זי דערהרגעט. איר נאָמען איז הענינע שיינע באַשעס רוצקע־גאַס 34. אַזוי האָבן זיי געטאָן מיט נאָך אַ סך, וועמענס פאַמיליע איך קאָן נישט."

אין עטלעכע טעג אַרום, מיטוואָך דעם 25־טן יולי, 10 אַ זייגער אינ־דערפרי, האָט מען צונויפגעטריבן אַלע אידן אין מיטן מאַרק און דער שטאָט־קאָמענדאַנט גייס האָט פאַר זיי געלייענט דעם באַפעל פון דער קאָמענדאַנטור. אין דעם באַפעל האָט זיך געזאָגט צווישן אַנדערעס:

„די אידישע נאַציע איז אַ פאַרברעכער־נאַציע און אַלס אַזעלכע פאַרדינט זי אויף אַ שווערע אייביקע שטראָף פון שווערע אַרבעט און געפאַנגענשאַפט. זיי טאָרן נישט לעבן פריי און צוזאַמען מיט אַן אַנדער פאָלק, ווייל זיי האָבן נישט קיין ריין בלוט. פריער אָדער שפּעטער מוזן

אַלע אומקומען. זיי מוזן זיין געהאַרכזאַם צו יעדן דייטש, אין קעגנ־פאַל דראָט זיי טויט. די אידן וועלן געצייכנט ווערן מיט געלע שטערנס, וועלכע זיי וועלן מוזן טראָגן אויף די פלייצעס און ברוסטן אַלס צייכן פון זייער שאַנד"...

ווי געוויינלעך, אויפן דייטשישן שטייגער, איז יעדע פאַראָרדענונג גע־וואָרן באַגלייט מיט אַ „זאַכלעכער טאַט". נאָכן איבערלייענען (פאַר די אידן) דעם באַפעל, האָט מען די אידן אונטער אַ האָגל פון קלעפּ צעטריבן פון מאַרק און אויפן אָרט אַרעסטירט די צווייַ שוועסטער יהודית און רחל מאַיעק, אָוועקגעפירט זיי אויפן אידישן בית־עולם און זיי דאָרט דערשאָסן.

אַ פיינלעכע שרעק איז באַפאַלן די צונויפגעטריבענע אידן אויפן מאַרק נאָכן אויסהערן דעמדאָזיקן באַפעל. עס איז געווען אַן אָפענע באַשטעטיקונג וועגן דעם, אַז פון היינט אָן איז אידיש לעבן הפקר פאַר יעדן דייטש אָדער פוילישן כוליגאַן. פון דעם טאָג אָן זיינען אידן געזעסן פאַרשפאַרט אין זייערע הייזער און מורא געהאַט פאַר דער שיין פון טאָג. עס האָט זיך פאַר־שפרייט אַ קלאַנג, אַז די פוילישע אונטערוועלט גרייט זיך צו אַן אָפענעם פאָגראָם אויף אידן. מען האָט זיך דערציילט, אַז אַ „דעלעגאַציע" פון פוילישע כוליגאַנעס האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַרן קאָמענדאַנט פון געשטאַפּאָ אָפּפער, מיט דער פראַגע צי עס קומט אַ שטראָף פאַר הרגענען אַ אידן און אַז דער קאָמענדאַנט האָט געענטפערט, אַז הרגענען אַ אידן איז אומבאַשטראָפט. די־דאָזיקע ווערסיע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ ריכטיקע, ווען עס איז אין צוויי טעג אַרום אויסגעבראָכן דער ערשטער פאָגראָם פון דער פוילישער אונטערוועלט אויף אידן.

זונטיק דעם 29־טן יולי איז אויסגעבראָכן דער ערשטער אָרגאַניזיר־טער פאָגראָם אויף אידן אין גראַיעווע. אַרויסגייענדיק פון קלויסטער, האָבן אונטערגעהעצטע כוליגאַנעס זיך אַ לאָז געטאָן רויבן און מאָרדן די אידן. מיט ספּעציעל צוגעגרייטע העק און קלאָניצעס האָבן זיי זיך געלאָזט שפּאַלטן אידישע קעפּ. די אָנפירער פון פאָגראָם זיינען געווען: אַלאָיזי סענטקאָווסקי, אַ יונגער פּראָפעסיאָנעלער גנב, אַ סיפיליטיקער, אַ זון פון דעם באַקאַנטן גרייעווער גנב סענטקאָווסקי (קאָנאָפּסקע־גאַס נומער 6) און די מעסער־העלדן: גרין, מיקלאַשעווסקי, זשגאַרעק און סטאַניש. די אידן, וועמען די באַנדיטן האָבן געטראָפן אויף דער גאַס, האָבן זיי גלייך דערהרגעט אויפן אָרט, אַזוי איז בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן דורכן רוצח אַלאָיזי סענטקאָווסקי, מאָטל סטריעווו. דער פאָטאָגראַפיסט אפרים וואָדאָווסקי איז געפאַלן פון די הענט פון מערדער סטאַניש. די רוצחים האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם און האָבן זיך געלאָזט אין די אידישע הייזער, וואו זיי האָבן געבראַכט טויט און חורבן.

היינט, ווען עס קומט אויס צו רעדן מיט די קריסטן פון גרייעווע, וועגן יענעם פאָגראָם, באַמיען זיי זיך דידאָזיקע טעמע אויסצומיידן. מערסטנטייל

זאָגט יעדער קריסט, אַז ער האָט געהאָלפן דעם אָדער יענעם אידן. ס'וועט דעריבער זיין אינטערעסאַנט צו ברענגען אַ גבית־עדות פון גרייעווער קריסט זיסקאָווסקי, וועלכער וואוינט אין מאַרק, בשכינות מיטן הויז וואו עס האָט געוואוינט יוסף ביאַלאָסטאָצקי. אין זעלבן הויז האָט געוואוינט דער אייזנקרעמער וויינשטיין און אוקראַפּס אידים משה, (זיין פאַמיליע־נאָמען איז מיר נישט געלונגען פעסטצושטעלן).

ווען דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן, זיינען דידאָזיקע צוויי אידן פּונקט געווען אין גאַס. זיי האָבן זיך גלייך געלאָזט לויפן אַ היים זיך ראַטעווען. ווייטער דערציילט דער דערמאָנטער קריסט ווערטלעך אַזוי:

„ווען איך האָב געזען ווי די צוויי אידלעך (זשידקי) לויפן צעשראָקענע, האָב איך פאַרמאַכט די הויז־טיר און זיי נישט אַריינגעלאָזט (!) זיי האָבן פאַרצווייפלט געקלאַפּט אין טיר. זיי האָבן אָבער געפונען אַ האַק און אויפגעבראָכן די טיר און אַריין צו זיך אין שטוב. עס זיינען אָבער באַלד אָנגעקומען די כלאָפּצעס און זיי האָבן די אידן צעשלאָגן. וויינשטיינען האָט מען צעבראָכן די פיס און דעם צווייטן האָט מען „אַזוי" אָפּגעהאַקט די לונגען."

דערדאָזיקער קריסט האָט אין זיין „תמימות" דערציילט וועגן זיין אייגענער „שיינער טאַט" און דערמיט געגעבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער באַציאונג פון מערסטע פּאָליאַקן צו אידן אין גראַיעווע אין יענער מוראדיקער צייט.

עס זיינען אָבער געווען אויך איידעלע קריסטן, וועלכע האָבן אין דערדאָזיקער חיהשער אַטמאָספער אַרויסגעוויזן זייער מאָראַליש און מענטשלעך פּנים. זייער מסירת־נפש ביים פאַרטיידיקן אידיש לעבן און מענטשלעכע ווירדע מוז דורך אונדז דערמאָנט ווערן מיט דער גרעסטער אָנערקענונג. צום אַלעם ערשטן מוז דערמאָנט ווערן מיט יראת הכבוד דער פּראַגרעסיווער פּוילישער אַרבעטער, דער לאַנגיאָריקער מיטגליד פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי הענריק סאַבאַלעווסקי, וועלכער האָט אין טאָג פון שרעקלעכן פּאָגראָם אויף אידן, אַקטיוו זיך קעגנגעשטעלט מיט וואָרט און מעשים קעגן די צעיושעטע כוליגאַנעס און האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן. די דייטשן האָבן אים, צוזאַמען מיט נאָך אַ צענדליק אידן אַרעסטירט און נאָך אַ טאָג האַלטן אים אין שול, וואו ער איז שרעקלעך געפּייניקט געוואָרן, איז ער געוואָרן אַרויסגעפירט אויפן אידישן בית־עולם און איז דאָרטן געוואָרן דערשאָסן.

דער צווייטער שיינער גייסט איז געווען דער קאַטוילישער גלח פּענזאַ. ער איז נישט מיד געוואָרן טאָג־טעגלעך אין זיינע פרימאָרגן מעסעס צו רופן די קריסטלעכע באַפעלקערונג צו באַזינונג, נישט מיטצואַרבעטן מיט די דייטשן און זיך נישט לאָזן אַריינציען אין די דייטשישע פּראָוואָקאַציעס

קעגן די אידן. ביי די כוליגאַנעס אָבער איז ווייזט אויס רויב און מאָרד גע־שטאַנען העכער פון קריסטלעכער מאָראַל און מענטשן־ליבע. זיי האָבן דעם קריסטלעכן פאָטער אַליין פאַרמסרט און איבערגעענטפערט אין די הענט פון די דייטשישע רוצחים, וועלכע האָבן דעם אידעלן גייסטלעכן, אָן שום צערע־מאָניעס דערשאָסן.

...עס זיינען פאַראַן קלאַנגען, אַז תיכף נאָכן פּאָגראָם האָט זיך אַ אידישע דעלעגאַציע אָוועקגעלאָזט צום דייטשישן שטאָט־קאָמענדאַנט גייס און געבעטן ביי אים הילף קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס. צי דערדאָזיקער פאַקט איז ריכטיק אָדער ניין, ווייסן מיר נישט. עס איז אָבער ריכטיק, אַז באַלד אין דער ערשטער שעה נאָכן פּאָגראָם, 3 אַ זייגער בייטאָג, האָבן זיך דייטשישע זשאַנדאַרמען אַרויסגעלאָזט אין אַ געיעג נאָך די פּאָגראָמשטשיקעס. דריי פון זיי געכאַפּט (מיקלאַשעווסקי, זעגאַרעק און גרין) און זיי אויפן אָרט דער־שאָסן. דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז די דייטשן נעמען זיך אָן פאַר די אידן און שיצן זיי קעגן דער אויפגערייצטער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דאָס איז אָבער בלויז געווען אַ כיטרער טריק פון די דייטשישע תלינים, וועלכע האָבן פון איין זייט אָרגאַניזירט דעמדאָזיקן פּאָגראָם און זיך נישט ווויסנדיק געמאַכט ווען ער איז פאָרגעקומען. און פון דער צווייטער זייט, געוואָלט אויפרייצן די קריסטלעכע באַפעלקערונג קעגן די שוצלאָזע אידן, ווייזנדיק די קריסטן, אַז אויך איצט נעמט מען זיך אָן פאַר אידן. דידאָזיקע כיטרע שפּיל איז געווען אויסגערעכנט אויך אויף דעם, אַז שפּעטער, ווען די דייטשן וועלן זיך נעמען פאַרשפאַרן די אידן אין געטאָ, זאָלן דאָס די אידן באַטראַכטן ווי אַ טובה פאַר זיי, וואָס עס וועט זיי אויסקומען צו לעבן באַזונדער פון די פּאָליאַקן, פון וועלכע זיי האָבן אין זייער שרעק דערוואַרט אַן ענלעכן פּאָגראָם אַלע טאָג.

כדי צו פאַרמאַסקירן זייערע אמתע כוונות, האָבן די דייטשן זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיטן כאַפּן די דריי דערמאָנטע מערדער. זיי האָבן עטלעכע פאַרוואונדעטע אידן אָוועקגעפירט אין שפּיטאָל וואו מען האָט זיי „געהיילט". פון אַזאַ היילן איז די פאַרוואונדעטע פרוי רבקה ביאַלאָסטאָצקי אין דריי טעג אַרום געשטאָרבן. אַ דערשיטערנדיקער פאַל, וואָס האָט אַן איבעריקן מאָל באַשטעטיקט די דייטשישע פּראָוואָקאַציע, איז געשען מיטן פאַרוואונדעטן אידן פאַסטאָלסקי. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אים אַזוי צעשלאָגן, אַז מען האָט אים קוים דערקענט. ליגנדיק אַ האַלב־באַוואוסטלאָזער אויפן שפּיטאָל־בעטל, האָבן די דייטשן אויף צומאַרגנס צו אים אַריינגעפירט דעם פּוילישן יונגנמאַן לוטעק העמישעווסקי און געפאָדערט פון דעם אידן, ער זאָל אין דעם יונגנ־מאַן דערקענען דעם שלעגער. אין זיינע ווייטיקן און האַלב־באַוואוסטלאָזן צושטאַנד, האָט זיך דעם אידן אויסגעדוכט, אַז דערדאָזיקער יונגערמאַן איז טאַקע דער, ווער עס האָט אים צעשלאָגן און ער האָט מיט טרערן אין קול

גענומען באַשולדיקן: זאָג, וואָס האָסטו געהאַט צו מיר? פאַרוואָס האָסטו מיך געשלאָגן? דער יונגערמאַן איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט און האָט גענומען שטאַמלען: פּאַניע פּאָסטאַלסקי, וואָס רעדט איר? צי בין איך דען פּיאַיק צו טאָן אַזאַ זאַך? די דייטשן האָבן אָבער אים נישט געגלאָזט אויסריידן און האָבן אים גלייך פאַרנומען. דערדאָזיקער יונגערמאַן איז געווען אַ פּראָ־גרעסיווער פּוילישער האַלב־אינטעליגענט און די דייטשן האָבן אים ספּעציעל פאַרוויקלט אין דערדאָזיקער פּראָוואָקאַציע כדי נאָך מער אויסצוגראָבן דעם תהום פון שנאה און אומצוטרוי צווישן דער אידישער און פּוילישער באַפעל־קערונג. אין עטלעכע טעג אַרום איז דער אומשולדיקער לוציאַן רעמישעווסקי דורך די דייטשן געוואָרן דערשאָסן.

אין יענעם טאָג האָבן די דייטשן, צוזאַמען מיטן דערמאָנטן רעמישעווסקי, אַרעסטירט דעם פּוילישן לערער לעאָן קלאָדעצקי, דעם שוין דערמאָנטן פּראָ־גרעסיוון אַרבעטער העינריק סאָבאָלעווסקי און נאָך אַנדערע פּראָגרעסיווע פּאָ־ליאַקן און זיי איינגעזעצט אין בנין פון דער שול. דעם לערער קלאָדעצקי איז על פּי נס געלונגען צו אַנטלויפן אין דער לעצטער מינוט. די איבעריקע האָט מען אין דעם זעלבן טאָג דערשאָסן.

די כוונה פון די דייטשישע סאַדיסטן איז געווען אַ קלאָרע: אַרויפ־וואַרפן די שולד פון דורך זיי אָרגאַניזירטן פּאָגראָם אויף די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, און ביי דערדאָזיקער געלעגנ־הייט אויך פּאָגראָמירן פּאַראיינוועגס אַ ביסל קאָמוניסטן.

## דער מאָרד קעלער אין שול

נאָך אַ וואָך פון פּערמאַנענטע אָנפאַלן אויף אידן, האָבן די דייטשן איינגעזען, אַז דער באַדן פאַר דער אויסראָטונג פון די אידן אין גראַיעווע איז שוין רייף. דעמאָלט האָבן די דייטשישע תלינים, מיט זייער מערדערלעכער פּינקטלעכקייט, זיך גענומען צו זייער פּלאַן.

ס'איז מאָביליזירט געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פון ס. ס. צו כאַפּן און אַרעסטירן יעדן אידן פון 15 ביז 45 יאָר. די אַלע געפּאַנגענע האָט מען פאַרטריבן אין בנין פון טעאַטער, וואו ס'איז פאַר דער מלחמה געווען די גרויסע שול. דאָ איז עס נישט געווען סתם אַ תפיסה וואו מען פּייניקט אַרעסטירטע. אידן זיינען דאָרט אויסגעשטאַנען אַזוינע ענוּיים, לגבי וועלכע די פּייניקונגען פון דער אינקוויזיציע זעען אויס ווי אַ קינדער־שפּיל.

מען האָט צוגעטראַכט פאַר די קרבנות פאַרשידענע טויטן, נאָר יעדער טויט האָט געמוזט קומען לאַנגזאַם און אין די גרעסטע יסורים. אידן מיט צעבראָכענע הענט און פיס האָבן געמוזט מאַכן פאַרשידענע איבונגען: שפּרינגען איבער טישן און בענק אונטער די קלעפּ פון די רוצחישע שטעקנס.



די שול ביז דער מלחמה.



די געביידע פון דער שול. פאַר דער צייט פון סאָוועטן־מאַכט — אַ טעאַטער; איצט — אַ מאַרק־האַלע פון גרינוואַרג, פיש און חזיר־פלייש. אין קעלער פון דער געביידע זיינען אונטער די נאַציס פאַרפייניקט געוואָרן אַרום 200 אידן.

נאָך אַ דריי טאָגיקן הונגערן האָט מען די געפּייניקטע געגעבן צו עסן געזאַלצע־נעם הערינג און נאָכדעם דריי טעג נישט געגעבן גאָרנישט צו טרינקען. די יינגערע און געזונטערע האָט מען — אונטער אַ האָגל פון קלעפּ געפירט צו פאַרשידענע אוממענטשלעך־שווערע און קיינעם נישט נוצלעכע אַרבעט. מען האָט זיי באַפוילן איבערצוטראָגן דעם שטיינערנעם פאַרקאַן פון בית־עולם הין און צוריק. און נאָך אַזאַ טאָג שווערע אַרבעט און מאַטערניש זיי גע־בראַכט צוריק אין שול וואו מען האָט זיי אַ גאַנצע נאַכט געפּייניקט. פאַר־שטייט זיך, אַז לאַנג אויסהאַלטן האָט מען נישט געקענט, פלעגן אַלע טאָג אויסגיין אַ 15־20 מענטשן אין די גרעסטע יסורים.

פאַרן טויט האָבן די מערדער אַראָפּגעוואָרפן זייערע קרבנות אין טיפן קעלער פון שול און דאָרט זיי געלאָזט אויסגיין. ווען דער קעלער איז שוין אויף אַ העלפט געווען אָנגעפּילט מיט מתים, האָבן די דייטשישע באַנדיטן אַהינצו אַראָפּגעוואָרפן געזונטע מענטשן און זיי דאָרט געהאַלטן ביז וואַנען זיי האָבן אין גרעסטן פּיין אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם.

אָט וואָס עס דערציילט אַן עד־ראיה, די קריסטין העלענע באַדאַלינא, וועל־כע האָט געוואוינט קעגנאיבער דער שול און האָט אַלץ געקאָנט זען מיט אירע אויגן:

„די יוגנט און הויפּטזעכלעך די מאַנצבילן האָבן זיי פאַרנומען אין סינאַגאָגע און זיי צוויי וואָכן געפּייניקט. דאָרטן אין סינאַגאָגע איז געווען אַן אמתער גהינום. אַזעלכע טאָרטורן, אַז ס'איז שוין גלייכער דער טויט, איידער אַזוי זיך מאַטערן. מען האָט אויסגעדרייט די הענט, אַרויסגעריסן די צונגען, אַרויסגעריסן די נעגל. אַלע טאָג אינדערפרי, האָבן זיי געקראָגן געשמיסן צו 100 שמיץ יעדער. ווען עמעצער פון די געפּייניקטע האָט געחלשט, האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין וואַסער מיט כלאָרעק און וואַפּנע און ווען ער איז ווידער געקומען צום באַ־וואוסטזיין איז ווידער נייע פּייניקונגען: שפּרינגען איבער פאַרשידענע באַריקאַדן, איבער בענק, טישן. דערנאָך האָבן זיי אַלע אויסגעשטעלט אין רייען און יעדער צענטער האָט געמוזט שפּרינגען דורכן פענצטער פון צווייטן שטאָק. אויב ווער איז געשפּרונגען און געבליבן לעבן, האָבן די דייטשן אים אויפן אָרט דערהרגעט. מען האָט די אידן פאַרדרייט די הענט מיט שטעכעדיקן דראָט, מיטן זעלבן דראָט פאַרדרייט דעם קאָפּ אויף הינטן און אין אַזאַ צושטאַנד זיי געוואָרפן אין קעלער פון שול, זיי זאָלן דאָרט אויסגיין. די טויטע קערפּערס פון די פאַרפּייניקטע זיינען ערשט אין אַ יאָר אַרום אַרויסגענומען געוואָרן אינגאַנצן צעפוילטע. מען האָט נישט געקענט דערקענען ווער ס'איז. די אַרבעטער, וועלכע מען האָט צונויפגעטריבן צו דערדאָזיקער אַרבעט זיינען שטערבלעך

קראַנק געוואָרן אויף פאַרשידענע קראַנקייטן. די מתים האָט מען אַריינ־
געוואָרפן אין אַ גרוב מיט וואפּנע וואָס איז געווען ביים קעלער"...

ביי אַזאַ „ספּעקטאַקל," ווען די דייטשן האָבן געהייסן די אידן שפּרינגען דורכן פענצטער פון שול, איז אונטן געווען פאַרזאַמלט די פּוילישע אונטער־וועלט, און ווער ס'איז געבליבן לעבן און געפּרואווט אַנטלויפן, האָבן די כולי־גאַנעס אים מיט רידלעס און לאָמען דערהרגעט אויפן אָרט. אַזוי איז געווען מיטן יונגן בחור וועלוול פּיעקאַרשעוויטש (דער זון פון סטאַוויסקער שמיד אברהם־שלמה). נאָכן אַראָפּשפּרינגען דורכן פענצטער איז דער בחור אָפּגע־לאָפן ביזן אידישן בית־עולם. די כוליגאַנעס האָבן אים געכאַפּט און לעבע־דיקערהייט אַריינגעוואָרפן אין פולן קאַלך־גרוב לעבן דער שול.

אַ שוידערלעכן פאַל, דערציילן די גראַיעווער פּאַליאַקן, איז געשען מיטן יונגן אינזשיניער קירשבוים. דערדאָזיקער אינזשיניער איז נישט געווען קיין גראַיעווער, נאָר בעת דעם אויסברוך פון קריג אין 1939, איז ער אַלס פּליט געקומען פון וואַרשע. דערדאָזיקער פיזיש־געזונטער יונגערמאַן איז גליקלעך אַראָפּגעשפּרונגען פון צווייטן שטאָק און געפּרואווט אַנטלויפן. די פּוילישע אונטערוועלט, וועלכע איז געשטאַנען אַרום און געשעפּט נחת פון די ידישע ליידן, האָבן דעם אידישן אינזשיניער געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין דעם גרויסן גרוב לעבן דער שול. דער גרוב איז געווען אַ מין גרויסע, פּראָוויזאָרישער אָפּפאַל־פּלאַץ, וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט לעבן דער שול. דער אומגליקלעכער אינזשיניער איז נאָכן אַריינוואַרפן אים, אַרויסגעשוואו־מען און מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט פאַר די ראַנד־ברעטער און געפּרואווט אַרויסקריכן פון דער צואה. די כוליגאַנעס זיינען געשטאַנען אַרום און גע־לאַכט, ווי דער „זשיד" טונקט זיך אַלע ווייַלע אָפּ אין דער אומריינקייט. ווען עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז דער יונגערמאַן זאָל זיך פון גרוב אַרויס־קריגן, זיינען די כוליגאַנעס צוגעלאָפן און מיט אייזערנע לאָפּעטעס צע־שפּאָלטן דעם אומגליקלעכן דעם קאָפּ אויף שטיקלעך. (גבית־עדות פון פּוי־לישן מוליער־אַרבעטער יאַן קאַלסקי, רודזקאַ־גאַס).

דער גרייעווער בחור מאיר קלעצקי, דער לעבנגעבליבענער פון יענער בלוטיקער מאַסאַקרע אין שול, דערציילט וועגן דער ערשטער פּייניקונגס־נאַכט אַזוי:

„...מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד, די פיס צוזאַ־מענגעדריקט און אַזוי איז אַריבער די נאַכט. די נאַכט איז געווען זייער אַ שרעקלעכע. ערשטנס, ווייל מען האָט אונדז נישט אַרויסגעלאָזן משתין זיין, פון וואָס מענטשן האָבן געהאַט שרעקלעכע יסורים. צווייטנס, אין אַזאַ צייט פאַלן איין שלעכטע געדאַנקען. איינער זאָגט: מען וועט אונדז אונטערצינדן, דער אַנדערער זאָגט עפּעס אַנדערש. אינדער־פרי זיינען אַריין די אויפזעערס און געפרעגט מיט אַ שמייכל: נאָ,



נחמן ראַפּפּ און שמואל קאַמינסקי, הינטער דער שול. אויף דעם פּלאַץ רוען אַ צאָל אומ־געקומענע אידן. דאָ איז אויך אַזוי שווידערלעך אומגעקומען דער יונגער אינזש. קירשבוים.

זשידקי? יאַק וואַם שען ספּאַלאָ?״... (נו אידליקעס? ווי האָט זיך עס אייך געשלאָפן?...)

די אויפזעער איבער די אידן אין שול זיינען געווען די פּאָליאַקן דאַווי־דאָווסקי און סטאַנישעווסקי און פריוווילִיקע פון דער פּוילישער אונטער־וועלט, וועלכע האָבן געדינט אין דער פּוילישער מיליץ, יאַנקאָווסקי יאַנעק, אַ באַרימטער מעסער־העלד אין גראַיעווע און אַנד. דידאָזיקע אויפזעער האָבן געדאַרפט באַגלייטן די אידן אַלע אינדערפרי צו דער אַרבעט אויף פאַרשידענע פּלעצער. פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע אויפגאַבע פון דידאָזיקע אויפזעער איז געווען שלאָגן די אידן מיט גומי־שטעקנס און אייזערנע פּרענטעס. נאָכ־דעם ווי די אידן האָבן אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט, אָן עסן, ביי שווערע אומ־מענטשלעכע אַרבעטן, האָט מען זיי געפירט צוריק אין „טעאַטער״ (שול). צוקומענדיק צום „טעאַטער״, האָבן די אידן איבערן טיר געזען אָן אויפ־שריפט: „לאַגער פאַר אינטערנירטע״. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דאָס כאַפּן די אידן און אַריינזעצן אין טעאַטער, איז נישט קיין שפּיל אויף אַ טאָג, נאָר אַז צוריק צו זייערע היימען וועלן זיך די אידן שוין אַזוי גיך נישט צוריקקערן.

די פרויען פון די אַרעסטירטע אידן זיינען זיך צונויפגעקומען אַרום טעאַטער און געבראַכט עסן זייערע מענער, זין און טאַטעס. פאַר כאַבאַר האָבן די פּוילישע כוליגאַנעס צוגענומען ביי די פרויען דאָס עסן און עס דערנאָך, לויט זייער איינזען צעטיילט צווישן די אַרעסטירטע. די כלים האָבן די אַרעסטירטע אַרויסגעשיקט צוריק, אויסער די פּלעשער, וועלכע די אַרעסטירטע האָבן פאַרהאַלטן פאַר זיך צום טאָן אין דעם זייער מענטש־לעכן געברויך...

אין אָונט פלעגן אַריינקומען געשטאַפּאָוצעס און זיך מאַכן פריילעך איבער די געפּייניקטע אידן. אײנמאָל האָבן זיי אויסגעקליבן צוויי זקנים און באַפוילן זיי זאָלן זיך קושן. ווען די אַלטע האָבן זיך געקושט, האָבן די געשטאַפּאָוצעס זיי געשלאָגן, פאַרוואָס זיי קושן זיך. ווען זיי האָבן זיך אויפ־געהערט קושן, האָבן די געסטאַפּאָוצעס זיי געשלאָגן פאַרוואָס זיי קושן זיך נישט. אַזוי איז דאָס געווען אַ 7־8 טעג. בייטאָג געאַרבעט, ביי די שווערס־טע באַדינגונגען, ביינאַכט אין שול, אויסגעשטאַנען אַלע פּיינען, דערנידערי־קונגען און קלעפּ.

דעם צענטן אויגוסט, 1941 האָט די דייטשישע קאָמענדאַטור אַרויסגע־געבן אַ באַפעל, אַז אין משך פון דריי ביז פינף טעג דאַרפן אַלע אידן זיך קאָנצענטרירן אויף דאַלנע־גאַס (באַד־גאַס). די פּאָליאַקן וועלכע האָבן דאָרט געוואוינט, האָבן באַקומען אַ באַפעל פון דאָרט זיך אַרויסצוציען. די מענער וועלכע זיינען געווען אַרעסטירט אין שול האָט מען דערלויבט צו איבער־טראָגן אָדער איבערפירן די זאַכן. נישט אַלע האָבן אָבער געהאַט די מעג־לעכקייט אַלע זייערע זאַכן אַריבערצופירן. עס האָט אַלעמען אַרומגענומען אַ פּסיכאָז וואָס שנעלער אָוועקגיין אין געטאָ, מיינענדיק הפנים, אַז מיט דעם וואָס זיי וועלן זיין אין געטאָ, וועלן זיי ווייניקער ליידן פון די היימישע כולי־גאַנעס. די שטאָטישע קריסטן, וועלכע האָבן געהאַט פערד־און־וואָגן, האָבן זיך געהייסן גוט באַצאָלן פאַרן אַריבערפירן די זאַכן אין געטאָ. דער אַלטער פּאָליאַק אַנטאָני שעלאָנזשעק (קאָנאָפּסקא גאַס) דערציילט וועגן אַ פאַל, ווי דער איד יוסף גוראָווסקי, זיין לאַנג־יאָריקער שכן, האָט מיט אים אונטער־געהאַנדלט צוויי טעג וועגן אַריבערפירן דעם איד'ס זאַכן אויף זיין פור. דער קריסט האָט אַלץ ניט געוואָלט אַריבערפירן, „נאַר, ווען ער האָט מיר באַצאָלט וויפל איך האָב געוואָלט האָב איך אַריבערגעפירט זיינע זאַכן אין געטאָ, איבערגעקערט דעם וואָגן אויף דאַלנע גאַס און פאַרקערעוועט אַ היים"...

וואָס דאָס הייסט „וויפל איך האָב געוואָלט" קען מען זיך משער זיין. פון דעם קאָן מען אויך פאַרשטיין, אַז די אידן האָבן אויפגענומען דאָס שאַפן די געטאָ מיט אַ שטיקל האָפענונג פון רו מצד דער פוילישער אונטערוועלט. די מענער, וועלכע זיינען געווען אַרעסטירט אין שול און וועלכע מען האָט צייט־ווייליק אָפּגעלאָזן צום איבערטראָגן די זאַכן אין געטאָ — זיינען ווידער גע־וואָרן אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין שול.

די פוילישע כוליגאַנעס סטאַנישעווסקי און דאַווידאָווסקי און זייערע מיטהעלפער, וועלכע האָבן געהאַט די אויפזיכט איבער די אידן אין שול, האָבן זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט פּייניקן די אידן. זיי האָבן געזוכט פון דעם געשעפט צו פּראָפיטירן. צו דעם צוועק האָבן זיי געהערט, אַז צווישן די אַרעסטירטע אידן זיינען פאַראַן קאָמוניסטן. זיי האָבן אויסגעקליבן צווישן די אידן אַ מאַן צוואַנציק און דער כוליגאַן דאַווידאָווסקי איז אַרויס מיט אַ

געשריי: „כאָלעראַ! טאַ בילי קאָמוניסטי!" (אַ כאָלערע! דאָס זיינען געווען קאָמוניסטן!") מען האָט אָפּגעטיילט די צוואַנציק אידן אונטער אַ באַזונדער באַריער און זיי מער נישט געלאָזט גיין צו דער אַרבעט צוזאַמען מיט די איבעריקע אידן. די ערשטע צוויי טעג האָבן די פרויען און די „קאָמוניסטן" נישט געוואוסט, וואָס ס'איז געשען מיט זייערע מענער. זיי האָבן זייערע מענער ווי פריער געבראַכט עסן ביים טעאַטער. די פוילישע וואַך האָבן דאָס עסן צוגענומען אָבער האָט עס די אַרעסטירטע נישט אָפּגעגעבן. די לעצטע האָבן גאַנצע צוויי טעג געהונגערט. נאָכדעם אָבער, ווען די פרויען פון די אַרעסטירטע „קאָמוניסטן" האָבן זיך דערוואוסט וועגן גורל פון זייערע מענער, ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „געשעפט". מען איז געלאָפן צו דעם כוליגאַן דאַווידאָווסקי, אים אונטערגעקויפט, ער זאָל דעם אַרעסטירטן מאַן אָדער זון אַריינגעמען צוריק צו די אַרבעטנדיקע און אַרויס־נעמען אים פון צווישן די קאָמוניסטן, וואָס דאָס האָט געמיינט אַ זיכערער טויט.

און אַזוי האָבן די כוליגאַנעס צענדליקער מאָל געביטן די אַרעסטירטע; דעם אַרויסגעלאָזן, דעם אַריינגעזעצט צוריק צו די קאָמוניסטן און פאַרקערט, צונעמענדיק ביי די פרויען ס'לעצטע וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט.

אויף דער מסירה פון די פוילישע כוליגאַנעס דאַווידאָווסקי און סטאַני־שעווסקי האָט די געשטאַפּאָ אַרויסגעגעבן אַ באַפעל און איינמאָל אינדערפרי האָבן די כוליגאַנעס אַרויסגענומען די גרופּע „קאָמוניסטן", אַוועקגעפירט זיי, און קיינער פון די איבעריקע אַרעסטירטע אין טעאַטער האָט נישט גע־וואוסט וואוהין. ערשט אויפן צווייטן טאָג האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין קאָשעראָווער וועלדל און דאָרט דער־שאָסן געוואָרן.

עס זיינען אויך געווען פאַלן ווען די פאַרמשפּטע זיינען אַנטלאָפן און זיך געפּרואווט אויסבאַהאַלטן, נאָר די שפּיאָנען פלעגן זיי מסרן און מען האָט זיי געבראַכט צוריק אין „טעאַטער" אַריין. ווען איינער פון די אַנטלאָפענע פלעגט אַריינפאַלן אין די הענט פון די דערמאָנטע כוליגאַנעס דאַווידאָווסקי און סטאַנישעווסקי פלעגן זיי ביי אים צונעמען אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט און אים צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אים נישט אויסגעבן, אָבער ביינאַכט זיינען זיי געקומען און אים דערהרגעט.

פון די גרופּן, וועלכע מען פלעגט פון צייט צו צייט אַרויסנעמען פון טעאַטער און דערשיסן, ווערן דערמאָנט די נעמען פון די פאָלגנדיקע גראַיעווער אידן:

1 זילבערמאַן, שלמה,
2 אַבראַמסקי, יוסף,
3 אַבראַמסקי, שמעון,
4 גרינשפּאַן, לייזער,
5 סטריעוו, מרדכי,
6 בוכבינדער, הערש,

| | |
|---|---|
| 7 בראַנערזווין, שאול, | 11 סעגאַלאָוויטש, שלום, |
| 8 קלעצקי, חיים־יודל, | 12 קאָהן, עליע, |
| 9 קאַפּל, באַראַש, | 13 סודקער, בערל, |
| 10 סעגאַלאָוויטש, לייבל, | 14 סטאָלניצקי. |

דאָס זיינען אַ טייל פון די אידן, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן אין די וועלדער אין דער צייט פון 1־טן ביזן 25־טן אויגוסט, 1941.

דעם 26־טן אויגוסט, 1941 האָט די געשטאַפּאָ אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן די פרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער צייט פון דער סאָוועטנמאַכט אויף מלוכה־פּאָסטנס, און יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן געהערט צום „קאָמסאָמאָל" (אַ קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע). אין יענעם טאָג האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט 40 אידישע פרויען און מיידלעך. אין אָוונט, ווען די אַרעסטירטע מענער זיינען געקומען פון דער אַרבעט, האָט זיי שוין אָפּגעוואַרט געסטאַפּאָ און פּוילישע מיליץ ביים טעאַטער, וועלכע האָבן די אידן באַלד אָוועקגעשיקט אויף דער טאַרגאָוויצע (פערד־מאַרק). די פּוילישע קוליגאַנעס פון דער „פרייוויליקער" מיליץ האָבן דאָרט זיך איזדעקעוועט איבער די אידן, צווינגענדיק די אַלטע ווי די יונגע צו טאַנצן איבער די אויסגעגראָבענע גריבער. העכער אַ שעה האָט געדויערט דאָס פּייניקן. דער־נאָך האָט די געסטאַפּאָ באַפוילן די אידן אויסשטעלן זיך אין אַ ריי, און די פּוילישע קוליגאַנעס האָבן אָנגעוויזן אויף וועמען ס'איז זיי נאָר נישט גע־פעלן געוואָרן, אַז דער איז אַ קאָמוניסט. צווישן די „קאָמוניסטן" האָבן זיי אויך אָנגעוויזן אויף דעם אַלטן שוחט משה־מענדל מישקאָווסקי. פאַרשטייט זיך, אַז די גאַנצע בלוטיקע שפּיל איז גוט צוגעגרייט געוואָרן פון פריער דורך דער געסטאַפּאָ. אויפן אַלטן שוחט האָבן די קוליגאַנעס אָנגעוויזן: אָט דער איז סטאַלינס אַ חבר...

מען האָט דאַן אויסגעטיילט אַרום 80 מענער און זיי באַזונדער, אונטער אַ שטאַרקע שמירה אָוועקגעפירט אין טעאַטער. אויף צומאָרגנס האָט די געסטאַפּאָ, ווי אויף חוזק צו מאַכן, מכלומרשט איינגעאָרדנט אַ „סאָנד" (גע־ריכט) איבער די 80 מענער און פרויען, צוזאַמען 120 פּערזאָן. דער „סאָנד" האָט געדויערט צוויי טעג. די פּוילישע פרייוויליקע מיליץ האָט אונטערגע־שריבן אַ פּאַפּיר, אַז אַלע באַשולדיקטע זיינען קאָמוניסטן. דער „געריכט" האָט אַלע פאַראורטיילט צו שיסן. אויסהערנדיק דעם אורטייל זיינען עטלעכע יונגע מענטשן געשפּרונגען פון צווייטן שטאָק דורכן פענצטער פון דער גאַלע־ריע (בעריש דעם רידזעווערס אַ זון און אַנד.) וואו זיי זיינען באַלד אויפן אָרט אומגעקומען.

אַ גאַנצע נאַכט נאָכן „סאָנד" האָבן די געשטאַפּאָווצעס מוראדיק געפּיי־ניקט די פאַרמשפּטע אידן. זיי האָבן די אידן געשלאָגן מיט פלעשער איבער

די קעפּ. און פיל פון זיי שטערבלעך פאַרוואונדעט. די פאַרוואונדעטע האָבן די פּאָליאַקן אַראָפּגעשלעפּט אונטן אין קעלער און זיי דערמאָרדעט, און זייערע טויטע קערפּערס אַריינגעוואָרפן אין די קעלערן פון די פאַרברענטע הייזער לעבן דער שול.

דידאַזיקע נאַכט איז געווען איינע פון די שרעקלעכסטע פאַר די אַרעס־טירטע אידן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די פּוילישע כוליגאַנעס און געסטאַפּאָ געשלעפּט די עלטערע מענטשן אין די קעלערס פון שול און זיי בעסטיאַליש אויסגעמאָרדעט. די כוונה פון די דייטשישע פאַרברעכער איז געווען: אין דער פרי ווען מען וועט פירן די קאָמוניסטן צו שיסן, זאָל די באַפעלקערונג, הייסט עס, זען, אַז דאָס זיינען „ווירקלעך קאָמוניסטן" און נישט קיין עלטערע אידן, וועלכע מען האָט אין קיין קאָמוניזם נישט געקענט חושד זיין.

דעם 29־טן אויגוסט האָט אַ גרופּע אידן געאַרבעט אויפן רודער שאָסיי. פאַרנאַכט, צוריק פון דער אַרבעט האָבן די פּוילישע אויפזעער, אָנשטאָט אין „טעאַטער" די אידן אַרויפגעפירט אויפן בית־הקברות און זיי געלאָזט וואַרטן. אין אייניקע מינוט אַרום זיינען אָנגעקומען דריי אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־זעלנער און אָנגעצייכנט פאַר די אידן צו גראָבן אַ גרוב אויף אַ שטח פון 60 מעטער. די אידן האָבן שוין דאַן גוט געוואוסט, אַז דאָס איז דער מאַסן־קבר פאַר די 120 אידן, ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען מיט צוויי טעג צוריק פאַרמשפּט געוואָרן דורכן „טריבונאַל" פון שיכורע אויסוואורפן און בלוטדורשטיקע געסטאַפּאָווצעס. די אידן האָבן דעם קבר נישט געוואָלט גראָבן. דאָ האָבן די געסטאַפּאָווצעס אָנגעהויבן די אידן מערדערלעך צו שלאָגן מיט די ביקסן־קאָלבעס, און די פּאָליאַקן מיט די שטעקנס וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט. דער וואָס האָט נישט געוואָלט גראָבן, איז באַלד אויפן אָרט געוואָרן דערשאָסן (ווי ס'איז געשען מיט דעם אַלטן זרח עלקאָנס זון און אַנד.).

ווען דער מאַסן־קבר איז געוואָרן פאַרטיק, האָט מען די אידן צוריק אַוועקגעפירט אין טעאַטער אַריין. אַ גאַנצע נאַכט האָט די שיכורע געסטאַפּאָ געפּייניקט די פאַרמשפּטע אידן. זיי האָבן זיך ווי ווילדע חיות געוואָרפן אויף די אַרעסטירטע אידישע פרויען און זיי פאַרגוואַלטיקט, אָנטועניק זיי דערביי דעם גרעסטן פּיין. אויף דעם זאָגט עדות דאָס קורצע בריוול, וואָס דער לעבנגעבליבענער עד־ראיה מאיר קלעצקי (איצט אין פּאַריז), האָט געפונען באַלד דעמזעלבן טאָג אין שול, אין צימער וואו עס האָבן פאַרבראַכט זייערע לעצטע מינוטן די אַרעסטירטע.

אָט וואָס עס שרייבט די אומגעקומענע שרה מייעק:

„נישט גענוג וואָס מיר גייען פון דער וועלט, האָבן זיי נאָך אונדז געשענדעט. די גאַנצע אַרבעט האָבן אַדורכגעפירט די געסטאַפּאָ־לייט

און אַ פאַר פאַליאַקן. אידן! נעמט נקמה פאַר אונדז און פאַר אונדזער שאַנדע!"...

„די העכערע ראַסע" האָט דאָ אַזוי אַרום אַמבולטסטן אַרויסגעוויזן וואָס זי קען. חתונה האָבן מיט אַ איד — הייסט „ראַסן־שאַנדע", פאַר וועלכער ס'קומט טויט־שטראָף, אָבער פאַרגוואַלטיקן און פאַרפייניקן אידישע טעכטער, דאָס מעג מען יאָ.

וועגן דעם, ווי אַזוי עס זיינען אומגעקומען די 120 אידן, פאַרמשפּטע אין קאָמוניזם, דערציילט דער לעבנגעבליבענער עדות מאיר קלעצקי:

„10 אַ זייגער אין דער פרי (דעם 30־טן אויגוסט) האָט מען אַרויסגענומען איבער הונדערט מענער און פרויען, די פאַרמשפּטע צום טויט צוליב קאָמוניזם. באַגלייט פון ביידע זייטן מיט געסטאַפּאָ און פוילישע פּרייוויליקע מיליץ, ווי אויך אַ גרויסער טייל פון דער פּוי־לישער באַפעלקערונג — זיינען געגאַנגען אויף די כאַדניקעס (טראָ־טואַרן), מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן האָבן די קריסטן גערעדט: בענדזשע טראַכען מנעי זשידאָוו... (וועט זיין אַ ביסל ווינציקער זשי־דעס...") אַלע אידן האָבן געמוזט אַליין אַריינגיין אין די גריבער. ווען אַלע זיינען שוין געווען אין קבר, האָט אַ שפּיל געטאָן די מאַשין־געווער און אַוועקגענומען אויף אייביק אונדזערע ליבסטע און טייערסטע"...

דעם 1־טן סעפּטעמבער, 1941, 10 אַ זייגער אין דער פרי, האָט די געסטאַפּאָ פאַרזאַמלט אַלע אידן אויפן פלאַץ טאַרגאָווי (פערד־מאַרק), עס איז געקומען דער ציווילער דייטשישער שטאָט־קאָמענדאַנט און האָט געהאַלטן פאַר די פאַרזאַמלטע אידן אַ רעדע אין וועלכער ער האָט פאַרזיכערט אַז איצט, נאָכן אויסראָטן פון צווישן די אידן די קאָמוניסטן, וועלן די אידן קאָנען לעבן רואיק אין געטאָ, וואו זיי וועלן האָבן זייער אייגענע פאַרוואַלטונג מיט אַן אייגענעם פּרעזעס.

אַלס פּרעזעס פון יודנראַט אין גראַיעווער געטאָ, האָבן די דייטשן אויפן אָרט באַשטעטיקט דעם גראַיעווער איד, זלמן סוטקער.

## די געטאָ אין גראַיעווע

איצט איז שוין אַלעמען באַוואוסט, צוליב וואָס די דייטשן האָבן געשאַפן די געטאָס פאַר די אידן אין פּוילן; די כוונה איז געווען, קאָנצענטרירן די אידישע באַפעלקערונג, אָפּזונדערן זי פון דער אַרומיקער וועלט, כדי לייכטער זיך מאַכן דאָס אויספירן דעם פאַרברעכערישן „ענדע־ציל" פון די היטלע־ריסטישע רוצחים: פולשטענדיק צו פאַרניכטן די אידישע באַפעלקערונג. די לאַגע פאַרן שאַפן די געטאָס איז אָבער דורך די דייטשישע תליונים אַזוי

צוגעשפּיצט געוואָרן, אַז אין מאַנכע שטעט האָבן די אידן נאַאיוו געגלויבט, אַז מיטן שאַפן די געטאָ, וועלן די אידן האָבן מנוחה, זייענדיק פאַרזיכערט פון העצעס און פּראָוואָקאַציעס פון די היימישע אַנטיסעמיטן.

אַזוי איז אויך געווען אין גראַיעווע.

נאָכדעם ווי דער שטאָט־קאָמענדאַנט גייס האָט איבערגעלייגט פאַר די פאַרזאַמלטע אידן דעם באַפעל וועגן שאַפן פאַר די אידן אַ געטאָ, האָט ער גלייך נאָמינירט אויפן אָרט אַ „יודנראַט", וועלכער דאַרף פאַרוואַלטן מיט אַלע ענינים פון געטאָ אינעווייניק, ווי אויך כלפּי דער דייטשישער מאַכט. עס זיינען נאָמינירט געוואָרן:

1) סוטקער, זלמן, — פּרעזעס פון „יודנראַט".
2) פּאָפּאָווסקי — סעקרעטאַר.
3) וואַיסלאַווסקי, יצחק, — מיטגליד.
4) טענענבוים, — מיטגליד.

די אידן, מיינענדיק, אַז דאָס וועט ווירקלעך זיין אַ אידישע רעפּרעזענטאַנץ, וואָס וועט קאָנען עפּעס אויפטאָן פאַר זיי, האָבן פון זייער זייט צוגעצויגן דעם גראַיעווער איד לייזער (ליישקע) גראָסמאַן.

כאַראַקטעריסטיש זיינען די ערשטע צווײ פאַראָרדנונגען, וואָס דער גראַיעווער „יודנראַט" האָט אַרויסגעגעבן אין דעם ערשטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ. די ערשטע פאַראָרדענונג — אויפן באַפעל פון דער דייטשישער מאַכט — איז געווען, מען זאָל באַלד ריין מאַכן דעם טעאַטער (שול) וואו מען האָט ערשט נעכטן פאַרפּייניקט צום טויט די אַרעסטירטע. דער „יודנראַט" האָט אויסגעקליבן 25 מענער און פרויען, מיט בעזעמער און עמערס זיי געשיקט אין טעאַטער, אויפן אָרט פון דער שרעקלעכער בלוט־באָד.

דער לעבנגעבליבענער עדות מאיר קלעצקי, וועלכער האָט אָנטיילגענומען אין אויפרוימען דעם טעאַטער, גיט איבער דאָס בילד, ווי דער בנין אינעווייניק האָט אויסגעזען, איין טאָג נאָכן מאָרד:

„די ווענט זיינען געווען באַשפּריצט מיט פיל בלוט. ווי אין אַ שעכטהויז. מיר האָבן געמוזט ריין אָפּוואַשן דאָס בלוט, עס זאָל נישט בלייבן קיין זכר פון אונדזערע טייערסטע. דער צימער וואו עס האָבן פאַרבראַכט זייערע לעצטע מינוטן די פאַרמשפּטע פרויען, האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם: אויסגעפליקטע פרויען־האָר האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע, צוזאַמען מיט פאַרשידענע צעריסענע מלבושים און פּאַפּירן. מיר האָבן געזוכט צווישן די פּאַפּירן און געפונען דאָס בריוול, וועלכן שרה מייעק האָט פאַר איר טויט אָנגעשריבן (ציטירט אויבן. נ. ר.) מידע, נאָך אַ טאָג פּיינפולע אַרבעט, זיינען מיר

דאָך נישט געגאַנגען שלאָפן, נאָר זיך צונויפגעקומען אויפן הויף און באַווײנט דעם זכר פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע"...

דער צווייטער באַפעל פון „יודנראַט" אין זעלבן טאָג איז געווען: אַוועק־שטעלן אַ וואַך אַרום דער געטאָ אויף אַ גאַנצע נאַכט, כדי צו פאַרהיטן פון פראָוואָקאַציעס מצד די היימישע כוליגאַנעס פון דאַווידאָווסקיס באַנדע.

די „וואַך" איז באַשטאַנען פון יונגעלייט, „באַוואָפנט" מיט... שטעקנס און טאַשן־לעמפּלעך. ס'איז איבעריק צו זאָגן, וואָס פאַראַ פּנים אַזאַ „וואַך" האָט געהאַט קעגן אַן אָנפאַל פון אָרגאַניזירטע כוליגאַנעס און נאָך באַוואָפנטע דערצו. אָבער אַ שטיקל אַליאַרם־זיכערקייט איז עס פאָרט געווען.

נאָך עטלעכע טעג האָט דער „יודנראַט", אויפן באַפעל פון די דייטשן, געשאַפן אַן „אַרבעטס־אַמט". פאַרן שעף אַרבעטס־אַמט ביים „יודנראַט" איז באַשטימט געוואָרן: יצחק וואָיסלאַווסקי; סעקרעטאַר: ליובא פּאַבילינסקאַ. אויף דער פאָדערונג פון די דייטשן, האָט דער אַרבעטס־אַמט ביים „יודנראַט" צוגעשטעלט אידישע אַרבעטער אין די דייטשישע פירמעס. די אַרבעט איז געווען אַן איבערמענטשלעכע, צו 14—18 שעה אַ מעת־לעת. דער פּרייז פון אַן אַרבעטס־טאָג איז געווען איין (1!) מאַרק.

צו דער אַרבעט זיינען די אידן געגאַנגען אָן אַ וואַך, בלויז מיט אַ דורכלאָז־שיין, אַרויסגעגעבן דורכן דייטשישן אַמט.

צוגלייך מיטן אַרבעטס־אַמט איז אויך געשאַפן געוואָרן די אידישע מיליץ ביים „יודנראַט". אין דער מיליץ זיינען אַריין:

1) קאַרבאָווסקי, — קאָמענדאַנט, (אַן אַדוואָקאַט פון לאָמזשע).
2) מאיר קלעצקי, — פאַרטרעטער.
3) כילאַרע, בערל.
4) ניימאַן, ראובן.
5) גומאָוויטש, שלמה.
6) זשאַרקאָווסקי, יצחק.
7) טעוול אַז־ישיר'ס.
8) יאָסל דעם שמידס אַן איידים.
9) מאַרקוס, יוסף.
10) סאַלאָוואַטיצקי, משה.
11) שלומקע פון די בלינדע.

(געוויס ווי די אידישע מיליץ האָט זיך אויפגעפירט לגבי דער אידישער באַפעלקערונג אין געטאָ, זיינען נישט פאַראַן קיין ידיעות. זייענדיק ווייט פון דעם אומגליקס־אָרט, פיל איך מיך נישט באַרעכ־טיקט צו מאַכן וועלכע ס'איז אויספירן אין דער אָדער יענער ריכטונג. איך פיל מיך אויך נישט באַרעכטיקט אַרויסצובריינגען די אַלע מעלות און גוטע טאַטן פון דער גראַיעווער אידישער מיליץ, וועלכע עס רעכנט פאָר מיר אויס דער לעבנגעבליבענער עדות דער געוועזענער וויצע־קאָמענדאַנט פון דער מיליץ, מאיר קלעצקי (ווי ער גיט זיך אָן אַלס אַזעלכער). בויגנדיק דעם קאָפּ פאַר די ליידן, וועלכער דער לעצטער

איז דורכגעגאַנגען, באַטראַכט איך אים דאָך פאַר אַ נוגע בדבר, ווע־מענס עדות־זאָגן מען קאָן פאָרט נישט אויפנעמען אָן קריטיק. דידאַ־זיקע פראַגע וועלן מיר לאָזן פאַרמאַכט, און דערמיט נישט באַפלעקן אונדזער געוויסן לגבי אונדזערע פאַרפייניקטע ברידער און לגבי דער געשיכטע.).

אין עקאָנאָמישן זינען, האָט זיך דער גרייעווער געטאָ געלעבט ניט אָמ־ערגסטן. מען קאָן זאָגן, אַז פאַר דער צייט פון איר עקסיסטענץ, האָט די געטאָ ניט געהונגערט. פאַרשטייט זיך, אַז דער טייוולאָנישער פּלאַן פון די דייט־שישע מערדער איז אויך אויף דעם געביט דערטראַכט געוואָרן ביזן לעצטן דעטאַל : זאָלן די אידן, הייסט עס, זען, אַז מען זאָרגט פאַר זיי, דאָס נויטיק־סטע זאָל זיי ניט פעלן און זאָלן זיי נישט פּרואוון אַנטלויפן פון געטאָ. עס איז אָבער געווען נאָך עפּעס.

די דייטשישע מאַכט האָט דערלויבט די פּויערים פון די אַרומיקע דער־פער אַריינצופירן עסנוואַרג, טאָרף און האָלץ אין געטאָ אַריין. די פּויערים, וועלכע פלעגן אין די אויסגערעכנטע טעג פאָרן אין מאַרק אַריין, זיינען גלייך פאַרפאָרן מיט די פורן אין געטאָ, נישט אָפּטרעטנדיק אַפילו אויפן אַלגעמיינעם מאַרק, אין די געסלעך פון געטאָ, פלעגן זיך אין אַזעלכע טעג אויסשטעלן פורן ממש ווי אַ מאָל אויף אַ יריד, און די אידן האָבן אויסגע־קויפט אַלץ וואָס ס׳איז זיי געווען נויטיק. עס האָט זיך צוליב דעם געשאַפן אַ פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע : די אידן, וועלכע זיינען געווען פאַרשלאָסן אין געטאָ אויף זיבן שלעסער, אָפּגעטיילט פון דער וועלט, האָבן געהאַט מער לעבנס־מיטל, ווי די פּוילישע באַפעלקערונג אויף דער פריי. און די לעצטע האָבן געמוזט קויפן דאָס נויטיקסטע ביי די אידן אין געטאָ. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געבראַכט צו בייז בלוט ביים המון, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז די זשידעס זיינען אַזוי ווי די קעץ, וואו דו וואַרפסט זיי נישט דאַרפן, פאַלן זיי שטענדיק אויף די פיס... אין דער אמתן אָבער איז עס געווען אַ גוט־דורכגעטראַכטע שפּיל פון דער דייטשישער פּראָפּאַגאַנדע. עס איז זיי גע־גאַנגען צו ווייזן דער פּוילישער באַפעלקערונג, אַז די „זשידעס" נעמען אַלץ צו פאַר זיך, און ווען מען וועט זיי אויסראָטן, וועט זיין גענוג עסן פאַר די פּאָליאַקן.

ביים „יודנראַט" איז אויך געווען טעטיק אַ „גרופּע צו האַלטן ריין די געטאָ". דער אָנפירער פון דער גרופּע איז געווען פּיניע סוראַסקי. אין דער גרופּע האָבן געאַרבעט : אברהם גרינבערג, שלום דידנבערג, גאָלדבערג, בערל קלעצקי און יהודה גרינבערג. מען האָט אָפּגערייניקט אַלע פלעצער, אויס־געטריקנט די זומפּן, אין מזרח פון דאַלנע־גאַס, און אַלע ערטער פאַרזייט מיט גרינוואַרג. כמעט יעדער איד האָט געהאַט אָנגעגרייט אַ ביסל קאַרטאָפל, האָלץ, מערן, בוריקעס און אַנדערע גרינצייג. די איינציקע האָפענונג איז

געווען: מען זאָל נאָר פון געטאָ נישט אַרויספירן, וועט מען ווי ס'איז דער־לעבן המנס מפלה.

דער „יודנראַט" האָט אויך געעפנט עטלעכע וואַרשטאַטן צום געברויך פון געטאָ. עס איז געעפנט געוואָרן אַ געטאָ־בעקעריי, וועלכע האָט געדאַרפט באַזאָרגן מיט ברויט די אידישע באַפעלקערונג. די בעקעריי, וועלכע האָט אַמאָל געהערט צו יוסף ביאַלאָסטאָצקי, האָט זיך געפונען אויף דאָלנאַ־גאַס. דער אָנפירער פון דער געטאָ־בעקעריי איז געווען יעקב שידלאָ. ס'איז אויך געעפנט געוואָרן אַ שפייז־קראָם, אונטער דער אָנפירונג פון אברהם טענענבוים. אויך אַ שוסטער־וואַרשטאַט איז געווען טעטיק אין געטאָ, וועלכער האָט פאַר ביליקע פרייזן געאַרבעט פאַר דער באַפעלקערונג.

בערך אין אַ צוויי וואָכן אַרום נאָכן שאַפן די געטאָ, האָט דער „יודנראַט" פלוצים באַקומען אַ באַפעל פון דייטשישן שטאָט־קאָמענדאַנט, איינצוצאָלן 1 מיליאָן מאַרק אין קאַסע פון מאַגיסטראַט. דאָס איז געווען פאַר דער אָרע־מער געטאָ אַ ריזיקער קלאַפּ. דער באַפעל האָט געלויטעט, אַז אויב דידאָזיקע סומע וועט נישט איינגעצאָלט, ווערן אַלע אידן אַרויסגעשיקט פון געטאָ. אַ שרעק האָט אַרומגענומען דער פאַראָרעמטער באַפעלקערונג. באין ברירה האָט מען אויספאַרקויפט צו די פוילישע שכנים דאָס לעצטע און מען האָט זיך נאָך געפרייט, אַז מען וויל קויפן. „די אָרעמע האָבן פאַרקויפט די קישנס און די גאַנצע מעבל. די רייכערע האָבן זיך שטאַרק געדונגען, נאָר לסוף איינגעצאָלט זייער טייל". (גבית־עדות פון מ. קלעצקי).

אָבער דער גלויבן, אַז מען וועט אַלעס איבערלעבן האָט גובר געווען די מורא פאַר ווייטע און נאָענטע געפאַרן. טראָץ אַלע צרות, איז די געטאָ פול געווען מיט אָפּטימיסטישן גלויבן אין דער נאָענטער מפלה פון שונא.

אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר אין עקאָנאָמישן לעבן פון גראַיעווער געטאָ איז געווען די גוטע באַציאונג פון די אַרומיקע דאָרפישע ישובים מיט די אידן. די אַרומיקע פויערים האָבן זייער גערן פאַרקופט זייערע פּראָדוקטן צו די יידן. אַזוי, צום ביישפּיל, פלעגט אַ גרופּע אידישע יונגעלייט (דוד בונ־קאָווסקי, בוראַקאָווסקי, חיים און אַנד.) אַרויסגיין ביינאַכט פון געטאָ און ברענגען פיש פון נישט ווייטן דאָרף טאָטשעלאָווא און עס פאַרטיילן אָדער פאַרקויפן צו די אידן אין געטאָ. די פויערים, ווען ס'איז דערלויבט גע־ווען צוויי מאָל אין וואָך אַריינפירן אין געטאָ קאַרטאָפל און האָלץ, פלעגן אין די וועגענער באַהאַלטן הינער, פעטס און אַפילו גאַנצע קעלבער. די אידן אין געטאָ איז נישט דערלויבט געווען צום האָבן בהמות און געפליגל. דאָך איז אין געטאָ שטענדיק געווען עטלעכע בהמות און זייער אַ סך עופות. דאָס אַלץ אַ דאַנק דער הילף פון די פויערים פון די אַרומיקע דערפער.

דער עד־ראיה מ. קלעצקי, דערציילט אויך וועגן אַ פוילישער פרוי פון גראַיעווע, וועלכע פלעגט קומען דריי מאָל אַ טאָג צום געטאָ און פאַרקויפט

און טיילווייז אומזיסט פּאַרטיילט עסנוואַרג פּאַר די אידן אין געטאָ. אויך שפּעטער, ווען די גראַיעווער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן און די אידן פון דאָרט זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין באָגושע אין לאַגער, איז דידאָזיקע פּרוי געקומען ווי פריער און געבראַכט פּראָדוקטן. זאָל מיט דער געהעריקער אָפּ־שאַצונג דערמאָנט ווערן די האַנדלונג פון דערדאָזיקער אידעלער, גרויס־מוטיקער פוילישער פּרוי.

אין אַזעלכע באַדינגונגען, אין באַדינגונגען פון שווערער קאַטאָרזשנער אַרבעט און קאַמף פאַרן שטיקל ברויט, פאַרן דערהאַלטן דעם נפש, פון איין זייט, און פון טיפן גלויבן אין איבערקומען דעם שונא און דערלעבן זיין מפּלה פון דער צווייטער, האָט געלעבט די גראַיעווער געטאָ אַ יאָר צייט. ביז דעם 1־טן נאָוועמבער, 1942, ביז דעם טאָג, ווען די דייטשישע תּליונים האָבן באַשלאָסן, אַז זיי קענען שוין מאַכן אַ סוף מיטן רעשט ביסל אידן פון אונדזער שטאָט, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיי שוין אינגאַנצן אויסגענוצט מאַטעריעל, עקאָ־נאָמיש און פיזיש.

## דער לאַגער אין באָגושע

דעם 11טן נאָוועמבער, 1942 האָבן די דייטשן דורכגעפירט די אַרויס־שיקונג פון די אידן פון גראַיעווער געטאָ. אין דער נאַכט אויפן 11־טן נאָ־וועמבער, איז די געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן פון געסטאַפּאָוצעס, באַ־וואָפנטע מיט אויטאָמאַטן, וועלכע האָבן קיינעם פון געטאָ נישט אַרויסגעע־לאָזט. די מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט 4 אַ זייגער פאַרטאָג האָבן די געסטאַפּאָוצעס לאַקאָניש געמאָלדן: „איר האָט שוין גענוג געאַרבעט" און זיי ברוטאַל אָפּגעשטופּט פון די דראָטן צוריק אין געטאָ אַריין. באַלד איז אין געטאָ באַוואוסט געוואָרן, אַז עפּעס גרייט זיך. מענטשן האָבן געפּרואווט אַנטלויפן, אָבער די וואַך פון די געסטאַפּאָוצעס האָט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט ביז ס'איז געוואָרן ליכטיק.

ווען ס'איז געוואָרן ליכטיק, זיינען די געסטאַפּאָוצעס אַריין אין די הייזער, מיט קלעפּ און געשרייען אַלעמען אַרויסגעיאָגט צום פּלאַץ לעבן הערשל וויערניק. ווען אַלע אידן זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט, מיט פּעקלעך און קינדער אויף די פּלייצעס, האָבן די געסטאַפּאָוצעס אַוועקגעטריבן צופוס די אידן אין דער ריכטונג צום דאָרף באָגושע, (גרענעץ־דאָרף צווישן גראַיעווע און מזרח־פּרייסן).

כאָטש ס'איז שוין געווען שפּעטער האַרבסט, איז יענעם טאָג געווען זייער הייס און די אויסגעמאַטערטע אידן האָבן נישט געקאָנט דערטראָגן אויף זיך אַלץ, וואָס זיי האָבן אין איילעניש מיטגענומען מיט זיך. אַלץ וואָס זיי האָבן נישט געקענט טראָגן האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן אויפן שאָסיי, וואָס פירט

דורך באָגושער גאַס. דער גאַנצער וועג, ביזן דאָרף באָגושע איז געווען פאַר־זייט מיט אידישער אָרעמקייט. אונטער אַ האַגל פון קלעפּ פון ביקסן־קאָלבע און שטעקנס, מיט יאָמערן און געוויינען איז די מחנה אידן אָנגעקומען אין לאַגער באָגושע.

דער לאַגער אין באָגושע האָט פריער געדינט פאַר אַ אינטערנירונגס־לאַגער פאַר די סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע. די דייטשישע רוצחים האָבן אין דעמדאָזיקן לאַגער פאַרפייניקט צענדליקער טויזנטער סאָוועטישע זעלנער, וועלכע האָבן נישט באַוויזן, צוליבן פּלוצימדיקן קריגס־אָנפאַל פון דייטש־לאַנד זיך צו עוואַקואירן. די פעלדער אַרום באָגושע זיינען געווען פאַרזייט מיט ריזיקע מאַסן־קברים פון די סאָוועטישע זעלנער, פאַרפייניקטע אין טויטן־לאַגער באָגושע.

דער לאַגער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויס פעלד, אַרומגעצוימט מיט דראָט. אויפן שטח פון לאַגער זיינען געווען „אויסגעבויט" באַראַקן, ד. ה. אויסגעגראָבן טיפע גריבער, פון אויבן באַדעקט מיט אַ דאַך. איינעווייניק אין באַראַק זיינען געווען פריטשן פאַר די אינטערנירטע.

אַרום 11 פרי זיינען די גראַיעווער אידן אָנגעקומען אין לאַגער אַריין. ביז מיטאָג זיינען נישט געווען קיין שום פאַראָרדענונגען. נאָך מיטאָג, האָט מען אין לאַגער אַריין געבראַכט, צופוס און אויף וועגענער, אידן פון אַלע אַרומיקע שטעט: שטשוטשין, רייגראָד, וואָנסאָש, ראַדזשילאָוו, טרעסטענע, אויגוסטאָוו, ביאַליבזשעג און פון די דערפער אַרום אויגוסטאָוו, פון דאָרט וואו עס זיינען נאָך ביז דאַן פאַרבליבן ערגעץ אידן. ס'איז געווען קלאָר, אַז איצט זיינען די דייטשן צוגעטראָטן צו פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון אַלע געטאָס אין די שטעטלעך אין ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפט.

די ערשטע 3—4 טעג האָט מען די פאַרשפאַרטע אידן אינגאַנצן נישט געגעבן קיין עסן. יעדער האָט געגעסן וואָס ער האָט באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך פון געטאָ. ערשט אויפן פינפטן טאָג האָט די דייטשישע מאַכט, נאָכן באַשטימען אַ קאָמענדאַנט פאַרן לאַגער, געשאַפן פיר קיכן, וועלכע האָבן געדאַרפט „באַשפייזן" די איבער 7,000 אינטערנירטע אידן. אַלס קאָמענדאַנט פון לאַגער האָבן די דייטשן באַשטימט דעם געוועזענעם פרעזעס פון גראַיעווער „יודנראַט" — זלמן סוטקער.

אין די קיכן האָט מען געקאָכט 4—5 מאָל אַ טאָג קאַרטאָפל־זופּ. יעדער האָט באַקומען אַ האַלבן ליטער וואַסערדיקן זופּ אַ טאָג. ברויט האָט יעדער באַקומען 100 גראַם. די מענטשן זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז זיי פלעגן באַלאַגערן די קיכן, זיך רייסן איבער די קאַרטאָפל־שאָלן און דאָס שלינגען נישט־געקאָכטערהייט.

אַ גרופּע מענטשן זיינען באַשטימט געוואָרן צו דער אַרבעט אויפן שאָסיי אַרום פראָסטקען. די האָבן זיך גערעכנט פאַר די גליקלעכסטע. אַרויסגייענדיק

פון לאַגער, האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן זיך, פאַר גראָב געלט אָדער גאָלד, אַ שטיקל ברויט. דער לעבנגעבליבענער קלעצקי גיט וועגן דעם איבער אַזוי:

„אַ גרופּע פון 15—20 מאַן זיינען געגאַנגען אַרום באַגושע צו דער אַרבעט. זיי איז געווען גוט, ווייל זיי פלעגן זיך טרעפן ביי דער אַר־בעט מיט פּאָליאַקן און פאַר גאָלד, זייגערס און אַנדערע ווערטזאַכן פלעגן זיי באַקומען ברויט, ברענגען עס אין לאַגער און... פאַרקויפן. די גרעסטע גייערס זיינען געווען די פאַמיליע קאַמינסקי. (נאַכטשע דער קצב). 5 אָדער 6 פון זייער פאַמיליע זיינען זיי געגאַנגען. זיי זיינען אין פאַרלויף פון די צוויי מאָנאַטן זיין אין לאַגער זייער רייך געוואָרן אין גאָלד און דאָלאַרן, ווייל פאַר אַ קילאָ ברויט פלעגט מען צאָלן אַ פּאָר דאָלאַר"...

אויפן סמך פון אָט דעם גבית־עדות קאָן מען זיך מאַכן אַ קלאָר בילד, וועגן דער לאַגע פון די אידן אין לאַגער. אויב אַ קילאָ ברויט האָט געקאָסט עטלעכע דאָלאַר, איז דאָך קלאָר, אַז זייער ווייניק האָבן געהאַט די עטלעכע דאָלאַר. צווייטנס, אויף 7,000 אינטערנירטע זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף אַר־בעט סך־הכל אַ מאַן 15, איז קלאָר, אַז זיי האָבן געקאָנט אַריינשמוגלען אין לאַגער אַריין ברויט נאָר פאַר אַ נישטיקע צאָל מענטשן.

נאָך צוויי וואָכן זיין אין באַגושער לאַגער, האָט די געסטאַפּאָ געגעבן אַ דערלויבעניש 15 פּערזאָן פון לאַגער זאָלן גיין אין געטאָ אַריין, אַרויס־נעמען פון די קעלערן קאַרטאָפל, וואָס די אידן האָבן זיך צוגעגרייט אויפן ווינטער, און ברענגען עס אין לאַגער אַריין. דריי־פיר מאָל זיינען גרופּן פון לאַגער געגאַנגען אין געטאָ. דער לעבנגעבליבענער מ. קלעצקי, וועלכער איז אויך געגאַנגען מיט אַ גרופּע אין געטאָ, דערציילט, ווי די געטאָ האָט אויסגעזען, נאָך צוויי וואָכן ווי די אידן האָבן אים פאַרלאָזט:

„איינמאָל איז מיר געלונגען און איך גיי אין גראַיעווע, אונטער אַ וואַך פון דריי זעלנער פון דער ווערמאַכט. מיר קומען אַריין אין געטאָ. די געטאָ זעט אויס ווי נאָך אַ פּאָגראָם: די הייזער זיינען צעראַ־בירט, אויף די גאַסן פול פעדערן. אויפן ברוק זעסטו זיך וואַלגערן פאַרשידענע אידישע ספרים. אין די שענערע הייזער זיצן שוין פּאָ־ליאַקן. מיר גייען אַרויף אויפן הויף פון פסח דעם בעקער, געפינען מיר דאָרט זיך וואַלגערן אַ ספר־תורה, שוין אַ צעריסענע. פון קעלער האָבן מיר אַרויסגענומען עטלעכע וועגענער קאַרטאָפל און מיר זיינען שוין פאַרטיק מיט דער אַרבעט. דאָרט איז געווען אַ בעקער, דעם נאָמען געדענק איך נישט, (דאָס איז דער בעקער יאַן שענקיעוויטש ג. ר.) ער האָט אונדז פאַרקויפט יעדן איינעם אַ ברויט פון 6 קילאָ, נישט פאַר קיין הויכן פּרייז".

אין לאַגער האָט געהערשט, צוליב דעם שרעקלעכן הונגער און שמוץ, אַ גרויסע שטערבלעכקייט. יעדן פאַרנאַכט פלעגט מען די טויטע קערפּערס צונויפלייגן אין אַ גרוב און אינדערפרי אַרויספירן אויפן לאַגער בית־עולם, וואָס איז געווען דער בית־עולם פאַר די קריגס־געפאַנגענע רוסן, וועלכע זיינען געווען אין זעלבן לאַגער מיט אַ יאָר צוריק.

יעדער פון די אינטערנירטע אידן איז געווען אויסגעשטעלט צו דעם אורטייל פון געשטאַפּאָ־מערדער. מען גיט איבער וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז אומגעקומען דער גראַיעווער איד שייע לייב קאַנאַפּקאַ, אַן אינוואַליד פון ערשטן וועלט־קריג. פּלוצים אין אַ פרימאָרגן איז אין לאַגער אַריינגעקומען אַ געסטאַפּאָוויעץ און דעם אידן אַרויסגערופן פון באַראַק. דער אינוואַליד שייע־לייב האָט זיך שוין אָנגעשטויסן אַז זיין סוף איז נאָענט. ער האָט זיך מיט טרערן געזעגנט מיט זיינע באַקאַנטע, אַרויסגענומען פון טאַש זיינע לעדערנע הענטשקעס, וועלכע ער פלעגט שטענדיק טראָגן צוליב זיין רעוומאַטיזם, אָפּגעגעבן זיין שוואָגער לייבל שאַרפשטיין און צו אים געזאָגט: נעם, איך דאַרף שוין נישט קיין הענטשקעס, פאַר מיר איז די וועלט שוין געענדיקט״... ער איז אַריין אין אַ צוגעגרייטן גרוב און... מיט איין שאָס האָט דער געשטאַפּאָוויעץ געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.

דעם 15־טן דעצעמבער איז אין לאַגער פאָרגעקומען אַ „סעלעקציע״. אַרום 5,000 פּערזאָן האָבן די דייטשן ענג צונויפגעפּרעסט אין באַראַקן באַזונדער. דידאָזיקע מענטשן איז געמאָלדן געוואָרן, אַז מאָרגן ווערן זיי איבערגעשיקט אין אַ לאַגער אין שלעזיע אויף אַרבעט. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז ס'איז שוין דאַן אַרומגעגאַנגען צווישן די אידן דער קלאַנג, אַז מען שיקט די אידן קיין טרעבלינקע און מיידאַנעק צום פאַרברענען אין די קרעמאַטאָריעס, נאָר אַז דאָס איז זיכער, האָט קיינער נישט געגלויבט. דעריבער האָט די גרעסטע טייל, וואָס איז געווען באַשטימט „אין שלעזיע אויף אַרבעט״ גלייכגילטיק אויפגענומען די ידיעה פון זייער אַרויסשיקונג. דאָס טראַנספּאָרטירן די מענטשן איז פאָרגעקומען אויפן געוויינלעכן דייטשישן שטייגער: מוראדיקע קלעפּ און דערשיסונגען אויפן אָרט האָבן אַרויסגעיאָגט די מענטשן פון די באַראַקן אויפן וועג קיין פּראָסטקען צום באַנהויף. די וועגן זיינען געווען צעווייקט פון די האַרבסטיקע רעגנס און דער עולם האָט פון שוואַכקייט נישט געקאָנט שטעלן קיין טריט. נאָר די רוצחים האָבן געאײַלט: די וואָס זיינען געבליבן הינטערשטעליק זיינען אויפן אָרט געוואָרן דערשאָסן. דער גאַנצער וועג פון באָגושע ביז פּראָסטקען איז געוואָרן באַלייגט מיט הרוגים. צומאָרגנס האָט די לאַגער־מאַכט באַפוילן די אין לאַגער־געבליבענע אידן, אויפרוימען די טויטע פון די וועגן. אין יענעם טאָג האָט מען אויפגעקליבן ביי 200 מתים און זיי געבראַכט צו קבורה אויפן לאַגער־בית־עולם אין דאָרף באָגושע (לעבן לאַגער).

דער גאַנצער טראַנספּאָרט פון 5,000 אידן, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען דער לאַגער־קאָמענדאַנט און געוועזענער פּרעזעס פון „יודנראַט" אין גראַיעווע, זלמן סוטקער און זיין געהילף לייזער גראַסמאַן, — זיינען אוועק־געפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און אומגעקומען אין די קרעמאַטאָריעס. (ביז היינט ווייסט מען נישט אַפילו פון איין איינציקער פּערזאָן, וואָס זאָל זיך פון יענעם טראַנספּאָרט האָבן געראַטעוועט).

אין לאַגער זיינען, נאָכן אַוועקשיקן דעם טראַנספּאָרט פון די 5,000 אידן, געבליבן ביי אַ טויזנט פּערזאָן. די דייטשישע מערדער, דורכגעטראַכט און אויסגערעכנט אין זייערע פאַרברעכערישע צילן, האָבן געוואָלט ביי די געבליבענע שאַפן די אילוזיע, אַז פאַר זיי, פאַר די געבליבענע, דראָט שוין נישט קיין שום געפאַר. מען האָט דעם עולם אַריינגעזעצט אין די בעסערע באַראַקן, גערוימער, מען האָט אַפילו פאַרבעסערט דאָס „באַשפּייזן". דער לעבנגעבליבענער מ. קלעצקי דערציילט אַפילו וועגן איינעם אַ פאַל, אַז מען האָט איינמאָל געבראַכט אַ פאַרטיע געשאָסענע גענדז און אַנדערע עופות פון דער פּראָסטקער פאַשאַרניע, צום עסן פאַר די אינטערנירטע. עס האָט געהייסן, אַז מען וועט די אינטערנירטע אַ ביסל „ערהאָלן", פאַפּראַווען, הייסט עס, און דערנאָך, צוזאַמען מיט זייערע משפחות, זיי שיקן אין אַ לאַגער אויף אַרבעט. די דייטשן האָבן דאַן נאָמינירט איינעם אַן אויגוסטאָווער איד אַלס קאָמאַנדאַנט פון לאַגער און אין אַ וואָך אַרום אים באַפוילן, ער זאָל גרייט מאַכן די אידן אין וועג אַריין.

דעם 2־טן יאַנואַר, 1943, האָבן די דייטשן באַפוילן די אידן אַלץ צו פאַרפּאַקן און זיין גרייט אויף מאָרגן אין וועג. אויף צומאָרגנס, ד. ה. דעם 3־טן יאַנואַר, האָבן די לעצטע גרייעווער אידן פאַרלאָזן, שוין אויף אייביק, דעם לאַגער באָגושע. ענג פאַרפּאַקט אין די וואַגאָנעס זיינען פון פּראָסטקער באַנהויף אָפּגעפאָרן די גרייעווער אידן, דורך ביאַליסטאָק, וואַרשע, טרעב־לינקע...

ווען דער צוג איז פאַרבייגעפאָרן טרעבלינקע און האָט זיך דאָ נישט אָפּגעשטעלט, האָט אַ שטראַל פון האָפענונג זיך דערוועקט ביי די אומגליק־לעכע. זיי האָבן נאָך אין יענער צייט נישט געוואוסט גענוי, אַז אַ חוץ טרעב־לינקע זיינען פאַראַן נאָך טויט־לאַגערן... האָט טאַקע דער גראַיעווער איד יעקב שידלאָ געטרייסט זיינע ברידער: „אידן, אַז מיר זיינען דורכגעפאָרן דעם טרעבלינקער גהינום, וועלן מיר שוין לעבנבלייבן..." ליידער איז דאָס געווען אַ פאַלשע האָפענונג.

אין מיטן דער נאַכט איז דער עשעלאָן אָנגעקומען אין טויטן־לאַגער בירקענאַו, (בזשעזשינסקי). גלייך ווי דער צוג האָט זיך נאָר געשטעלט, זיינען אים באַפאַלן די ס.ס.־לייט מיט אויטאָמאַטן אין די הענט און אַרויסגעיאָגט

די אַרעסטירטע פון די וואַגאָנעס. דער וואָס האָט געפּרואווט עפּעס מיטנעמען מיט זיך, אַפילו אַ שטיקל ברויט, איז אויפן אָרט געוואָרן דערשאָסן. באַלד אויפן אָרט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ סעלעקציע. מען האָט אָפּגעקליבן ביי אַ הונדערט יונגע מענער, און די איבעריקע 900 מענער און פרויען אַרויפגעפּאַקט אויף לאַסט־אויטאָס און גלייך אָפּגעפירט צום קרעמאַטאָריום.

נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט דער קאַלך־אויוון פון דער טויט־פאַבריק־בירקענאו, פאַרשלונגען אויף אייביק דעם לעצטן זכר פון דער גראַיעווער עדה אידן...

## אַזוי איז עס געווען

אויסגעשטאָרבן, ווי נאָך אַ שרעקלעכער פאַרפלייצונג, איז געבליבן גראַיעווע אָן אידן... פון יעדן ווינקעלע, פון יעדן שפּאַן ערד, האָט זיך געהויבן אַ שטילער געדיכטער וואָלקן פון נאַר־וואָס פאַרגאָסענעם אידיש בלוט. די פלאַכע בערגלעך אַרום דאָרף פּשעקאָפּקע, דער מוטנער וואַסער פון טייכל קאָשעראַווע, די חורבות פון די הייזער אויף שול־גאַס, דער מאָרד־קעלער אין שול, דער ריזיקער לאַגער בית־עולם אין באָגושע, — די אַלע פלעצער האָבן אויף אייביק פאַרשלאָסן אין זיך די געדעכעניש פון אַ קהילה אידן אויף דער פוילישער ערד...

עס יאָמערט די ערד אין גראַיעווע. די פויגל אין „צערקאָוונעם גאָרטן" זינגען אַ טרויעריק געזאַנג. די זון שעמט זיך צו קוקן אויף די פרישע קברים, ווייל ווען זי דערוואַרעמט מיט איר בליק איינעם אַזאַ קבר, גייט אויף פונעם גרוב אַ פאַרשטיקטער געשריי, פונעם אומשולדיק־פאַרפייניקטן, וואָס פאַרשעלט די וועלט, פאַרשעלט די זון, פאַרוואָס זי האָט געלויכטן פאַר די שונאים... דעמאָלט באַהאַלט זיך די זון, אַ פאַרשעמטע, און אַ געדיכטער, פייכטער נעפּל שפּרייט זיך אויס אויף דער שטאָט ווי אַ גרויסער שלייער פון טרויער און די שטאָט זעט דעמאָלט אויס ווי זי וואָלט זיך, צופוסנס פונעם גרינעם באַרג, געזעצט שבעה...

עס איז נישטאָ קיין ליכט אין גראַיעווע, קריכן דעריבער אַרויס די פינצטערע פאַרשווינען פון זייערע באַרעס, קריכן און שמעקן; צי איז שוין אַלץ אָפּגעטאָן? צי האָט מען נאָך ערגעץ וואו, אָדער ערגעץ זועמען נישט אויסגעמיטן? קריכט מען איבער די דערפער און וועלדער און מען זוכט באַהאַלטענע אידן. און ווען מען געפינט נישט, זוכט מען אין אַלע ענגע לעכער ביז... מען פאַרקלייבט זיך אין באָגושער לאַגער...

... דאָס וואָס איך גיי דאָ דערציילן, איז געשען אַ מאָנאַט נאָכדעם, ווי ס'איז „אָפּגעלידיקט" געוואָרן דער לאַגער אין באָגושע. ווען אויף דער ערד פון גראַיעווע און אומגעגנט האָט זיך שוין קיין שום אידיש לעבן נישט געפונען.



אַ טייל פון בית־עולם. ניטאָ דאָרט קיין איין מצבה.
מ׳בויט דאָרט הייזער.



דער אַריינגאַנג צום בית־עולם, ביז דער מלחמה.

עטלעכע פוילישע כוליגאַנעס פון דער רייכער אונטערוועלט וואָס גראַיעווע האָט פאַרמאָגט, האָט זיך געלאָזט מיט אַ באַזוך אין לאַגער פון באָגושע. די באַראַקן זיינען געווען פוסט, טיילווייז צעגנבעט אויף האַלץ דורך די אַרומיקע פויערים. די כוליגאַנעס האָבן געזוכט, גענישטערט, ווער ווייסט וואָס? אפשר פאַרגראָבענעם אידישן גאָלד, אָט דעם לעגענדאַרן „אידישן אוצר" וואָס יעדער איד „מוז" האָבן. פלוצים האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אָן עפּעס ווייכס אָדער האַרטס, ווער ווייסט, נאָר ס'איז געוואָרן פאַרדעכטיק; זיי האָבן גענומען שנעל אָפּשליידערן די ערד אַרום זייערע פיס און... זיינען געבליבן איבער־ראַשטע: פאַר זייערע אויגן האָט זיך געעפנט אַ קבר, אַ גרוב, אין וועלכן ס'זיינען געלעגן צוויי לעבעדיקע מתים... דער אָנטאָן אויף די צוויי לעבע־דיק־באַגראָבענע איז שוין געווען צעפוילט, בלויז די שטיוול זיינען נאָך גע־ווען גאַנץ. אײן גאָט ווייסט, ווי אַזוי דידאָזיקע צוויי אידן איז געלונגען זיך

אויסבאַהאַלטן פון דער אויסזידלונג און זיך אויפהאַלטן אַ גאַנץ חודש אין גרוב. ווען די כוליגאַנעס, די „גאָלדזוכער" האָבן דערזען, אַז צוויי זשידעס לעבן נאָך, האָט זיך אין זיי אָנגעצונדן דאָס „פּאַטריאָטיש"־חזיריש בלוט. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט די צוויי אידן פון גרוב. זיי באַפוילן אויסטאָן די שטיוול (דאָס קאָן צונוץ קומען!) באַפוילן די צוויי אידן זיך אַרומנעמען און מיט איין שאָס זיי בײדע דורכגעלעכערט דעם שאַרבן. די צוויי אידן זײנען געווען וועלוול ווידענסקי און זיין יונגע פרוי! (גבית־עדות פון פוילישן אַר־בעטער יאַן קאלסקי).

איצט מעג שוין די „אידן־ריינע" גראַיעווע שלאָפן רואיק, נישטאָ מער קיין אידן אין גרייעווע...

אָבער:

עס וועט נאָך לאַנג, זייער לאַנג, גראַיעווער ערד נישט רוען. לאַנג, זייער לאַנג וועט נאָך אַוועקגענומען ווערן דער שלאָף פון די אויגן ביי די אין גראַיעווע, וועלכע האָבן צוגעהאָלפן צום גרויסן פאַרברעכן. דער פּיין פון די דערמאָרדעטע פרויען און קינדער, טאַטעס און זין, וועט אויף לאַנג־לאַנג רויבן זייער רו. טויטלעכער אַנגסט וועט זיי באַפאַלן אין די נעכט און שוואַרצע מרה־שחורה וועט זיי פייניקן אין די טעג, פאַר זייער אָפּגעטאָענער פינצטערער אַרבעט. די קללה, וואָס אונדזערע קדושים האָבן געוואָרפן אין לעצטן מאָ־מענט פון זייער זיין, וועט זיי אויף אייביק נאָכגיין, ביז זי וועט זיי פאַרטיליקן מתחת שמי השמים...

דעמאָלט וועט זיך דאָס בלוט פון אונדזערע קדושים באַרואיקן...

ת נ צ ב ה

מענדל קיימאַן

# אַ גראַיעווער פּאַרטיזאַן דערציילט

איך בין געווען איינער פון אַ קליינער גרופּע אַנטלאָפענע אידן פון גראַ־יעווע און אַנדערע שטעטלעך אַרום גראַיעווע, ווי גאָניאָנדז, טרעסטינע א. א.

אונדז האָט אָפּגעגליקט אַרעסטירט צו ווערן פון אַ גרעסערער אָפּטיי־לונג רוסישע פּאַרטיזאַנער אַרום לענץ (מאַזורישער געגנט). בלויז עטלעכע טעג זיינען מיר געווען אַרעסטירט, אָבער נאָך אַ ריי אויספאָרשונגען און קאָנ־טראָלן האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז מיר זיינען געקומען אין וואַלד כדי צו ראַטעווען זיך פון טויט. האָבן זיי אונדז פריי געלאָזט און אונדז ווערבירט אַלס גלייכע מיטקעמפערס אין זייערע פּאַרטיזאַנער גרופּן. אין דעם טאָג האָבן מיר געגעבן אַ שבועה, אַז אונדזער ציל איז צו קעמפן און נקמה נעמען פאַר אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער.

אויך אין וואַלד איז אונדזער לעבן וויט ניט געווען קיין זיכערער, דער טויט האָט געלאַיערט פון אַלע זייטן. אָבער מיר האָבן כאָטש געוואוסט, אַז מיר וועלן נישט אומקומען אָן אַ ווידערשטאַנד — מיר וועלן זיך נישט לאָזן פירן צו דער שחיטה ווי שאָף. די דייטשן האָבן אָפט דורכגעפירט אַבלאַוועס אויף אונדז. דאַן האָבן מיר געמוזט זיך אויסהיטן מיר זאָלן נישט אַריינפאַלן אין זייערע מערדערישע הענט — אַמאָל זיך באַהאַלטן אין די בונקערס, אַמאָל צוריקטרעטן טיפער אין וואַלד, אָבער שטענדיק מיטן ציל אַרויסצוטרעטן קעגן שונא ביי דער מינדסטער געלעגנהייט און מאַכן אים צו באַצאָלן פאַר זיינע מערדערייען אַזוי טייער ווי נאָר מעגלעך.

ביי איין אַרויסטריט, אין רעגנדיקע טעג, זיינען מיר אַוועק 106 פּאַר־טיזאַנער צום „אויספילן אַן אויפגאַבע" קעגן דעם נאַצישן שונא. די אויפ־גאַבע איז אויסגעפילט געוואָרן, נאָר בלויז 22 מענטשן פון אונדזער גרופּע זיינען לעבן געבליבן, די איבעריקע זיינען אומגעקומען אין אַ שלאַכט ביי דעם דאָרף קאָפּיסק. אָבער אונדזערע פאַרלוסטן האָבן נישט אָפּגעשראָקן און נישט צוריקגעהאַלטן די אַנדערע פּאַרטיזאַנער־גרופּן פון ווייטערדיקן קאַמף.

דאָ וועל איך איך איבערגעבן ווי אַזוי אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון עטלעכע גראַיעווער בחורים זיינען אַוועק קיין גראַיעווע דורכפירן אַ טויט־אורטייל איבער אַן אַזוי־גערופענעם „פּאָלקס־דייטש", וועל־כער האָט אומגעבראַכט אַ גרויסע צאָל אידן.

ס'איז געווען דעם 3־טן מאַי, 1942. דער אַרויסגאַנג פון וואַלד האָט זיך באַדאַרפט אָנהויבן 7 אַזייגער אין אָונט. גראַיעווער יוגנט האָט מיט גוואַל־דיקער אומגעדולדיקייט שוין געוואַרט אויף דעם אָונט. אַלע ווײַלע האָט מען געקוקט אויף די זייגערס, אָבער ווי אויף צו־להכעיס האָבן זיך די ווייזערס גערוקט זייער לאַנגזאַם און פויל... דער טיק־טאַק פון זייגער איז געווען אַזוי טעמפּ און פלעגמאַטיש, ווי ער וואָלט געשפּירט, אַז אונדזער לעבן דראָעט אַ טויט־געפאַר...

ענדלעך איז געקומען דער אָונט. אונדזער קאָמאַנדיר גיט אַ פּאַראָרדע־נונג, אַז אַלע זאָלן זיך צוגרייטן און מיטנעמען מיט זיך וויפיל מיר האָבן געווער און אַמוניציע, גראַנאַטן און אויפרייס־מאַטעריאַלן. 43 יונגעלייט זיי־נען מיר געווען. אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער. מיר זיינען אַרויס פון וואַלד. מיר מיידן אויס צו גיין איבער דערפער און הויפּט־וועגן. מיט גרויסע שוועריקייטן קומען מיר אָן צו די ערשטע הייזער פון גראַיעווע.

דאָס ערשטע הויז צו וועלכן מיר זיינען צוגעקומען איז געווען וואו בזשאַזע האָט געוואוינט. דורכן פענצטער האָט אַרויסגעלויכטן אַ פייערל פון אַ נאַכט־לעמפּל. אַ בליק אויף דעם פייערל האָט געעפנט פאַר מיר אַ קוואַל פון זכרונות, דערמאָנט מיר אַ שטיק לעבן, וואָס איז פאַראַמאָל פאַרשניטן גע־וואָרן... מיר גייען שטיל הינטער די אידישע הייזער אין וועלכע עס איז מער קיין אידן נישטאָ... עס שטייען די גרויסע געביידעס פון די אידישע לערן־שולן, מיט אויפגעפּראַלטע טירן, מען זעט דאָרט נישט קיין אַריינגייער און קיין אַרויסגייער... מיט צעוויטיקטע הערצער שפּאַנען מיר אין די גערטנער הינטער די הייזער.

מיר האָבן דעם פאַראָרדנטן טויט־אורטייל איבער דעם „פאָלקס־דייטשן" מערדער דורכגעפירט. עס איז אונדז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן ווען מיר האָבן שוין געזען דעם רוצח אַ דערשאָסענעם... עס איז פינצטער. מען זעט נישט קיין מענטשן פאַר די אויגן. פון דערווייטנס זעט מען די שטראַלן פון אַ פּראָזשעקטאָר מיט וועלכן די דייטשן באַלויכטן זייערע פּאַטרולן. מיר הויבן אָן צו פאַרלאָזן די שטוב פון דעם דערשאָסענעם מערדער. מיר דערהערן שווערע טריט פון דייטשישע פּאַטרולן. עס הערן זיך שוין אויך אויסרופן אין דייטש. קוילן הויבן אָן פייפן אין אונדזער ריכטונג. מיר פאַרטיידיקן זיך און ציען זיך לאַנגזאַם צוריק אין וואַלד אַריין. 43 אידישע פּאַרטיזאַנער האָבן אָנטייל גענומען אין דער מיסיע און עס איז אונדז געלונגען זיך אומצוקערן בשלום. אָבער אין די ווייטערדיקע אויפגאַבן איז אונדז שוין נישט אַזוי גלאַט

אָפּגעגאַנגען. בלויז געציילטע דערלעבן דעם טאָג פון דעם 9־טן מאַי, 1945, ווען די רויטע אַרמיי און די פוילישע פאָלקס־מיליטער האָבן ענדלעך פאַר־טריבן די היטלער־מערדער פון פוילן. די איינצלנע האָבן זיך געראַטעוועט מיט די ביקסן אין די הענט און מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבן כאָטש אין אַ קליינער מאָס זיך נוקם געווען אין דעם שונא פאַר אונדזערע ליבסטע און טייערסטע פון אונדזער היימשטאָט גראַיעווע. אָבער אין האַרצן איז גע־בליבן דער טרויער, די פּיין און דער באַגער צו באַצאָלן די שונאי ישראל כפל כפלים.

יזכור עם ישראל, די קדושים וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשישע און פוילישע פאַשיסטישע מערדערס.

יזכור עם ישראל, די פּאַרטיזאַנער וועלכע זיינען געפאַלן אין קאַמף קעגן די פאַרשאָלטענע נאַצי־דייטשן.

יזכור עם ישראל, די העלדישע פּאַרטיזאַנער וועלכע זיינען לעבן געבליבן און האָבן אויך געראַטעוועט פיל אידישע משפחות פון טויט.



העניך מישקאָווסקי, חיה גיטעל׳ס זון. אומגעקומען אין אָשווענטשים. האָט געשריבן אַ טאָג־בוך אין גראַיעווער געטאָ.

חיה גאָלדינג־קיימאַן

# שטשוטשין — גראַיעווע ביז דעם לעצטן אָטעמצוג

נאָך אין די קינדער־יאָרן פלעג איך הערן אַ לעגענדע, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן נאָמען פון דער שטאָט גראַיעווע. די לעגענדע פלעגט מיר אַלע מאָל אויפסניי געפעלן און גראַיעווע איז אויסגעוואַקסן אין מיין פאַנטאַזיע אַלס אַ רייצנדיקע און ראָמאַנטישע שטאָט. די לעגענדע דערציילט זיך ווי פאָלגט:

אין דער שטאָט ראַיגראָד, וואָס באַדייט אין דער פּוילישער שפּראַך גן־עדן, האָבן געלעבט אָדם און חוה. נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך פאַרזינדיקט האָט זיי גאָט אַרויסגעטריבן פון דאָרט. טרויעריק זיינען זיי געגאַנגען איבער די פעלדער און וועגן, איינער צום אַנדערן קיין וואָרט נישט גערעדט. אויפן וועג האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ בוים, אַ ווייסע ווערבע מיט לאַנגע, גרינע צווייגן ווי די צעפּ ביי חוהן. זיי האָבן זיך דאָ אָפּגערוט און אָדם האָט אויסגעשניטן אַ פיאַל פון דער ווערבע. דאָס דאָרף, וואָס האָט זיך שפּעטער אויסגעבויט אויף דעם אָרט, האָט דעריבער געקראָגן דעם נאָמען „ווירבאָווע". נאָך אַ קורצן אָפּרו זיינען אָדם און חוה ווייטער געגאַנגען. באַצוויבערט פון דער שיינקייט פון דעם נייעם געגנט, וואו זיי זיינען אָנגעקומען, האָט אָדם אויסגערופן צו חוה'ן: „שפּיל חוה" — וואָס מיינט אין פּויליש גראַיעוואַ און אַזוי האָט די קינפטיקע שטאָט, וואָס האָט זיך אויסגעבויט אויף דעם אָרט, געקראָגן דעם נאָמען גראַיעווע.

אַ שטח פון 14 קילאָמעטער האָט אָפּגעטיילט מיין שטאָט שטשוטשין פון גראַיעווע. ביידע שטעט זיינען געווען ענג פאַרבונדן איינע מיט די אַנדערע. די באַן, וואָס גראַיעווע האָט פאַרמאָגט, האָט איר געגעבן אַ דאָמינירנדיקן פּלאַץ. דורך דער באַזעצונג פון פּאָוויאַט אין גראַיעווע האָבן זיך אויך אַנדערע ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע קערפּערשאַפטן איינגעאָרדנט דאָרט, ווי די קראַנקן־קאַסע און „סאָציאַלע פאַרזיכערונג", לאַנד־ווירטשאַפטלעכע אָפּטיילונג פון פּאָוויאַט, די פּ. פּ. ס. (די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), די

וועטעראַנען־ביורא, די עקזאַמינאַציע־קאָמיטע פאַר דאַנטווערקער צעכן א. א. וו. צוליב די צוויי וויכטיקע ווירטשאַפטלעכע און אַדמיניסטראַטיווע פּאַק־טאָרן — די באַן און דער פּאַוויאַט — האָבן שטוטשינער אײנוואוינער און סוחרים געמוזט כסדר קומען קיין גראַיעווע. האָט מען געוואָלט פאָרן קיין וואַרשע, ביאַליסטאָק אָדער אַן אַנדער גרויסע שטאָט אין לאַנד האָט מען געמוזט קומען אין גראַיעווע צום באַן. ווער עס האָט זיך געוואָלט שמוגלען קיין אַמעריקע דורך דייטשלאַנד, דורך דער גרענעץ־שטאָט, פּראָסטקען, איז אויך צום ערשטן געקומען קיין גראַיעווע. דעריבער האָבן אויך קורסירט אַ גאַנצן טאָג אויטאָבוסן, קאַרעטקעס, פורן אַהין און צוריק.

גראַיעווער אידן פלעגט קומען אין שטשוטשין צו ירידן און פאַרקערט. שטשוטשינער סוחרים און דאַנטווערקער פלעגן פאָרן אויסקויפן פּאַטענטן, צאָלן שטייערן אין פּאַוויאַט און בחורים פלעגן זיך צושטעלן אין גראַיעווע צום פּריזיוו. יעדן חול־המועד פּסח און סוכות פלעגן כלה־מיידלעך און חתן־בחורים פאָרן קיין שטשוטשין און גראַיעווע פאַר קעגנזייטיקע זעאונגען... די ספּאָרט־גרופּע פון גראַיעווער, אידישער יוגנט פלעגט קומען יעדן זומער אויף פוטבאָל־פאַרמעסטן קיין שטוטשין. אין יענע בלאָע און וואַרעמע פאַרנאַכטן פלעגט שפּרודלען מיט פרייִלעכקייט, געלעכטער און לעבן. אברהם און איטשע גערשטאַנסקי, לייבל רעמיגאַלסקי, שמחה סאַרן, איזע עפּשטיין, גאַרטשיצקי, גרשוני אייזענשטאַט, חיים פרידמאַן, איזאַק קאַלקא, ליפשיץ, פלעגן זיין אָפטע געסט אין אונדזער שטעטל.

אַ טייל פון שטוטשינער יוגנט האָט געלערנט אין לאָמזשע אין גאָלד־לוסטס גימנאַזיום, שפּעטער האָט אַ טייל געלערנט אין גראַיעווער רעגירונגס גימנאַזיום. גראַיעווע איז געוואָרן די שפּייזערן פון קולטור פאַרן געגנט. זלמן סוטקער, טעאַטער רעזשיסאַר, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגע־אָרדנט דעם קינאָ־טעאַטער אין שטוטשין און פלעגט צוויי מאָל אַ וואָך ברענגען פילמס. די שטאָט איז אים שטאַרק דאַנקבאַר געווען פאַר דעם. צילא קאַלקא פון גראַיעווע פלעגט אַרויסטרעטן מיט קאָנצערטן. פּרעכטיק שיינע בעלער פלעגן מיר איינאָרדענען יעדן ווינטער. אין קלינגנדיקע, גע־פּאַקטע שליטנס פלעגט קומען די גראַיעווער לוסטיקע יוגנט. צו ליטעראַרישע אָוונטן אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אין „פּרץ ביבליאָטעק", פלעגט קומען די גראַיעווער פּראָלעטאַרישע יוגנט און פלעגט נעמען אַ היציקן און אַקטיוון אָנטייל. נאָך אַ פּאָר וואָכן פאַר איר טראַגישן אומקום, אין זומער 1941, קורץ פאַרן אויסברוך פון דעם דייטש־רוסישן קריג, איז די יונגע פּעאיקע לערערין קאַלקא (שמעון קאַלקאס טאָכטער) צוזאַמען מיט באַרקאָווסקאַ געקומען מיט גראַיעווער שול־קינדער קיין שטוטשין און מיט דערפאָלג אויפגעפירט די פּיעסע „בר־כוכבא".

אויך צווישן די אָרעמע־לייט פון די ביידע שטעטלעך איז געווען אַן „אָפּ־

מאָך", אַז איין מאָל אַ וואָך פלעגן די שטשוטשינער גיין קיין גראַיעווע פאַר אַ זאַמלונג איבער די הייזער און די גראַיעווער אָרעמעלייט פלעגן קומען אין שטוטשין. געווייינטלעך איז עס צוגעגאַנגען מיט אַ סדר ביי זיי. נאָר די ערשטע האַלבע וואָך איז געווען באַשטימט פאַר דעם, כדי דאָנערשטיק און פרייטיק זאָל מען קאָנען באַזוכן די היימישע בעלי־בתים און דעם עונג שבת צו זיין ביי זיך אין דער היים. אַזוי, אַז יעדע שיכט פון דיביידע שטעטלעך איז געווען צווישן זיך ענג פאַרבונדן.

אַזוי האָבן דורות גראַיעווער און שטשוטשינער אידן געלעבט אין פריינט־שאַפט און האַרמאָניע צווישן זיך. אַן אימפּולסיווער, צאַפּלדיקער לעבן איז אָנגעגאַנגען צווישן די צוויי ישובים — ביז דעם 22־טן יוני 1941.

אַזוי ווי אויפן אידישן פאָלק אין גאַנץ פוילן, אַזוי האָט זיך אויך גענומען ציען אַ קייט פון טויט און פאַרוויסטונג אויף אונדזערע שטעטלעך. עס איז געוואָרן איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג צווישן אונדז. עס איז געווען אַ גרויס געפאַר פאַר אַ אידן צו פאָרן אָדער צו גיין מיט דעם שאָסיי, אָדער זייטיקע וועגן. נאָך מער ווי פאַר די דייטשן איז אין יענער צייט געווען די שרעק פאַר די פּאָליאַקן. בעת מעשה האָבן מיר שטשוטשינער נישט גע־וואוסט, וואָס עס קומט פאַר ביי אונדזערע גראַיעווער שכנים.

פון שטוב צו שטוב זיינען די פּאָליאַקן אין שטשוטשין געגאַנגען אין דער צווייטער וואָך פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, 12 ביינאַכט און אויסגעשאָכטן אידישע מענער, פרויען און קינדער. נישט ווייניקער ווי 300 דעם ערשטן פרייטיק צונאַכטס... סיי אין גראַיעווע, סיי אין שטוטשין האָבן זיי קודם כל דערמאָרדעט די אידישע אינטעליגענץ און די אייגנטימערס פון הייזער, כדי תיכף צו ירשענען זייער פאַרמעגן. זיי האָבן זיך שטילערהייד אָרגאַניזירט און זיך באַנוצט מיט די זעלביקע מעטאָדן אי אין גראַיעווע אי אין שטשוטשין. אַלע שיכטן פון דער פוילישער באַפעלקערונג האָבן זיך באַטייליקט אין די שחיטות: די שטאָטישע אַרבעטער, דער „נאַטשאַלניק" פון פּאָסט, דער דירעק־טאָר פון שולע, נאטאַר, קלענערע באַאַמטע און פויערים. דער גלח האָט זיך אָפּגערוקט אַן אַ זייט... 50 פּראָצענט פון די שטוטשינער אידן זיינען אומ־געקומען, נישט דורך די דייטשן, נאָר דורך די פוילישע מערדערס, דורך די פריערדיקע שכנים, כלומרשט גוטע פריינט קונים און באַקאַנטע. אין דעם שטעטל ראַדזילאָווע איז בוכשטעבלעך די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פאַר־ברענט געוואָרן מיט איינמאָל אין גרעסטן שייער פון שטעטל, דורך די פּאָ־ליאַקן.

ערשט אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען עס האָט זיך טיילווייז געשטילט דער דורשט נאָך אידיש בלוט און פאַרמעגן, האָבן זיך דורכגעריסן ידיעות און קלאַנגען פון גראַיעווע. דאָס וואָרט „געטאָ" האָט גענומען הענגען אין דער לופטן. פיל מענטשן האָבן נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג. מען האָט זיך

געראַנגלט. בעת מעשה געמיינט, אַז דאָס איז נאָר אַ לאָקאַלע נגישה און געפּרואווט מיט געלט און חפצים זיך אויסקויפן דערפון. ביז מען האָט פּלוצ־לינג אַרויסגעטריבן אַלע אידן אין מאַרק, ווי מ'שטייט און גייט. נאָך 11 שעה שטיין אין גאַס אָן אַ טרונק וואַסער, אין טויט־שרעק, זעענדיק ווי מ'שלאָגט דעם רב אפראַן ז"ל און אַנדערע באַלעבאַטים, ווי מ'שלעפּט דער־שאָסענע יונגעלייט און ס'שיט זיך פּעך און שוועבל אויף די אידן, האָט מען ענדלעך פריייטיק שפּעט אין אָוונט אונדז אַריינגעטריבן אין דער שטוטשינער געטאָ.

אין טרויער, הונגער, קעלט, לײדן און פּײן האָבן מיר געלעבט. אויסער אַ 20 בעלי־מלאכות און 10 יוגנטלעכע האָט די שטוטשינער געטאָ קיין מע־נער מער נישט פאַרמאָגט. אַלע מענער זיינען אומגעקומען דורך די פּאָליאַקן אויף מיתה־משונהדיקע אופנים. איך דערצייל נאָר בקיצור די טראַגעדיע פון די אידן אין מיין געבורטס־שטעטל שטוטשין, צוזאַמען מיט אַלע האָב איך דורכגעמאַכט די שוידערלעכע צייט און טיף איינגעקריצט איז מיר יעדע גרויליכע פּאַסירונג, יעדער דאַטע, יעדער שכן, יעדער פריינד, — די טייערע, האַרציקע, ליבע מענטשן. די לייענער פון די שורות וועט עס זיך איינ־קריצן אין מוח, עס וועט זיי שטאַרק ווײ טאָן דאָס האַרץ, אָבער זיי וועלן נישט קריגן דעם אמתן באַגריף פון די טיפע לײדן, פון דעם צער און ווייטיק, וואָס מיר האָבן פאַרנומען.

מיט די ערשטע שטראַלן פון טאָג פלעגן שטוטשינער ווייבער זיך גנבענען קיין גראַיעווע מיט זייטיקע וועגן. ווער ס'פלעגט וועלן אויסגיסן דאָס האַרץ פאַר משפחה, פריינד, ווער ס'האָט געמיינט אַ ביסל פרייער צו אָטעמען, ווער צום גראַיעווער שוחט (שטוטשינער שוחטים זיינען שוין געהאַט אומגעקומען) מיט אַן עוף פאַר אַ שווער קראַנקן קינד. נאָך אַ פּאָר טעג פון לײדן צײן־ווייטיק בין איך אויך עולה רגל געווען קיין גראַיעווע צו דער דענטיסטין באַרקאָווקא.

גראַיעווער געטאָ איז געווען גרויסער ווי שטוטשינער. נישט איין קליין געסל ווי ביי אונדז, נאָר עטלעכע. נישט בלויז איינגעפאַלענע הייזקעס, נאָר אַ 2־3 געמויערטע הייזער און ס'האָט זיך אויף אַ ווײלע בעסער געאָטעמט. באַלד האָט מיר אַ פּוילישער פּאָליציאַנט, וואָס איז געווען אין געטאָ פאַר־האַלטן: „דו ביסט אַ פרעמדע", האָט ער געזאָגט און מיר געפירט צום אידישן געטאָ פּאָליציי־קאָמענדאַנט, קאַרבאָווסקען.

אבקעוויטש, דער פּאָליציאַנט, האָט גוט־געזאָגט פאַר מיר און האָט מיך אָפּגעפירט צו דער דענטיסטין.

נישט דורכן פראָנט פון דער גאַס בין איך געגאַנגען צום יודנראַט און צו זלמן סוטקער, נאָר דורך די הייפן, אַזוי ווי אַלע פלעגן דאָס טאָן. ס'איז נישט געווען כדאי, אַז אידן זאָלן זיך וואַרפן אין די פּוילישע אָדער דייטשישע אויגן אין די „הויפּט געסלעך". די הייפן האָבן געבילדעט פונקט ווי אין

שטוטשין און ווי איך האָב שפּעטער געזען אין ביאַליסטאָקער געטאָ, די הינ־טער־גאַסן. קיין פאַרקאַנטעס זיינען מער נישט געווען. אַלץ איז פאַרנוצט גע־וואָרן פאַר האָלץ צום קאָכן. זעלטן וואו ס׳איז געבליבן שטיין אַן אוביקאַציע. רוישיק, טונקל און טומלדיק ווי אין בינענשטאָק. אַ געדיכטע פּאָרע פון די נידעריקע פענצטער. פון איינעם האָבן געהילכט תפילות אין וועלכע עס האָט זיך געהערט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט דער אידישער וויטיק, צער, דער געבעט פאַר ישועה און רחמים, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די נידעריקע הייזקעס צו די העכסטע הויכן, גלויבנדיק אין „יענך ה׳ ביום צרה״...

איך האָב גערעדט מיט זלמן סוטקער, יוליאַן גלאָס, לייזער גראָסמאַן וואוועק זילבערשטיין און אַנדערע, וועלכע איך האָב געטראָפן אין יודנראַט. איך האָב באַזוכט עטלעכע פאַמיליעס. אַלע און אַלץ פאַרזונקען אין טרויער, אָבער אין גלויבן, אַז מען וועט דורכמאַכן די ביטערע צייט און מ׳וועט זיך דערוואַרטן אויף דער גאולה. יעדער זייטיקער האָט גלייך געקענט זען די אחריות, וואָס דער יודנראַט טראָגט פאַרן כלל פון געטאָ און די קאָאָפּעראַציע פון כלל מיט די פירערס. דער יחיד איז אַרויס פון זיינע אייגענע אינטע־רעסן און איז געוואָרן אַריינגעפלאָכטן אין די פלאַמען פון כלל. קיינמאָל פריער און אויך שפּעטער האָב איך אַזוי בולט נישט געזען דעם קאָלעקטיוון כאַראַקטער, דעם קאַמף און זאָרג פון איינעם פאַרן אַנדערן. איך האָב באַ־וואונדערט די אחדות, די געטריישאַפט און ליבע פון איד צו איד, פון מענטש צו מענטש.

באַגושע, דער פאַר־לעצטער עטאַפּ פון די שטוטשינער, גראַיעוואָער, יאַגוס־טאָווער, ראַיגראַדער אידן, האָט פאַראייניקט אין זייערע צרות, שותפותדיקעליידן און פּיין. אַזוי ווי איך לעבן זיינען ביידע ישובים געווען ענג פאַרבונדן צווישן זיך, אַזוי האָט אויך דער טראַגישער טויט זיי פאַראייניקט, ביז דעם לעצטן ציטער פון אומקום, ביז דעם לעצטן אָטעמצוג...

# אומקום פון די אידן אין שטשוטשין

דאָקומענט פון דער אידישער וואָיעוואָדישער היסטאָרישער קאָמיסיע
ביאַליסטאָק — 11 אויג. 1946.
ל. ב. — 152/46.

איבערגעגעבן דורך באַשע קאצפער, געבוירן אין יאָר 1920 אין שטשוטשין, בעת דער אָקופּאַציע געלעבט אין שטשוטשין געטאָ, נאָך ליקווידאַציע זיך אויס־באַהאַלטן אין די אַרומיקע דערפער. לעבט איצט אין ביאַליסטאָק.

דאָס שטעטל שטשוטשין (געציילט 3 טויזנט אידן פאַרן קריג) האָט שוין פון 1939 געפילט די בעסטיאַלישע האַנט פון די נאַצים וועלכע האָבן געוויילט דאָרט 2 וואָכן. דאָס שטעטל האָט דעמאָלט פאַרלוירן 300 מענער פון וועלכע איינצלנע זיינען צוריק געקומען.

דעם 24־טן יוני, 1941 האָבן די דייטשן ווידער פאַרנומען שטשוטשין. די ערשטע טעג איז נאָך נישט געווען איינגעשטעלט די דייטשישע אָרטיקע מאַכט און די פוילישע וואוילע יונגען און כוליגאַנעס האָבן זיך איזדיעקע־וועט איבער די אידן. צווישן זיי יאקובטשאק, דאמבראווסקי דער גאַרב, סוויאסלאווסקי, דער פּאָסט־נאַטשאַלניק יאַנקייטיס, דירעקטאָר פון שול און געוו. סטרוזשעס.

דעם 25־טן יוני, 1941, פרייטיק אין מיטן נאַכט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן האָבן די פּאָליאַקן געמאַכט 3 שחיטות: אויף ניי־שטאָט, אויפן מאַרק און אין דער לאָמזשער גאַס. אויף ניי־שטאָט איז דערמאָרדעט געוואָרן קאָפּ־לאָן דער פאָטאָגראַפיסט מיטן אײדעם, אסתר קריגער מיט איר טאָכטער און אייניקל, ראָמאָראווסקי דער שנײדער, פעטקע יאָשינסקי, מײזל דער ראש הישיבה און אַנד. אויפן מאַרק זיינען דערמאָרדעט געוואָרן חנה ראָזענטאָלס

קינדער, גרישע ראַדושקאַנסקי און פרוי מיט אַ קליין קינד ביים ברוסט,ביילע־רחל גוזאווסקא, זיידקע בערנשטיין מיט ראַכקען און זייער איניקל, טוביה שיינבערגס קינדער, דער רב סלוצקי מיט זיין משפחה. אויף די פאוועלקעס (אַ גאַס אונטערן שטאָט) האָט מען אומגעבראַכט גבריאל פאַרבעראָוויטש. בערנשטיין און לייזער סאַסנאווסקין האָט מען געשאָכטן אין שעכט־הויז. די אַלע דערמאָרדעטע אין דער צאָל פון 300 פערזאָן האָבן די פּאָליאַקן אַרויס־געפירט אויף פורן אונטערן שטאָט, אַריינגעוואָרפן אין ראוועס און געלאָזן ניט פאַרשאָטענערהייט.

די אידישע פרויען זיינען געלאָפן צו די פוילישע אינטעליגענץ אינ־טערווענירן מ׳זאָל אָפּהאַלטן די פּאָגראָמען, אָבער זיי האָבן ביט געהאָלפן. דאַן האָט מען אונטערגעקויפט די דייטשישע סאָלדאַטן וועלכע זיינען געזעסן אין מאַגיסטראַט און די צווייטע נאַכט איז דער אידישער ראַיאָן פּאַטראלירט געוואָרן.

דאָס זעלבע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין גראַיעווע, ראַדזילאָווע, וואנסאש און סטאַוויסקי. אין ראַדזילאָווע האָט מען פאַרברענט אַלע אידן אין אַ שייער.

אַ וואָך פאַרן באַשטימען די געטאָ האָבן די פוילישע סטרוזשעס אויפ־געטריבן אַלע אידן נישט לאָזנדיק קיינעם אין שטוב, כלומרשט צו רייסן גראָז. מען האָט זיי אַוועקגעטריבן אויפן בית־עולם. אָפּגעלאָזן האָט מען נאָר פרויען און איינצלנע מענער. אויפן צווייטן טאָג האָט מען געפונען 100 מענער אין אַ ברודער קבר. צווישן די דערמאָרדעטע זיינען געווען יונה לעווינאוויטשעס זון, פאַניש מיטן זון מאיר, ישעיה קאקאשקא, מלכיאל ליפּ־שטיין א. אַנד. דער רב איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן און דעם בית־המדרש האָט מען פאַרברענט.

דעם 20־טן יולי, 1941 איז באַשטימט געוואָרן אַ געטאָ, וועלכער האָט זיך געצויגן פון לאפּיאנס הויף ביז ווילימאווסקעס הויף. דעם זעלבן טאָג האָט מען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג ארויסגעטריבן אויפן גאַס, אויס־געשטעלט באַזונדער די יונגע און אַלטע און זיי אַריינגעלאָזט אין אַ לאַגער פון וואַגנען מ׳האָט יעדער נאַכט אַרויסגענומען מענטשן צום פאַרניכטן. דאָרט זיינען אומגעקומען: זאַוול זעמעל, משה גוזאָווסקי, חיים קולינסקי, יאַנקל דענמאַרק, חיים קאקאשקא, מוקי פאַרבער, דוד ראַבינאָוויטש, משה לייזערמאַן, דער רב, די שוחטים, דער דיין, קיימאנס שוואָגער, דער לערער בערמאַן, איטשע טוטעלמאַן, סקובעלסקי און אַנד. אין געטאָ זיינען נאָר אַריינגעלאָזט געוואָרן פרויען און קינדער, 10 שניידער, רוזשע דער זייגער־מאַכער, שלום מאטל דער מוליער, 3 שמידן און די וועלכע האָבן זיך אַריינ־געגנבעט. צוזאַמען זיינען דאָרט געווען 300 אידן.

אין געטאָ איז באַשטימט געוואָרן אַ „יודנראַט" אין באַשטאַנד פון 15 אידן און 4 פּאָליציאַנטן, אידישע אָרדענונגס־דינסט. פּרעזעס איז געווען יונה

לעווינאוויטש און די ראטמענער: נאָטקע ראַבינאָוויטש, ישראלקע גאָלדפאַרב, מיכאל קרושביאַנסקי, סאוויצקי און פרידמאַן. אין שפּיטאָל זיינען געבליבן לובעצקי, לייבל דאָרף און צוויי דאָקטוירים. די אויבן אויסגערעכנטע פּער־זאָנען מיטן ד"ר וואַרטמאַן און געדטס זיינען געווען אין שטשוטשין ביז דער ליקווידאַציע.

דעם 2־טן נאָוועמבער, 1942 איז די שטשוטשינער געטאָ ליקווידירט געוואָרן און די איינוואוינערס זיינען אויף פורן אַרויסגעפירט געוואָרן קיין באָגושע (אַ לאַגער אונטער גראַיעווע), איינצלנע מענטשן האָבן געפּרואווט אַנטלויפן פון לאַגער אויף די דערפער, אָבער עס איז זיי נישט געלונגען. צווישן די אומגעקומענע זיינען געווען גאָרדענבערג, ליכטנשטיין, צוויי ברידער.

דער עדות האָט ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ געאַרבעט אין גראַבאווע אויפן דאָרף. נאָך דער ליקווידאַציע זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און ביי אַ קריסטין אין גראבאווא ביז דער באַפרייאונג, דעם 26־טן יאַנואַר, 1945.

עדות —
פּראָטאָקאָלאַנט —
פּאָרזיצער פון דער איד. וואָיעוו. היסט. קאָמ.

מגר. מ. טורעק.

# אומקום פון די אידן אין קאלנע

דאָקומענט פון דער אידישער וואָיעוואָדישער היסטאָרישער קאָמיסיע ביאַליסטאָק — 27 יוני, 1946.

איבערגעגעבן דורך פייגל גאָלאָמבעק (פון שטוב ראָזענשטיין, געוו. מילנערס), געבוירן 1915 אין סטאָוויסק. אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער אַרום סטאַוויסק־קאלנע.

דאָס שטעטל קאלנע, וועלכע האָט געציילט 2 טויזנט אידן, געפינט זיך נישט ווייט פון דייטשישן גרענעץ אַזוי, אַז פון די קריגס אָפּעראַציעס ביים פאַרנעמען זי דעם 22־טן יוני, 1941 האָבן פיל געליטן די איינוואוינער און בתוכם די אידן. עס זיינען געוואָרן פיל געהרגעטע, צווישן זיי די פאַמיליע שקלאַניעוויטש, און פאַרוואונדעטע.

אין עטלעכע טעג אַרום זיינען געקומען אין שטעטל די פויערים פון די דערפער טשערוואַני און זאַביעלע, וועלכע זיינען אַרויס פון די סאָוועטישע תפיסות, און אויסגעהרגעט 30 אידן. צווישן די קרבנות איז געוואָרן די פאַמיליע דאלאַוויטש און יעקב דודאַוויטש מיט פרוי און קינד.

אַ וואָך צייט האָבן די אידן געמוזט פיעלען די גראָז אין די גאַסן, דערביי האָט מען פיל געשאָסן, מיידלעך פאַרגוואַלטיקט און געהייסן אַרומלויפן נאַקעטערהייט איבער די גאַסן. צווישן די קרבנות איז אויך געוואָרן ד״ר קאַסאַוויטשעס שוועסטער.

דעם 5־טן יולי, שבת, האָט מען געהייסן זיך צונויפקלייבן דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אַפילו פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט לעבן לעניגס סטאַטוע, מיט טליתים און וועגענער אָן פערד. די שמידן האָבן זינגנדיק די התקווה און באַקומענדיק פיל געשלאָגן, צעהאַקט די סטאַטוע. מען האָט זי אַרויפגעלייגט אויף די וועגענער איינגעשפּאַנטע דורך אידן אין

טליתים. דער גאַנצער צוג האָט געצויגן 2 קילאָמעטער אונטערן שטאָט צום אידישן בית־עולם, דאָרט האָט מען מיט זינגען און דאַווענען באַגראָבן לע־נינען. אַרויסגייענדיק פון בית־עולם זיינען ביים שוועל געשטאַנען פּאָליאַקן מיט שטעקנס און יעדער איד האָט געקראָגן עטלעכע קלעפּ איבערן קאָפּ.

דעם 15־טן יולי, 1941 האָבן די דייטשן געהייסן זיך אויפקלייבן די קאַלנער יוגנט, מיטנעמען פּעקלעך מיט עסן, כלומרשט אויף אַרבעט. מ׳האָט זיי אויף מאַשינעס אַוועקגעפירט קיין קולימאגע. פון דעמאָלט איז יעדער שפּור פון זיי פאַרשוואונדן.

אויפן דריטן טאָג נאָכן אַרויספירן די יוגנט, האָט מען באַפוילן אַז די עלטערן זאָלן נעמען מיט זיך ווערטפולע זאַכן, מען וועט זיי פירן צו די קינדער. יעדער איד מיט אַ פּעקעלע אין האַנט האָט זיך געמאָלדן ביים מאַגיסטראַט, וואו ס׳זיינען געשטאַנען מאַשינעס מיט געשטאַפּאָ, די פּעקלעך אָפּגעגעבן כלומרשט אויף באַגאַזש, און אַליין אַרויף אויף די מאַשינעס. מ׳האָט אַ טייל אַוועקגעפירט קיין קולימאגע און אַ טייל קיין משציוויע און צעשאָסן. די עלטערע מענטשן האָט מען געטריבן קיין קולימאגע צופוס.

די גאַנצע פּראָצעדור האָט געדויערט 3 טעג. פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין קאלנע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן ביי אַ 50 פּערזאָן.

די פאַמיליע ניצעוויטש איז אַנטלאָפן פון קאלנע און אָנגעקומען אין סטאַוויסק דעם זעלבן טאָג, ווען מען האָט דאָרט דורכגעפירט די ליקווידאַ־ציע און זיי זיינען דעמאָלט אומגעקומען. די פאַמיליע לעוו, מוטער און טאָכ־טער (געהאַט אַ דרוקאַרניע) האָבן געלעבט נאָך דער ליקווידאַציע אין סמיר־ניק אויף אַ קאָלאָני, נאָר די זשאַנדאַרמעריע האָט זיי געכאַפּט און אָפּגעפירט אין באַגושער לאַגער. דער קאַלנער פריץ באַטשקע איזענבערג און ברכה אלעך האָבן זיך באַהאַלטן אין די אַרומיקע דערפער און זייענדיק אין פּאַ־כוטשין (לעבן קאַלנע) ביים סאָלטיס ליפינסקי האָט זיי אַ קאַלנער פויער דערקענט. דער סאָלטיס האָט זיך דערשראָקן און זיי איבערגעגעבן דער זשאַנדאַרמעריע. מ׳האָט זיי אַרעסטירט און געפירט קיין לאָכאווע. אויפן וועג האָט אייזנבערג דורכגעשטאָכן דעם זשאַנדאַרם, צוגענומען דאָס געווער און אַנטלאָפן. זיי האָבן געלעבט ביז 1944 אין די וועלדער אין גראַבואוועק ביי קאָרזשאָזקען. דורך אַ צופאַל זיינען זיי דאָרט אומגעקומען.

איבערגעלעבט האָט נאָר דינה כלודניעוויטש, וועלכע איז אַנטלאָפן פון קאלנע אין לאָמזשער געטאָ און פון דאָרט קיין דייטשלאַנד וואו זי האָט איבערגעלעבט אַלס קריסטין.

עדות —
פּראָטאָקאָלאַנט —
פאָרזיצער פון דער ייד. וואָיעוו. היסט. קאָמיסיע

מגר. מ. טורעק.

# די פּאָגראָמען אין ראַדזשילאָוו

דאָקומענט פון וואַיעוו. היסטאָרישער קאָמיסיע אין ביאַליסטאָק
דעם 27־טן יוני, 1945.
ל. ב. — 30.

איבערגעגעבן פון מנחם פינקלשטיין, געבוירן 1923,
יאָר. געלעבט אין ראַדזשילאָווע ביז דער ליקווידאַ־
ציע פון די יידן. אין משך פון 43 חדשים זיך אויס־
באַהאַלטן אין דער אומגעגנט ביי פאַרשידענע פּאָ־
ליאַקן. פראָטאָקאָלירט ל. ראָטשטיין.

נאָכן אַריינטרעטן פון דער רויטער־אַרמיי אין גראַיעווער געגנט אין 1939, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוויסע כוואַליע פון סאַבאָטאַזש קעגן דער סאָוועטן־מאַכט. זייער אָפט פלעגן פאָרקומען מאָרדן פון סאָוועטישע אָפיצירן און באַאַמטע פון דער ראַטן־מאַכט. נאָך לאַנגע אונטערזוכונגען איז אַנטדעקט געוואָרן וואָר די באַנדיטן זיינען. אין 1940 יאָר איז געווען אַ שטאַרק באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנקע אין די וועלדער פון דאָרף בילינע לעבן ראַד־זשילאָוו. עטלעכע טעג האָט געדויערט דער קאַמף. אין רעזולטאַט פון וועלכן די באַנדעס זיינען צוטריבן געוואָרן און אַ סך דערשאָסן. פון די אַרעס־טירטע באַנדיטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאַרטיזאַנקע איז באַשטאַנען ספּעציעל פון די אָרטיקע איינוואוינער, וועלכע זיינען אַנטלאָפן צוליב פריער אויסגעפירטע דורך זיי טאַטן. די גרויסע אַרעסטן האָבן נאָך פון דעסטוועגן ניט ליקווידירט פולשטענדיק די באַנדעס. די סאַבאָטאַזש אַקטן און מאָרדן האָבן זיך נאָך איבערגעחזרט.

זומער אין 1941 יאָר, דערמאָרדעט געוואָרן אין וואַלד פון דאָרף גלינקי דער נאַטשאַלניק פון ב. ק. וו. ד. אין יעדוואַבנע. פאַר דעם דייטש האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די אויספירער פון דעם מאָרד זיינען די ברידער ביענקאָוו־סקי פון דאָרף ראַמאַני, פשיטולער גמינע.

די מאַכט איז צוגעטראָטן צו אַ נייער אויסראָטונג פון דער געהיימער

אָרגאַניזאַציע, נאָר דאָן איז געקומען דער אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטן־פאַרבאַנד. די אַרעסטירטע באַנדיטן זיינען אַרויס פון די טורמעס און די איבעריקע וועלכע האָבן זיך אויסגעבאַהאַלטן, זיינען אַרויס אויף דער פריי, און דאָן אָנגעהויבן אָפיציעל מיטאַרבעטן מיט די דייטשן. דערנאָך זיינען אַנטדעקט געוואָרן ווער זיינען די אויספירער פון די סאָבאטאזש־אַקטן און מאָרדן ביי דער סאָוועטן־מאַכט. עס איז אויך אַנטדעקט געוואָרן אַז עס האָט געאַרבעט אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען א. ק., וועלכע האָט די גאַנצע צייט פון דער סאָוועטן־מאַכט קאָנטאַקטירט מיט די דייטשן. די האָבן פון ערשטן מאָמענט פון אַריינטרעטן פון די דייטשן צוגעטראָטן צו זייער דינסט.

דעם 23־טן יוני, 1941 יאָר, האָט לאַיעווסקי אַלעקסאַנדער, דער איינ־וואוינער פון דאָרף לאַיע־אַוויסאַ, צוזאַמען מיט פיאַטראָווסקין טאַדעאוש פון ראַדזשילאָווע און נאָך אַנדערע אַרויסגעטראָטן מיט געווער קעגן די אָפּטרע־טענדיקע רויטע־אַרמייער, וועלכע האָבן דורך דעם טייך ביבזשע, געקעמפט לעבן לאַיע־אַוויסאַ. זיי האָבן אַנטוואָפנט די רויטע אַרמייער, צוגענומען דאָס געווער און גוט צעשלאָגן. דעם זעלבן טאָג איז אויפגעשטעלט געוואָרן איז ראַדזשילאָוו אויף לאַמזשער שאָסיי אַ טריומף־טויער צום אויפנעמען די דייטשישע אַרמיי. עס איז אויסגעהאנגען געוואָרן היטלערס פּאָרטרעט און אַ לאָזונג: „זאָל לעבן די דייטשישע אַרמיי, וועלכע האָט אונדז באַפרייט פון דער פאַרשאָלטענער יודן־קאָמונע."

מיטן אַריינקום פון די ערשטע דייטשישע טאַנקן זיינען אַ סך ציווילע פּאָליאַקן צוגעטראָטן זיי צו הילף. אַזוי צ. ב. איז דורך פיאַטראָווסקען ווי־דענעצי צוזאַמען מיט שטשעלעצקען, מיעטשיסלאָוון און זיין ברודער פון ראַד־זשילאָוו, האָבן אַנטדעקט 18 רויט־אַרמייער, וועלכע זיינען געווען באַהאַלטן אין די קאָרן. גאָוועצקי באַלעסלאָוו האָט אַנטדעקט אויפן בעת־עולם 7 רויט־אַרמייער און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן און דורך זיי זיי־נען זיי דערשאָסן געוואָרן.

דעם 24־טן יוני, 1941 יאָר, האָבן אַ גרופּע פּאָליאַקן פון וועלכע מיר איז באַקאַנט — קאַמאַטשעווסקי, אַנטאָני, קאַמאַטשעווסקי, יוזעף, מאַראַלישע־וויטש, פעליקס פון ראַדזשילאָוו, באַקומען געווער און דורכגעפירט זייערע ערשטע טאַנקן דורכן טייך ביעבזשע אין דער ריכטונג פון טאַשטשאַנע, כדי אַרומרינגלען די פעסטונג אָסאָוויעץ. נאָכן פאַרנעמען אָסאָוויעץ דעם 23־טן יוני, האָבן די דייטשישע אָפיצערן פאַרטיילט אָרדערן צו אויסגעצייכנטע דייטשישע סאָלדאַטן און גלייכצייטיק געלט, נאַגראַדעס און שריפטלעכע דאַנ־קען, די אויבנדערמאַנטע פערזאָנען.

דעם 26־טן האָט די דייטשישע מאַכט פאַרטיילט געווער די פאַרטרויטע מענטשן, כדי זיך אָפּצורעכענען מיט די באָלשעוויקעס און יידן. דער ערשטער

אַקט איז געווען דער מאָרד איבער די קאָמסאָמאָלקע, פרומע דאראַגאַי, 17 יאָר אַלט. די אויספירער זיינען געווען סקראַנדזקי, אַ שניידער און קאַפּמאַטשעווסקי אַנטאָן פון ראַדזשילאָוו.. דערקלערנדיק אַז עס איז אַ שאָד פאַר אַזאַ אַ קויל האָבן זיי איר אַראָפּגעזעגן דעם קאָפּ אין וואַלד לעבן קאָלאָניע קאַפּאַנסקעס און איר קערפּער האָבן זיי מיט די פיס פאַרוואָרפן אין באַגנע.

דעם 7־טן יולי אין 1941 יאָר, 3 אַזייגער נאָכמיטאָג זיינען צוזאַמענגעפאָרן די געשטאַפּאָ פון סטאַוויסק אין ראַדזשילאָוו. אויף זייער באַפעל זיינען אויפגערופן געוואָרן פאַרטרויטע מענטשן, וועלכע זיינען שוין געווען גרייט זיך אָפּצורעכענען מיט די אידן. זיי האָבן אויפן מאַרק־פּלאַץ צונויפגערופן 1,700 אידן, מענער, פרויען, קינדער און אַלטע. דער מאַרק איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון די באַנדיטן, כדי קיינער זאָל נישט קענען אַנטלויפן. צווישן די צונויפגעטריבענע זיינען אַרומגעגאַנגען וואָלעווסקי יאַנעק, דער אַזוי גערופענער „אַמעריקאַן", מאַרדאַטעווסקי יאַנעק און פעליקס זיין ברודער, דזעצקאָווסקי הענריק און זיין ברודער יאַן, און פיל געשטאַפּאָוצעס. זיי האָבן געשלאָגן די אידן ביז בלוט. אַזוי צ. ב. האָבן זיי צעשלאָגן דעם אַלטן שוסטער אַרטעל ליפּינסקי. ער איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט, אָנווערנדיק דעם באַוואוסטזיין. דעם געוועזענעם פּאָליציסט ט. שטשאַני האָבן זיי אויפגעהאנגען אַ שווערן שטיין אויפן האַלדז. אומפאַלנדיק אונטערן לאַסט האָבן די רוצחים אים מערדערלעך געשלאָגן. אַזעלכע פאַלן זיינען געווען אַ סך. דערנאָך האָבן זיי געהייסן זינגען אַלעמען „מאָסקווא־מאָיאַ" און זיי זיינען אַרומגעגאַנגען און געשלאָגן אַלעמען, נישט דורכלאָזנדיק קליינע קינדער און אַלטע לייט.

נאָכן אויספירן די גרוילטאַטן האָבן די געשטאַפּאָוצעס דערקלערט: "מיר גיבן אייך 3 טעג זיך אָפּצורעכענען מיט די אידן." זיי האָבן צעטיילט די באַנדיטן געזווער און אַליין אַוועקגעפאָרן. די עקזעקוציע האָט זיך אָנגעהויבן: די באַנדיטן באַוואפנטע מיט מאַשין־געווער און מיט רעוואָלווערן האָבן אַריינגעטריבן די פאַרזאַמלטע אין מיטקאָווסקעס שייער, וואָס געפינט זיך ביי דעם דאָרף ראַדיביעזש. די טיר האָבן זיי פאַרהאַקט מיט צוועקעס און באַגאָסן די שייער מיט קעראָסין און זי אונטערגעצונדן, ווען דער שייער האָט שוין געפלאַקערט האָבן זיי צוגעפירט די געכאַפּטע אידן און זיי געצוואונגען אַרויפצוגיין מיט אַ לייטער אויפן דאַך און דערנאָך אינעווייניק, ניט אויספירנדיק דעם באַפעל האָבן די באַנדיטן צעשניטן זיי מיט באַגנעטן און אַריינגעוואָרפן אין פייער. עטלעכע האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוקריגן פון פייער, זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן דורך די מערדער דורך וועלכע די שייער איז געווען אַרומגערינגלט. דאָס זינגען און די הויכע געשרייען פון די באַנדיטן האָבן באַגלייט די שוידערלעכע יאָמערן און געוואַלטיקע געשרייען פון די אומגליקלעכע, וועלכע זיינען אומגעקומען אין פייער. די־

דאָזיקע באַשעפענישן איז נאָך ווייניק געווען די בלוט פאַרגיסונגען. עס איז געווען ביי זיי אַ לאָזונג: „אויסהרגענען ביז איינעם". מען האָט אָנגעהויבן אַרומזוכן אידן אין גאַנצן געגנט. אין משך פון 3 טעג האָט מען געפּתּען נאָך אַ פּאָר הונדערט אידן. מען האָט זיי דערהרגעט אויף אַ בעסטיאַלישן אופן. אַ סך האָט מען אַריינגעפירט אין מיטן סטאַדאָלע, באַגאָסן מיט בענזין און לעבעדיקערהייט פאַרברענט. זייער אַ סך האָבן זיי געשאָסן לעבן סטאַדאָלע, מערדעריש געשלאָגן פאַרן טויט. צוליב אויספעלן פון אַמוניציע, האָבן זיי זיך דערלויבט מיט די קולאַקעס צעשפּאַלטן די קעפּ פון די קליינע קינדער, אָדער זיי געהאַקט מיטן קולאק אין מוח ביז צום טויט. זיי האָבן אַראָפּגעשניטן איינציקע גלידער פון לעבעדיקע נפשות, פאַרגעוואַלטיקט די קרבנות פאַרן אויספירן דעם מאָרד. נאָך דער שרפה זיינען זיי אַריין אין דער סטאַדאָלע און אַרויסגעריסן פון די טויטע קערפּער גאָלדענע ציין.

דער פּאָגראָם האָט געדויערט 3 טעג, פון 7־טן ביז דעם 10־טן יולי אין 1941 יאָר. דעם 3־טן טאָג זיינען געקומען צופאָרן די דייטשן, וועלכע האָבן אַרויסגעריסן עטלעכע קרבנות פון די הענט פון די באַנדיטן, דערקלערנדיק אַז זיי האָבן זיך שוין צו פיל דערלויבט. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען די גרוילטאַטן, ווען די דייטשן אַליין האָבן דאָס איבער־גענומען.

די אויספירער פון די אויבן־דערמאָנטע מאָרד אַקטן זיינען: קאָסמאַ־טשעווסקי, יוזעף, אַנטאָני און לעאָן (ברידער), קאָסמאַטשעווסקי, לודוויג, שפּעטער אַ זשאַנדאַרם, פּאַטשקאָווסקי לעאָן, גאַרלעווסקי אַלעקסאַנדער און זיין ברודער פעלעק, וועלכע זיינען געקומען פון טורמע דעם יאָר 1941, 2־טן יוני, לאָסשעוויטש, אַ דייטשישער פּאָליציסט דזעקאָנסקי הענריק און זיין ברודער יאַן.

עדות —

פּראָטאָקאָלאַנט —

פאָרזיצער פון דער איד. וואָיעוו. היסט. קאָמ.

## DOKUMENTY

Wojewodzka
Zyd. Komisja Historyczna
Bialystok dnia 14.vi 1946.
L.p. 5/46

*Relacja Menachema Finkielsztejna*
*rodz. w Radziwilowie lat* 22

## ZAGLADA ZYDOW W POWIECIE GRAJEWSKIM i LOMZYNSKIM W LIPCU 1941r.

22.6.1941r. wybuchla wojna. Oba powiaty sa graniczne. Pierwsza linia niemcow przeszla nie czyniac szkody. Po tygodniu utworzono posterunki policji polskiej: Niemcy wspolnie z Polakami wchodzili do domow. Niemcy terory-zowali, Polacy rabowali, Polacy zapytywali Niemcow co grozi za zabicie Zydow, Niemcy zas odpowiadali: "Mozna bezkarnie zabijac. Po tygodniu Niemcy wyjechali, Polacy nocami wchodzili do domow zydowskich, katowalli i ra-bowali.

5.7 obstawila polska policja miasteczko Wasosz (pow. Grajewski). Chuligani miejscowi szli od domu do domu, mordowali w domu i poza domen, kobiety gwalcili, ucinali piersi, male dzieci rozbijali o mur, zabito tez zony komandi-row sowieckich, kilku urzednikow sowieckich. Trupom odcinano palce z zlotymi pierscieniami, z szczek wyrywano zlote zeby; gdy w domu zastali rodzicow i dzieci to najpierw mordowali dzieci a na koncu rodzicow. Pogrom trwal 3 dni.

Tyle czasu dali im Niemcy na mord i grabierz. Wykopali doly na kolonji i tam zakopali zwloki. Zginelo okolo 1200 Zydow (przyszli z okolicy bo normalnie bylo 800) Uratowalo sie okolo 15. Zostali oni do czerwca 1942r. w Wasoszu. Posterunek niemiekcki w miescie w tym czasie zachowywal sie poprawnie, zas Polacy szykanowali jak mogli.

1.6.1942r. stworzono wzorowy majatek we wsi Milewo, gm. Szczuczin, wlasnosc landrata grajewskiego, tam wszystkich przeniesiono (wraz z zydami z okolicznych miasteczek —razem okola 500 osob) praca byla katorga, od switu do nocy, dozorcami byli Polacy; dzieci tez ciezko pracowaly, ciasne pomieszczenie, surowy rygor.

2.11.1942r. wywieziono ich do wsi Bogusze na granicy niemieckiej. Byl tam oboz zniszczenia jencow sowieckich i Polakow-wiezniow. Przebywali do stycznia 1943r. nastepnie wyslano ich na smierc do Majdanka, czy tez Treblinki.

W Boguszach nie bylo domow dla Zydow. Spali na szczerym polu rzucano im surowe kartofle, kto schwytal ten zjadl.

Polowa Zydow wymarla na miejscu. Opowiadano ze jency sowieccy ktorzy przebywali tam w barakach byli tak wymorzeni glodem, ze gdy ktory peden zywy, Zyd: Mroczek z Kolni (obecnie w Lomzy).

7.7.1941r. spalili chuligani polscy, uzbrojeni w karabiny i pistolety przez Niemcow, okolo 1500 Zydow w Radziwilowie Bialostockim. (100 Zydow z Radziwilowa, 500 z okolicznych miasteczek Szczucin, Jedwabne i t.d.) Pogrom trwal 3 dni. 22 Zydow ukrylo sie i zostali zywi miedzy nimi rodzina Finkelsztajnow (ojciec, matka i 4 dzieci, edna kuzynka ktora zgienela pozniej—Zina Wasersztejn). Finkelsztajnowie ukruyi sie we wsi Konopki—Blonie gm. Hawiski pow. Lomza, inni Zydzi zostali w Radziwilowie, po miesiacu zamknieto pozostalych Zydow w synagodze, zmuszono do ciezkiej pracy, wyciagac ciezkie kamienie z rzeki Radzilowki na budowe mostu; trwalo to 3 tygodnie. Zydzi wykupili sie u komendanta policji

polskiej (Kiluk Konstanty). Zezwolil on im na zamieszkanie w jednym z domow zydowskich na ul. Koscielnej; wzywano do ciezkich robot (grunt usuwano, zamiatano ulice, czyszczono chodniki) trwalo to do 1.6.1942r. W miedzy czasie aresztowano o komunizm Kruka Benjomina, Maraszewski Szabsaj i kilku innych. Zgineli bez wiesci.

1.6. wywieziono wszystkich do Milewa. Ocalali tylko Finkielsztajnowie oraz Dorogoj Mojzesz i syn jego Akiwa (zgineli dn. 28.1.45r. Po tygodniu wyzwolenia Czerwonej Armjizrak Polakow we wsi Itucz gm. Radzilow.

---

## ZAGLADA MIASTECZKA JEDWABNE 11.7.1941r. (tez 3 dni)

Bylo przed wojna 2800 Zydow. Spalono wszystkich w stodole. Poprzedzil pochod z rabinem i rzezakiem na czele. Rabin niosl portret Stalina. Zydziniesli czerwone choragwie, gdy przechodzili kolo pomnika Stalina, na rynku kazali calowac jego stopy i wznosic okrzyki na jego czesc. Podobnie jak w Radzilowie na drugi dzien wchodzili na zgliszcza i wywrywali ze szczek zlote zeby. Zginelo okolo 3300 Zydow (spalonych 3 tys., reszta z znaleziona i zabita w 2 pozostalych dniach. Zywych zostalo 302. Pozostali w Jedwabnym w 3 domach do 2.11.1942r. Lecz 15 z nich w miedzy czasie na skutek prowokacji (Polacy wywiesili plakaty antyniemieckie), i oskarzyli o to Zydow, 15 z nich wzieto i znikli bez sladu) . . .

2.11.1942r. wzieto ich do Lomzy i tego samego dnia wraz z ghettem Lomzynskim wywiezli ich do Zambrowa, w styczniu do Treblinki? . .

Zostala Zyna Cukierbraun i 3 mezcyzn (oni 3 obecnie w Jedwabniu a Zyna w Warszawie).

Swiadek: Protokulant:

Przewodniczacy
WOj. Zyd. Komiaji Historycznej
Mgr. M. Turek

# באַאַמטע פון פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס קאָמיטעט



היימאַן בלום, ערן טשערמאַן
איזידאָר שילער, טשערמאַן
אוירווינג קליינמאַן, קאָ־טשערמאַן
אוירווינג סאַפּירשטיין, פינאַנס־סעקרעטאַר
מאַקס קאָהען, טרעזשורער
מרס. פ. מישקאָף, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר

## עקזעקוטיוו באָארד

פעני אייבראַמסאָן
דר. ג. גאָרין
ראָוז מילער
וויליאַם מאַרגאָלעס
מאַקס מישקאָף
אסתר מישקאָווסקי
אַלעקס סאָסנאָ
פיליפּ סעסנאָוויץ
סאָל פישביין
העלען פענסטער
סאָפיע קאָהען
סאָל קאָהען
סילוויע שילער
סידני שילער



אויפן בילד — אויף נעקסטער זייט — געפינען זיך (פון רעכטס צו לינקס):
ערשטע ריי, זיצנדיק: ה. בלום, י. שילער, א. סאַפּירשטיין, מ. קאָהן, פ. מיש־קאָווסקי; צווייטע ריי: ע. סאָסנאָ, צ. שילער, פ. אַבראַמסאָן, א. וויטקאָווסקי, צ. קאָהן, א. קליימאַן; דריטע ריי: פ. פענסטער, דר. ג. גאָרין, י. מאַרגאָליס, ר. מילער, פ. סאָסנאָוויטש, ש. י. פישביין.

# אַ וואָרט פון דעם פאָרזיצער פון פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט

אַלס פאָרזיצער פון דעם פאַראייניקטן גראַיעווער רעליף־קאָמיטעט וועל איך זיך באַנוצן מיט דער געלעגנהייט אויסצודריקן אַ יישר כוח די אַקטיווע טוער פון קאָמיטעט און אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן אין דער אַרבעט פון אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט צו די שארית הפליטה אונדזערע, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם היטלערישן מבול, וואָס האָט פאַרפליצט אייראָפּע און אומגעבראַכט זעקס מיליאָן אידן, צווישן זיי אונדזער בלוט און פלייש, אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס.

דער פאָליטישער קאַמף וואָס קומט פאָר אין דער גאַנצער וועלט צווישן אַנהענגער פון צוויי פיינטלעכע לאַגערן און אידעאָלאָגיעס, האָט נאַטירלעך אויך ניט געקענט אויסמידן אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע. דער אומצוטרוי, דער חשד, וואָס איין צד האָט צו דעם צווייטן, האָט זיך אויך אַריינגעריסן אויף דעם געביט פון הילפס־אַרבעט פאַר די נויטלײדנדיקע געראַטעוועטע און האָט שווערער געמאַכט צו אָרגאַניזירן אַ מער טעטיקן הילפס־קאָמיטעט. וויל איך מיט באַזונדער צופרידנקייט פאַרצייכענען דעם פאַקט, וואָס מיר איז געלונגען — דורך דער גאַנצער צייט פון מיין אָנהאַלטן דעם אַמט פון פאָרזיצער פון הילפס קאָמיטעט — אָנצוהאַלטן דעם נויטיקן באַלאַנס און דורך דעם קאָמיטעט אַריינצוברענגען האַרמאָניע צווישן ביידע צדדים.

עס איז פאַר מיר אַ פאַרגעניגן אָנצואווייזן, אַז זינט דער קאָמיטעט האָט באַנייט זיינע טעטיקייטן ביי דעם סוף פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, האָט נאָך קיין איינציקן מאָל ניט פאַסירט, אַז עס זאָל צוליב וועלכע עס איז אורזאַך קומען צו אַ צוזאַמענשטויס, אָדער אַפילו צו אַ פאַרטייאישער מיינונגס־פאַרשידנקייט, סיי ביי זאַמלען געלט און סיי ביים פאַרטיילן די הילף. דער קאָ־

מיטעט האָט געאַרבעט ווי איין פריינטלעכע משפחה און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט נאָר אין דער הילפס־אַרבעט, נאָר אויך אין די פערזענלעכע באַציאונגען צווישן די מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט. אין דער טעטיקייט פון דעם הילפס־קאָמיטעט האָט מען פאַרגעסן די שטענדיקע שטרייטיקייטן.

איך האָב דערביי דאָס געפיל, אַז מיין אומפּאַרטייאישער צוגאַנג ספּעציעל צו דער הילפס־אַרבעט האָט אויך באַדייטנדיק געווירקט אויף דער האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט. מיך, ווי אַנדערע לאַנדסלייט, האָט באַוואויגן אַריינצוּוואַרפן זיך אין דער אַרבעט מיט דעם גאַנצן ערנסט די טראַגעדיע וואָס איך האָב פּערזענלעך דורכגעלעבט. דער פאַרלוסט פון מיינע עלטערן און גאַנצער משפחה, וואָס איז געבליבן אין גראַיעווע און וואַרשע, האָט מיך געמאַכט פאַר אַ בלוטיק־פאַראינטערעסירטן צו העלפן די געציילטע וואָס זיינען דורך אַ גליקלעכן צופאַל געבליבן לעבן.

די אַקטיווע מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט האָבן געטאָן די אַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט ניט נאָר פאַר דער אַרבעט נאָר אויך ניט פאַר דער גלייכגילטיקייט, וואָס זיי האָבן צייטנווייז באַגעגנט אין דער אַרבעט פון זאַמלען געלט און קליידער, אָדערביים פאַרקויפן בילעטן צו אונטערנעמונגען.

איך וויל דאָ דערמאָנען כאָטש אַ טייל פון די אַקטיווע טוער און באַאַמטע פון אונדזער קאָמיטעט.

אונדזער ערן־פאַרזיצער, היימאַן בלום, וואָס צוליב זיין פּראָפעסיע איז אוממעגלעך פאַר אים אנוועזנד צו זיין אויף יעדער פאַרזאַמלונג, אָבער ער איז אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אונדזער סעקרעטאַר און העלפט אונדז זייער פיל אָנצוגיין מיט דער אַרבעט.

מיט טיפן צער דערמאָנען מיר דעם פאַרלוסט פון אונדזער וויצע־פאַרזיצער אב. מלאַווסקי, וואָס איז אַזוי פריצייטיק פון אונדז אָפּגעריסן געוואָרן.

אונדזער פריינט און אַקטיווער טוער א. קליימאַן טוט אַלץ וואָס איז מעגלעך אויף יעדן געביט.

אונדזער טרעזשורער פריינט מענדל קאָהן פאַרדינט אַ סך לויב פאַר זיין גוטער אַרבעט און ספּעציעל ווען עס קומט צו קריגען געלט ביי לאַנדסלייט.

פריינדינע מרס. פאַניע מישקאָף, אונדזער פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר שרייבט די פּראָטאָקאָלן פון אונדזערע מיטינגען, וואָס איז אַ פאַרגעניגען צו הערן. אויך אַנדערע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו־קאָמיטע טוען זייער אַרבעט מיטן גאַנצן האַרצן.

אַ באַזונדער אנערקענונג וויל איך דאָ אויסדריקן צו אונדזער אומדערמידלעכן פינאַנץ־סעקרעטאַר אוירווינג סאַפּירשטיין — אַן אמתדיק איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער טוער ווען די אַלע יאָרן, וואָס ער

שטייט ביים רודער פון דעם רע־ליף־אַרבעט האָבן ניט אָפּגעשוואַכט זיין באַגייסטערונג און זיין פּראַקטי־שע, מעטאָדישע אַרבעט. עס איז פאַר מיר שווער זיך פאָרצושטעלן דעם הילפס־קאָמיטעט אָן זיין אַק־טיוון אָנטייל. צום סוף וויל איך באַדאַנקען די טוער און די דורכפי־רער פון דעם גרויסן ווערק, וואָס מיר גיבן אַרויס פאַר אונדזערע לאַנדסלייט — דעם גראַיעווער „יזכור־בוך", דער מאָנומענט נאָך אונדזערע קדושים און נאָך דער שטאָט גראַיעווע ווי מיר געדענקען זי, און וואו אונדזערע וויגעלעך זיי־נען געשטאַנען, ווי זי איז געווען פאַר די צוויי מלחמות אָבער וואו אונדזע־רע קרובים און פריינט זיינען אומ־געקומען אויף אַזאַ שוידערלעכן אופן. אין דער אַרבעט פאַרן יזכור־בוך שטייען אונדזערע פריינט ד"ר ג. גאָרין, פאָרזיצער, ה. בלום, און ש. י. פישביין אין דער רעדאַקציע־קאָ־מיטע.

איך האָף, אַז אונדזער צוקונפטי־קע הילפס־אַרבעט זאָל ניט דאַרפן זיין אויף צו העלפן מענטשן אין נויט, נאָר אויף אויפבוי־אַרבעט, און אויף קאָנסטרוקטיווע טעטיקייטן, וואָס זאָלן אין גאַנצן אָפּשאַפן נויט און הײמלאָזיקייט — אַז אונדזערע לאַנדסלייט, ווי אַלע געראַטעוועטע אידן, זאָלן זיך קענען איינאָרדענען אין נייע היימען, וואו זיי זאָלן שטיין אויף די אייגענע פיס און ניט נוי־טיקן זיך מער אין קיין הילף.

**איזידאָר שילער,**
פאָרזיצער,
פאַראייניקטער גראַיעווער
הילפס־קאָמיטעט.

# די רעדאַקציע פון יזכור־בוך



דר. ג. גאָרין, פאָרזיצער



היימאַן בלום



סאָל פישביין

ה. בלום

# דער גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק

## (פון 1915 ביז 1921)

יעדער איינער וואָס האָט אַמאָל געלערנט אין חדר אין באַקאַנט מיט דער געשיכטע אין חומש, ווי יעקב אָבינו'ס זין האָבן פאַרקויפט זייער ברו־דער יוסף פאַר אַ שקלאַף קיין מצרים. ס'האָט זיך נאָכדעם אויסגעלאָזן, אַז מיט דער דאָזיקער האַנדלונג זייערער האָבן זיי געראַטעוועט פון אַ הונגער־טויט זיך אַליין און זייער אַלטן פאָטער, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט אויפגעגעבן די האָפענונג ווען עס איז צו הערן פון יוספן.

אַן ענלעכע געשיכטלעכע פאַסירונג איז געשען פאַר אונדזערע אויגן מיט דער גרויסער אידישער אויסוואַנדערונג פון די מזרח־אייראָפּעאישע אידן צו דער נייער וועלט, קיין אַמעריקע. דעם נייעם אידישן ישוב אין אַמעריקע איז באַשערט געוואָרן צו שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע אין דעם גאַנצן ווייטערדיקן שיקזאַל פון אידישן פאָלק מעבר לים.

זינט דעם 20־טן יאָרהונדערט, ווען די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע פון די אידן אין מזרח־אייראָפּע האָט מיט אַן אַלץ־וואַקסנדיקן אימפּעט גענומען גליטשן זיך באַרג־אַראָפּ, און נאָכדעם ווען ס'איז געקומען דער קלימאַקס, — די ערשטע וועלט־מלחמה און די שווידערלעכע פּאָגראָמען אין די נאָך־מלחמה יאָרן, איז די אַמעריקאַנער אידן אויסגעקומען צו שפּילן די ראָלע פון דעם אַמאָליקן יוסף, צו שטילן דעם הונגער פון יענעם טייל אידן, וואָס האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געקענט זיך אַרויסרייסן פון די לענדער וואו די מערסטע קוואַלן פון פּרנסה זיינען פאַר זיי אָפּגעשלאָסן געוואָרן.

און אַזוי איז אויך געווען מיט די גראַיעווער לאַנדסלייט דאָ אין אַמע־ריקע.

דער שרייבער פון די שורות איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין דעם יאָר 1906. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון אַ באַדייטנדיקער אידי־שער עמיגראַציע פון גראַיעווע. עס זיינען דעמאָלט געווען בלויז געציילטע

גראַיעווער, וואָס זיינען דאָ שוין געווען פאַר אַ לענגערער צייט, און נאָך
וויניקער אַזעלכע וואָס האָבן שוין באַוויזן זיך צו דערשלאָגן צו אַ בעסערן
עקאָנאָמישן מצב.

כמעט אַלע גראַיעווער דאָ זיינען געווען אַרבעטער אין דער נאָדל־אינ־
דוסטריע אָדער פּעדלער. זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו
זייער היים־שטאָט פון וועלכער זיי זיינען אָקאָרשט אַראָפּגעקומען און פון
וועלכער זיי זיינען נאָך נישט אין גאַנצן אַרויסגעריסן געוואָרן מיט די
וואָרצלען.

אַזוי איז כדאי איבערצוגעבן, אַז נאָך אידער די רעליף טעטיקייטן דאָ
אין אַמעריקע האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין פאַרבינדונג מיט די היים־
שטעט, האָט דער שרייבער פון די שורות — אַליין אַ גרינער, אין 1909 —
נאָכדעם ווי ס'איז אָנגעקומען אַהער אַ ידיעה וועגן אַ שרפה אין גראַיעווע,
דורך אַ נאָטיץ אין די אידישע צייטונגען, גערופן אַ מיטינג פון לאַנדסלייט,
ביי וועלכן עס איז געזאַמלט געוואָרן 66 דאלער פאַר די נשרפים; כ'גיב דאָ
אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם דאַנק־בריוו פון דעמאָלטיקן גראַיעווער רב —
דער פאַרשטאָרבענער הרב א. מילאַיקאָווסקי. דאָס זעט איצט אויס אַן אומ־
באַדייטנדיקע סומע, אָבער ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט די קליינע צאָל
לאַנדסלייט און זייער עקאָנאָמישן צושטאַנד קען דאָס באַטראַכט ווערן פאַר
אַ דערפאָלג.

אָבער די אמתע טעטיקייט פאַר זייער היים־שטאָט האָבן די היגע גראַ־
יעווער לאַנדסלייט אָנגעהויבן ערשט ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־
מלחמה. גלייך ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן — נאָך אידער עס איז גע־
שאַפן געוואָרן די מעגלעכקייט זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די שטעט
און שטעטלעך, וואָס זיינען פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן, און וואו די
מלחמה האָט געבושעוועט, האָבן זיך גלייך געגרינדעט הילפס־קאָמיטעטן פאַר
לאַנדסלייט פון הונדערטער און הונדערטער שטעט און שטעטלעך. די ציי־
טונגען זיינען געווען פול מיט אַנאָנסן פון מאַסנמיטינגען פון לאַנדסמאַנשאַפטן.
און אונדזערע לאַנדסלייט זיינען אויך נישט אָפּגעשטאַנען.

אַזוי ווי די גראַיעווער און שטשוטשינער לאַנדסלייט האָבן שוין דאָ
געהאַט אַ געמיינשאַפטלעכע שול און אַ ליידיס אקזילערי, איז עס געווען נאַטיר־
לעך, אַז אויך די רעליף טעטיקייט, וואָס האָט געהאַט איר פּלאַץ אין דער
דאָזיקער שול, זאָל זיין אַ געמיינשאַפטלעכע. אויסער דער שול און דער
ליידיס אקזילערי, זיינען אין דעם קאָמיטעט אויך געווען פאַרטראָטן די פעסט־
איינגעפונדעוועטע שטשוטשינער יאָנג מענס בענ. אַסס'ן און די יונגע גראַ־
יעווער יאָנג מענס בענ. אַסס'ן.

אָבער אין אַ קורצער צייט נאָך דער גרינדונג פון דעם קאָמיטעט האָט

אליי אהרן מילייקאווסקי
אב״ד
בגראייעווא
(בעהמ״ח ס׳ שו״ת אהלי אהרן)

RABBINER
**E. MILEIKOWSKY**
Grajewo, Russ Pol.

Herrn Hyman Bloom
New-York

**אַן ענטפער פון גראַיעווער רב אויף אַ געלט־זאַמלונג אין 1909**
**פאַר די געליטענע פון אַ שרפה אין גראַיעווע.**

זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער שידוך איז נישט קיין געלונגענער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רייבונג צווישן די גראַיעווער און די שטשוטשינער. דער לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם האָט זיך ביי בײדע צעוואָרעמט. צו יענער צייט זיינען אין ניו־יאָרק שוין געווען אַ באַדייטנדיקע צאָל פאַרמעגלעכע שטשוטשינער לאַנדסלייט, וואָס איז נישט געווען דער פאַל מיט די גראַיעווער, וועלכע האָבן זיך דערפאַר געפילט ווי אַן אָרימער קרוב אין אַ רייכער משפּחה.

פונקט דעמאָלט איז אָנגעקומען דער ערשטער אַפּיל פון גראַיעווע וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דעם 17־טן נאָוועמבער, 1915. דער בריוו איז געשיקט געוואָרן צו ה׳ חיים קאַצפּראַוואָסקי, וועלכער איז געווען אַן איבערגעגעבענער כלל־טוער אין גראַיעווע און איז נישט לאַנג געהאַט צוריק געקו־

Grajewo den 17 November 1915

Sehr geehrter und lieber Freund!

Da das Elend und die Not in unserer halb ruinirten Stadt sehr gross sind und wir nicht in der Lage sind, den vielen Armen — über 200 Familien, die in eine traurige, höchst kritische Notlage versetzt sind — die nötige Hilfe zu leisten, sehen wir uns gezwungen unsere Freunde und die Idealanstalten um Hilfe zu bitten —

Da es uns aber unbewusst ist, an wen wir uns ausserhalb in Amerika zu wenden haben, bitten wir Sie, lieber Freund, als steter gesellschaftlicher Mitarbeiter, Sie mögen bei guten und gnädigen Menschen oder Hilfsvereinen Erbarmen und Mitleid erwecken, uns mit Zuwendung etwas Geldstütze zur Seite zu stehen, um das elende Schicksal der Armen ein wenig zu lindern und sie vor Hunger nicht sterben zu lassen —

Für Ihre Bemühung sagen wir Ihnen unseren verbindlichsten Dank und grüssen Sie im Namen der ganzen Stadt sehr herzlichst Ihnen Glück wünschend —

Rabbiner M. Amiel

Rosenbaum

M. Pjurko

P. S. Ihre Familie befindet sich wohl und lässt Sie herzlichst grüssen






מען קיין ניו־יאָרק. דער בריוו, וועלכן מיר רעפּראָדוצירן דאָ, איז געווען אונטערגעשריבן פון גראַיעווער רב, מ. עמיאל, פון מורה־הוראה יצחק־יהושע ראָזענבוים און פון אברהם־מרדכי פּיורקאָ, און האָט אַפּעלירט צו „לייסטן די נויטיקע הילף פאַר די איבער 200 אידישע פאַמיליעס, וואָס געפינען זיך אין אַ העכסט קריטישער לאַגע... כדי זיי זאָלן נישט שטאַרבן פון הונגער".

דער דערמאָנטער בריוו האָט געגעבן דעם לעצטן שטויס צו דער גרינ־דונג פון אַ באַזונדערן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט. אַלס באַאַמטע זיינען דערוויילט געוואָרן: אהרן לעווינטאַל, פאָרזיצער, חיים קאַצפּראַווסקי — וויצע־פאָרזיצער, א. ראטבוים, טרעזשורער און היימאַן בלום, סעקרעטאַר.

צווישן די אַנדערע טוער, וועמעס נעמען איך קאָן זיך דערמאָנען, זיינען

ŻYDOWSKI
Komitet wspomogawczy
Powiatowy
Centrala w GRAJEWIE

קומיטט
מחוזי לתמיכת
נגועי המלחמה
ועד המרכז גראייעווא

אַן ענטפער פון גראַיעווער רב עמיאל אויף אַ געלט־שיקונג
אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

געווען: אברהם גיליארי, נ. קאַפּלאַן, שרה גאָלדשטיין, היימאן גאָלדשטיין, ס. בריקמאַן, דוד ליטאָף, פּיליפּ מאָריסאָן, בעני באגיש.

צו מיין באַדויערן קען איך דאָ נישט איבערגעבן קיין גענויע ציפער פון דער סומע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן. די ביכער זיינען פאַרבליבן ביים טרעזשורער, וועלכער איז געשטאָרבן עטלעכע יאָר נאָכדעם ווי דער קאָמי־טעט האָט זיך אויפגעלעזט און די ביכער זיינען נישט אויפבאַהאַלטן גע־וואָרן. אָבער איך גלויב, אַז איך וועל זיין נישט ווייט פון דער ריכטיקער סומע, ווען איך וועל אָנגעבן אַרום אַכט טויזנט דאָלער אין משך פון די פינף־זעקס יאָר וואָס דער קאָמיטעט איז געווען טעטיק.

כדי צו געבן אַ באַגריף וואָס עס האָט געמיינט צו זאַמלען אַזאַ סומע וועט זיין וויכטיק אָנצוגעבן אַז די גרעסטעביישטייערונג וואָס איז אַריינגע־קומען פון איין פּערזאָן איז געווען די סומע פון 50 דאלער, (פון מר. טשאַרלס וויטקאָפּ־וויטקאָווסקי) און אַ דריי־פיר 25 דאָלערדיקע ביישטייערונגען; אויך עטלעכע 10־דאָלערדיקע. דאָס איבעריקע געלט איז אַריינגעקומען אין 1, 2, 3 און 5 דאלערדיקע ביישטייערונגען. דער דאָלער האָט אָבער דעמאָלט געהאַט אַ העכערן ווערט. עס איז אָנגעקומען שווער דעם דאלער צו פאַרדינען, אָבער דערפאַר האָט ער געהאַט געוויכט ווען ער איז אָנגעקומען אויף יענער זייט ים.

זאָל אויך פאַרצייכנט ווערן דער פאַקט, אַז דער שרייבער פון די שורות האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט לאַנדסלייט אין 90 שטעט אין 19 שטאַטן פאַר וועלכע ער האָט געהאָלפן אויסגעפינען קרובים און וועלכע האָבן אויך צוגעשיקט ביישטייערונגען.

די אַרבעט פון פאַרבינדן קרובים איז געווען אַ שווערע און אַ פאַר־צווייגטע. מיטן אָנהויב פון דער מלחמה ביז אַמעריקע איז אויך אַריין אין דעם בלוטיקן קעסלגרוב זיינען אַ טייל גראַיעווער לאַנדסלייט צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן אין פאַרשיידענע טיילן פון דער ריזיקער רוסלאַנד און אויך אין דייטשלאַנד. דורך פאַרשיידענע וועגן האָבן אונדז דערגרייכט זייערע אַדרעסן און מיר האָבן זיי פאַרבונדן מיט די היגע קרובים. אָבער גאָר שווער איז עס געוואָרן נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אויך אַריין אין קריג. מיר האָבן געטאָן אַלץ וואָס מיר האָבן געקענט אָנצוהאַלטן די קאָנטאַקטן אַזוי לאַנג ביז אַלע פעדים האָבן זיך איבערגעריסן.

נאָכדעם ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט אונדזער הילפס־אַרבעט זיך מערסטנס אָפּגעגעבן מיט העלפן די גראַיעווער אינסטיטוציעס. מיר זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן גראַיעווער רב, ה׳ עמיאל און מיט אַ קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען אין פאַרשיידענע צייטן פון אליעזר זיל־בערשטיין, אברהם־מרדכי פּיורקאָ, י. פּאַפּאַווסקי, מרדכי אַבראַמסקי, מרדכי יינקאָווסקי, און פון צייט צו צייט פלעגן אָנקומען לענגערע בריוו פון משה־

דוד ווידנבערג, וועלכער פלעגט אונדז צושיקן „הינטערקוליסן" נייעס וועגן דער הילפס־טעטיקייט אין גראַיעווע גופא.

אויף אַ צווייטן פלאַץ דרוקן מיר אַ טייל פון דער גרויסער צאָל בריוו וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון גראַיעווע אין יענער פעריאָדע.

אין יאָר 1920 איז דער גראַיעווער רב ה' עמיאל געוועזן אויף אַ באַזוך אין לאָנדאָן אין די אינטערעסן פון „מזרחי", פון וועלכער ער איז געווען אַ אָנגעזעענער פירער. מיר האָבן אים איינגעלאַדן צו קומען קיין אַמעריקע אין די אינטערעסן פון דער הילפס־אַרבעט. ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען, אָבער גלייך נאָכדעם איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין אַנטווערפּן און ער האָט די געפּלאַנטע רייזע געמוזט אויפגעבן. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער אַוועק קיין תל־אָביב, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס הויפּט־רב, אַן אַמט וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן (אַגב, אין דער זעלבער צייט וואָס הרב עמיאל איז געווען דער הויפּט־רב פון תל־אָביב, איז דער דאָרטיקער ראש בית־דין אויך געווען אַ געוועזענער גראַיעווער רב — הרב אליהו־אהרן מילאַיקוואַסקי).



**אַ קיך פאַר אָרימע קינדער אין יאָר 1918**

צווישן די פאַרוואַלטער דערקענט מען (פון רעכטס צו לינקס): אַלטע ווילענסקי, זילבערשטיין, הרב עמיאל, שרה זיבערסקי, רחל פיורקאָ, און הרב עמיאל'ס פרוי.

די דאָזיקע פעריאָדע פון הילפס־אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט אין יאָר 1921, ווען די לאַגע אין גראַיעווע האָט זיך מער־ווייניקער נאָרמאַליזירט; קרובים אין אַמעריקע האָבן געשטיצט זייערע נויט־לײַדנדיקע קרובים אין דער אַלטער היים, און דאָ אין לאַנד איז דער אינטערעס אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַזוי אַרום האָט זיך געענדיקט דער ערשטער קאַפּיטאַל פון הילפס־אַרבעט פאַר גראַיעווע, מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט מער ניט נויטיק זיין אַזאַ אַרבעט צו באַנייען. ווער האָט דעמאָלט געקענט זען די שוואַרצע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך שוין געצומען קלייבן און פאַראויסזאָגן, אַז דיזעלבע טוער וועלן אין אַ קורצע צייט אַרום זיך ווידער מוזן איינשפּאַנען אין דער אַרבעט און פאַרזעצן זייער אַרבעט פאַר גראַיעווע? און ווער האָט דעמאָלט זיך געקענט פאָרשטעלן דעם בלוטיקן מבול, וואָס האָט פאַרפלייצט די וועלט און וואָס האָט אויסגעלאָשן די לעבנס פון די אַלע אידישע מענער, פרויען און קינדער אין גראַיעווע, אין גאַנץ פוילן, ווי אין אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער?

וועגן דער הילפס־אַרבעט אין דער צווייטער פעריאָדע וועל איך איבערלאָזן צו מיין פריינט און אומדערמידלעכן סעקרעטאַר פון הילפס־קאָמיטעט אוירוווינג סאַפּירשטיין.



**אַ גרופּע אידישע שילערינס אין דער שטאָטישער שולע אין 1917**

די לערער (רעכטס צו לינקס): סטושאַ קאַלקאַ, מישאַנזניק, פּאָפּאָווסקי און קורעיוואָווסקי.

אירווינג סאָפּירשטיין

# דער פֿאַראייניקטער גראַיעווער הילפֿס־קאָמיטעט

## (פֿון 1925 ביז היינטיקן טאָג)

נאָכדעם ווי די לאַגע האָט זיך אַביסל סטאַביליזירט אין פּוילן און די וואונדן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען אַביסל פֿאַרהיילט געוואָרן איז די טעטיקייט פֿון גראַיעווער הילפֿס־קאָמיטעט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אין געוויסע פּעריאָדן זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער געשיכטע פֿון דעם גראַיעווער הילפֿס־קאָמיטעט, אַז זיינע מערסטע אונטערנעמונגען זיינען געווען אַ רעזולטאַט פֿון הילפֿס־רופֿן פֿון גראַיעווע, סיי פֿון פּריוואַטע פּערזאָנען סיי פֿון אינסטיטוציעס. אַזוי איז דער הילפֿס־קאָמיטעט ווידער אַקטיוויזירט געוואָרן אין 1925־26 צום ערשטן מאָל צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה. צווישן 1926 און 1937 האָט דער גראַיעווער הילפֿס־קאָמיטעט כמעט נישט עקזיסטירט. עס זיינען נישט פֿאָרגעקומען קיין פֿאַרזאַמלונגען, מען האָט נישט געמאַכט קיין אונטערנעמונגען און די פֿאַרבינדונג מיט גראַיעווער אידן האָט זיך צייטווייליק אין גאַנצן אָפּגעשטעלט.

אין 1937 האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פּעריאָדע אין דער טעטיקייט פֿון גראַיעווער רעליף־קאָמיטעט דורך דער פֿאַראייניקונג פֿון די גראַיעווער אָפּטיילונגען פֿון אַרבעטער־רינג ברענטש 35 און אינטערנאַציאָנאַלן אָרדן ברענטש 56, ווען עס איז געשאַפֿן געוואָרן דער ביז היינט עקזיסטירנדיקער פֿאַראייניקטער גראַיעווער הילפֿס־קאָמיטעט.

די טעטיקייט פֿון דעם דאָזיקן קאָמיטעט האָט אָנגעהאַלטן פֿון 1937 ביז 1939. צווישן 1940 און 1946 איז קיין קאָנטאַקט נישט געווען צווישן דעם פֿאַראייניקטן גראַיעווער הילפֿס־קאָמיטעט און די גראַיעווער אידן.

באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען בריוו האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון גראַיעווער פליטים, האָט זיך דער קאָמיטעט רעאָרגאַניזירט. דאָס איז געווען אין 1946 און דער קאָמיטעט איז געווען טעטיק פון דעמאָלט ביזן איצטיקן מאָמענט.

מיר וועלן דאָ איבערגעבן אַ צאָל פּרטים פון דער טעטיקייט פון דעם פאַראייניקטן גראַיעווער רעליף־קאָמיטעט דאָ אין ניו־יאָרק אין די פאַרשיידענע איבנדערמאָנטע פעריאָדן ווי אויך וועגן דער פאַרוועגדונג פון די געלט־מיטלען פונעם קאָמיטעט אין גראַיעווע. אויף אַן אַנדער פּלאַץ דרוקן מיר אַ טייל פון די בריוו און דאָקומענטן פון גראַיעווער אינסטיטוציעס וועלכע וועלן וואַרפן אַ ליכט אויף דער לאַגע פון די גראַיעווער אידן, ספּעציעל אין די לעצטע 10 יאָר פאַר דעם היטלער־חורבן.

***

אין 1925 און 1926 זיינען אָנגעקומען אַ גאַנצע ריי זייער טרויעריקע בריוו פון גראַיעווע. זיי האָבן דערציילט וועגן דער בויט און דחקות פון פיל גראַיעווער אידן. דיווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע לאַגע אין פּוילן איז דעמאָלט געווען אַ קריטישע. עס זיינען פאָרגעקומען מאַסן אומרוען אי־בערן לאַנד. די רעאַקציע האָט רעאַגירט מיט פּילסודסקיס מאַרש אויף וואַרשע און דעם אָנפאַנג פון אַ האַלב־פאַשיסטישע אָרדענונג אין פּוילן. די בריוו וואָס האָבן דערציילט וועגן דער לאַגע, ווי זי האָט געווירקט אויף דעם לעבן אין גראַיעווע, זיינען געקומען פון אינסטיטוציעס, פון דער קהילה, די ביבליאָ־טעק א. אַנד. און אויך פון פריוואַטע פּערזאָנען.

אַ גרופּע גראַיעווער לאַנדסלייט פון ברעגנטש 35 פון אַרבעטער רינג האָבן זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט און איינגעאָרדנט אַ באַל. זיי האָבן אויך געזאַמלט געלט צווישן זיך און באַקאַנטע און די הכנסות זיינען געשיקט געוואָרן קיין גראַיעווע. מיר וועלן נאָר דערמאָנען אייניקע פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון דער גרופּע: א. סאַפּערשטיין, ש. פישביין, א. קליימאַן, פּ. סאָסנאָוויץ און אַנדערע.

אָבער די אַרבעט פון דער דאָזיקער גרופּע האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און צווישן די יאָרן 1926 און 1937 איז קיין גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט נישט געווען טעטיק.

אין אָקטאָבער, 1937 איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אַ הילפס־רוף פון דער גראַיעווער אידישער קהילה צו וועלכן עס איז אויך בייגעלייגט געווען אַ סטאַטיסטישע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם צושטאַנד פון אידישע פּרנסות אין גראַיעווע. אַלס אַן ענטפער אויף דעם רוף האָט זיך געגרינדעט דער פאַר־אייניקטער גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט.

די אַקטיווע מיטגלידער פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט זיינען געווען די פאָלגנדיקע: ה. בלום, א. סאַפּירשטיין, ס. באַרקאָווסקי, פעני אַבראַמסאָן, ש. י.



די פאַרוואַלטונג פון לינת הצדק.

פישביין, מאַקס כוהן, ה׳ און פרוי האָראָוויץ, א. מלאַווסקי, ס. קרינסקי, א. קליינמאַן, מ. לאַזערזאָן, פּ. סאָסנאָוויץ, ר. סאָסנאָוויץ, וו. סילווערמאַן און י. ריבאָ.

דער פאַראייניקטער גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט האָט דורכגעפירט צוויי גרעסערע אונטערנעמונגען: די בעלער אין 1938 און 1939. צו די דאָזיקע בעלער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען מער ווי 500 גראַיעווער לאַנדסלייט.

אויף דעם באַל אין נאָוועמבער, 1938 האָבן זיך פיל גראַיעווער לאַנדסלייט געטראָפן נאָך אַ סך יאָרן פון צעשיידונג, צו רעדן וועגן די אַלטע צייטן אין דער אַלטער היים־שטאָט גראַיעווע. דער קאָמיטעט האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט נישט נאָר אויף צו זאַמלען געלט, נאָר אויך אָנצואווייזן אויף דער נויטווענדיקייט פון אָפטע צוזאַמענקונפטן צווישן גראַיעווער אידן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט.

אונטער דער ליטונג פונעם סעקרעטאַר פון קאָמיטעט א. סאַפירשטיין (וועלכער איז דער סעקרעטאַר זינט דער גרינדונג ביז היינטיקן טאָג) און איניקע אַקטיווע מיטגלידער, איז באַלד פון אָנהויב געלונגען צו זאַמלען אַ גאַנץ גרויסע סומע געלט פאַר רעליף־צוועקן.

חוץ דעם צווייטן באַל אין יאַנואַר, 1939, זיינען דורכגעפירט געוואָרן

אַ צאָל קלענערע אונטערנעמונגען, קאָנצערטן, פאַרזאַמלונגען א. א. וו.

דער סך־הכל פון דער דאָזיקער אַרבעט איז געווען, אַז דער פאַראיי־ניקטער הילפס־קאָמיטעט האָט אַרויסגעשיקט קיין גראַיעווע אַ סומע פון אי־בער 2,000 דאָלער אין 1938־1939.

דער פאַראייניקטער רעליף־קאָמיטעט האָט זיך נאָך פריער געווענדעט צו דער אידישער קהילה אין גראַיעווע מיטן פאָרלאַנג, אַז מען זאָל דאָרטן אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט, וועלכע זאָל רעפּרעזענטירן אַלע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג, אַזוי אַז די געזאַמלטע געלט זאָל פאַרטיילט ווערן פאַר די געהעריקע צוועקן און אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן. אין נאָוועמבער, 1937 האָט זיך אַזאַ קאָמיטעט קאָנסטיטואירט אין גראַיעווע און דער פאַר־אייניקטער הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק האָט דערהאַלטן אַן אָפיציעלע מעלדונג וועגן דעם. דעם בריוו מיט דער מעלדונג דרוקן מיר אויף אַ צווייטן פּלאַץ.

דער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט האָט אויך דערהאַלטן אַ רשימה פון 217 מענטשן, וואָס האָבן באַקומען שטיצע אין קלענערע סומען. צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות קענען מיר נישט פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע רשימה. מיר האָבן אין אונדזער באַזיץ אונטערשריפטן פון יעדער פּערזאָן וואָס האָט דערהאַלטן הילף. עס איז טרויעריק צו באַמערקן, אַז פון 500 אידישע משפחות אין גראַיעווע האָבן זיך 217 פאַמיליעס גענויטיקט אין שטיצע!...

אויך די גראַיעווער גמילות־חסדים קאַסע האָט דערהאַלטן 300 דאָלער פון אונדזער קאָמיטעט.

די דאָזיקע אינסטיטוציע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1927. אין דער צייט פון דער גרינדונג האָבן זיך די פאַרוואַלטערס געווענדעט צום גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט מיט אַ בריוו, אַדרעסירט צו אַלע גראַיעווער אין אַמעריקע, בעטנדיק הילף. אין 1937 האָט די „גמילות חסדים" געפייערט איר 10־יעריקן יובילעאום און האָט ביי דער געלעגנהייט געוואָלט פאַרשטאַרקן און פאַר־ברייטערן איר טעטיקייט.

אונדזער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט האָט זיך געווענדעט צום „דזשאָינט" מיט אַ ביטע צום אויספאָרשן די טעטיקייט פון גראַיעווער „גמילות חסדים" קאַסע און צו באַריכטן וועגן דער נויטווענדיקייט איר צו העלפן. דער „דזשאָינט" האָט אונדז אויף דעם געענטפערט מיט אַ בריוו, וואָס מיר דרוקן אויף אַן אַנדער פּלאַץ אין ענגליש.

צווישן די אינסטיטוציעס וואָס זיינען געשטיצט געוואָרן מיט די געלט פון גראַיעווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק איז געווען דער „צענטאָס", די דאָזיקע אידישע אַל־פּוילישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרנומען מיט העלפן אידישע יתומים, היימלאָזע קינדער און קינדער פון די אָרימסטע עלטערן אין שטאָט. מיר דרוקן ווייטער אַ שילדערונג פון גראַיעווער „צענטאָס",

# SPRAWOZDANIE ROCZNE 1938-1939 באריכט פארן יאר  NR. ?

(za czas od 1/4 1938 r. do 31/3 1939 roku) (פון 1/4 1938 ביז 31/3 1939 יאר)

**Bezprocentowej Kasy Pożyczkowej w** Grajewie ............ **גמילות חסדים קאסע אין**

**Województwo** Białostockie ............ **וואיעוואדזטווא Powiat** Szczuczyński ............ **פאוויאט**

**Liczba ludności Żydowskiej (ilość dusz) na dz. 1/I 1939 r.** 2620 ............ **צאל יידישע באפעלקערונג (נפשות) צום 1/1 1939, אין אייער שטאט**

---

**Specyfikacja wydanych pożyczek:**
ידיעות וועגן ארויסגעגעבענע הלואות:

Liczba i wysok. pożyczek wydanych w okresie sprawozdawczym
צאל און הויך פון הלואות, וואס איז ארויסגעגעבן געווארן אין באריכטס-פעריאד:

**נארמאלע:**

| צאל | | הויך פון יעדי הלואה | | סך |
|---|---|---|---|---|
| 287 | × | זל. 100 | = | זל 28,700 |
| 2 | × | 80 | = | 160 |
| 156 | × | 75 | = | 11,700 |
| 4 | × | 70 | = | 280 |
| 5 | × | 65 | = | 325 |
| 23 | × | 60 | = | 1380 |
| 85 | × | 50 | = | 4250 |
| 24 | × | 40 | = | 960 |
| 3 | × | 35 | = | 105 |
| 29 | × | 30 | = | 870 |

Razem
צוזאמען

**פון אויפבוי-פאנד:**

| צאל | | הויך פון יעדי הלואה | | סך |
|---|---|---|---|---|
| 28 | × | זל. 25 | = | 700 זל. |
| 19 | × | 20 | = | 380 |
| 2 | × | 15 | = | 30 |
| 2 | × | 10 | = | 20 |
| | × | | = | |
| | × | | = | |
| | × | | = | |
| | × | | = | |
| | × | | = | |
| | × | | = | |

סך 669 הלואות בס. 49860 זל.

**Liczba Członków Kasy — צאל מיטגלידער פון דער גמ"ח־קאסע**

Stan na 1 4 1939 r.    Przybyło od 1/4-38 do 31/3-39    Stan na 1 4 1938 r. ......

צאל מיטגל. צום 1 אפריל 1938 255 צוגעקומען מיטגל. פון 1/4-38 ביז 31/3-39 3 מצב אויפן 1/4-39 258

וויפיל באטרעפט די מינימאלע הויך פון דעם מיטגלידס-אפצאל? פון 1.50 זל. ביז 6 זל.

אין דורכשניט געווארן אין קאסע אין משך פון לעצטן יאר א הערבירונגס שקציע פון מיטגלידער?

וויפיל לוים זענען מיטגלידער? 257

וויפיל משפחות געניסן פון הלואות אין דער ג"ח קאסע? 422

---

**Wyszczególnienie wydatków** פרטים וועגן די אויסגאבן:

| | |
|---|---|
| 360 | Wypłacono pensji: אויסגעצאלט שכירות פארן פערסאנאל |
| 45,49 | Świadczenia socjalne סאציאלע פארזיכערונג |
| 510,70 | Komorne, światło, opał, porto i t. p. דירה־געלט, באהייצונג, באלייכטונג, פארטא |
| 158,50 | Różne wydatki אנדערע קאסטן |

**Wyszczególnienie wydatków zwrotnych**
פרטים וועגן די צוריקקערנדע אויסגאבן

| | |
|---|---|
| 15 | Koszta protestów i sądowe פראטעסט און געריכטס-קאסטן |
| 65,65 | Inne wydatki zwrotne אויסגעגעבן אויף אנדערע צוריקקערנדע הוצאות |
| ...... | Zwrócono za koszta protestów i sądowe איינגעפלאסן צוריק פון פראטעסט- און געריכטס-קאסטן |
| 418 | Wpłynęło z innych kosztów zwrotnych איינגעפלאסן פון אנדערע צוריקקערנדע הוצאות |

**PODPIS:** אונטערשריפט:

**Prezes Zarządu** (-) B. Kotlo פארזיצער

**Sekretarz** (-) O. Liner סעקרעטאר

Prezes Kom. Rewiz. (-) Ch. Pinke פארזיצער פון רעווי. קאמיסיע

Członkowie (-) M. Tykocki (-) Ch. Z. Boczki מיטגלידער

---

**Liczba petentów wg zawodów:**
צאל לוים לויט די באשעפטיקונגען:

א) **האנטווערקער**

| | | |
|---|---|---|
| 17 | Krawcy | שניידער |
| 13 | Szewcy | שוסטער |
| 8 | Stolarze | טישלער |
| 21 | Rzeźnicy | קצבים |
| 112 | Różne zawody | אנדערע פאכן |

ב) **Handel האנדעל**

| | | |
|---|---|---|
| 5 | Manufaktura i galanterja | מאנופאקטור און גאלאנטעריע |
| 2 | Wyroby skórzane | לעדער־אויספארבעטונג |
| 18 | Kupcy spożywcy | שפייז קרעמער |
| 14 | Straganiarze | מארק-שטייער און גאסן-הענדלער |
| 80 | Handl. art. roln. | איינקויפער פון דארפישע ארטיקלען (דארפס-גייער) |
| | Inne | אנדערע |

| | | |
|---|---|---|
| 4 | Robotnicy | ג) ארבעטער |
| 4 | Rolnicy | ד) לאנדווירטן |
| 124 | Różne | ה) פארשידענע |

וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון י. מ. פּראַמער, אַ יונגער לערער פון דער גראַ־יעווער „תרבות"־שולע. דער דאָקומענט איז באַזונדערס וויכטיק, ווייל ער ווייזט די גרויסע אָנשטרענגונגען וואָס גראַיעווער אידן האָבן געמאַכט, טראָץ דער פאַרארעמונג פון דער קהילה, צו העלפן די דאָזיקע אומגליקלעכע קינדער.

אין זומער, 1938 איז אָנגעקומען אַ הילפס־רוף פון דער גראַיעווער אידי־שער קהילה בעטנדיק הילף פאַר די גראַיעווער אידן וואָס מען האָט אַרויס־געטריבן פון דייטשלאַנד. זיי האָבן זיך געפונען אין דער גרענעץ־שטאָט זבאָנשין און האָבן דאָרטן געלעבט אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען. אין דעם בריוו פון „דזשאָינט" צום פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט ווערט שוין די פראַגע אָנגערירט. די פאַרארימטע אידישע קהילה אין גראַיעווע האָט זיי נישט געקענט העלפן. אָבער דאָך האָט דער קאָמיטעט קיין סך נישט געקענט טאָן פאַר זיי צוליב מאַנגעל אין געלט־מיטלען. דער אָפּרוף פון די לאַנדסלייט אויף דעם אַפּיל איז געווען אַ שוואַכער טראָץ דעם וואָס די געפאַר פון דעם היטלעריסטישן שטורעם איז שוין געהאַנגען איבערן קאָפּ פון אונדזער אַלטער געבורטס־שטאָט גראַיעווע.

**
*

די אַרבעט פון פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט האָט זיך אין גאַנצן אָפּגע־שטעלט מיט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די לאַגע פון די אידן אין גראַיעווע פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז דעם הילפס־קאָמי־טעט געווען גוט באַקאַנט פון גענויע באַשרייבונגען, וואָס די אידישע קהילה און די פאַרשידענע אינסטיטוציעס האָבן צוגעשיקט. עס זיינען אויך אָנגעג־קומען בריוו פון יחידים. מיר וועלן נאָר דערמאָנען אַ גענויע באַשרייבונג פון ד"ר נחמיה קוראַוואַווסקי. אַלס אַ מעדיקער, האָט ער געהאַט די געלעגנ־הייט צו זען טאָג־טעגלעך די נויט און דעם עלנט פון די גראַיעווער אידן. די מלחמה האָט דעם גראַיעווער אידישן ישוב דערדריקט און דערשלאָגן גייסטיק און מאַטעריעל. אויך די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג איז איינגע־שרומפּן. פון 5,000 אידן אין 1917 זיינען אין 1939 פאַרבליבן אין גראַ־יעווע בלויז 2,500. און אויך די דאָזיקע צאָל האָט זיך געראַנגלט צו דערהאַלטן זיך און די געמיינדעשאַפט ביים לעבן.

קיין שום רעליף־אַרבעט איז אין משך פון די מלחמה־יאָרן נישט גע־טאָן געוואָרן. עס זיינען נישט געמאַכט געוואָרן קיין שום צוגרייטונגען אַפילו, אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן זאָל מען קומען צו הילף די שארית הפליטה. די שרעקלעכע ידיעות, וואָס זיינען געקומען פונעם היטלעריסטישן גיהנום האָט ביי אַלעמען אָפּגעשלאָגן דעם מוט צו טאָן עפּעס אויף דעם געביט. גראַיעווער לאַנדסלייט האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, אַז עס וועט חלילה מער ניט זיין וועמען צו העלפן מעבר לים... ערשט אין סוף 1946 האָבן אָנגעהויבן

אָנקומען בריוו פון גראַיעווער פּליטים און מיר האָבן דערפילט אַ דראַנג אויפצולעבן די אַרבעט פונעם גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט.

אין א. סאַפּירשטיינס אָפיס האָבן זיך געטראָפן איניקע גראַיעווער לאַנדסלייט און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רעאָרגאַניזירן דעם פּאַראייניקטן רעליף־קאָמיטעט. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַן עקזעקוטיווע פון די פאָלגנדיקע פּערזאָנען: א. סאַפּירשטיק, ש. פישביין, הערלען פּענסטער, וואָל־פער, פּ. סאָסנאָוויץ, א. מלאָווסקי, פּעני אַבראַמסאָן, ה. און פרוי מאַקס כוהן, ה' און פרוי א. שילער, ר. מילער, א. סאסנא, וו. סילזוערמאַן, א. קליינמאַן און ה. בלום. שפּעטער זיינען צוגעקומען ס. כוהן, א. וויטקאָווסקי, וו. מאַרגאָליס, ה' און פרוי מישקאָף, פרוי דאַן און ד"ר ג. גאָרין.

אין פעברואַר, 1947 האָט דער קאָמיטעט אָרגאַניזירט דעם ערשטן הזכרה־מיטינג אין אָנדענק פון גראַיעווער אידן. עס איז געקומען אַ גרויסע צאָל גראַיעווער לאַנדסלייט. די שטימונג איז געווען אַן אַבלדיקע. מענטשן האָבן שטיל געוויינט, ווען דער אומגליק פון די גראַיעווער אידן איז גע־שילדערט געוואָרן דורך די פאַרשיידענע רעדנער. דער אָפּרוף פון די לאַנדסלייט איז געווען אַ וואַרימער. דער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט האָט געזאַמלט אויף דער הזכרה פאַרזאַמלונג 1,800 דאלער.

דערמוטיקט דורך דעם וואַרימען אָפּרוף איז דער קאָמיטעט צוגעטראָטן צו ווייטערדיקער אַרבעט. אין נאָוועמבער, 1947 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ טעאַטער־אונטערנעמונג פון מאָריס שוואַרצעס אויפפירונג פון דער פּיעסע „שיילאָקס טאָכטער", פון דעם העברעאישן שריפטשטעלער ארי אבן־זהב, — אַ גראַיעווער לאַנדסמאַן, אין ישראל. צו דער פאָרשטעלונג זיינען געקומען טויזנט לאַנדסלייט. דער פאַרפאַסער פון דער פּיעסע האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער אונטערנעמונג. די דאָזיקע אונטערנעמונג האָט אַריינגעבראַכט 1,000 דאלער פאַר דער הילפס־טעטיקייט.

די שפּעטערדיקע אונטערנעמונגען פון פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט האָבן שוין ניט געבראַכט אַזעלכע ממשותדיקע רעזולטאַטן.

צו דער הזכרה־פאַרזאַמלונג אין פעברואַר, 1948 אין דער גראַיעווער שול, אויף דער איסט סייד, זיינען שוין געקומען ווייניקער מענטשן און מען האָט געזאַמלט בלויז 640 דאלער. צו דער הזכרה אין 1949 זיינען געקו־מען נאָך ווייניקער לאַנדסלייט און מ'האָט געזאַמלט בלויז 195 דאלער.

דער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט אונטער דער אָנפירונג פון א. שילער און מיט דער הילף פון אַ קליינע צאָל אַקטיווע מיטגלידער האָט גע־מאַכט פאַרשיידענע אָנשטרענגונגען צום ברענגען די גראַיעווער לאַנדסלייט צוזאַמען אויף קלענערע אונטערנעמונגען — אָבער דער אָפּרוף איז, צום באַ־דויערן געווען אַ שוואַכער.

אין פעברואַר, 1949 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרויסער באַל אין האָטעל דיפּלאָמאַט. עס זיינען געקומען פיל לאַנדסלייט צו אָט דעם ערשטן באַל, זינט 1939. די וויכטיקייט פון דעם באַל ווי פון אַנדערע צוזאַמענקונפטן, וואָס דער גראַיעווער רעליף־קאָמיטעט האָט דורכגעפירט, דאַרף אָפּגעשאַצט ווערן פונעם געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט. דורך די אונטערנעמונגען ווערט אָנ־געהאַלטן אַ פריינטלעכע פאַרבינדונג צווישן די לאַנדסלייט, און דאָס מאַכט מעגלעך ווידער דורכצופירן גרעסערע אַקציעס.

מיר ווילן דאָ אויך דערמאָנען מיט דאַנקבאַרקייט דעם גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט אין שיקאַגאָ, וואָס האָט אַריינגעשיקט 300 דאָלער פאַר די גראַ־יעווער פּליטים.

**
*

מיר האָבן ביז איצט געשילדערט די טעטיקייט פון פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק. איצט ווען מיר געבן אַ קורצע באַשרייבונג פון דעם, וואָס עס איז געטאָן געוואָרן מיט די געזאַמלטע געלטער.

דער גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט איז די לעצטע פאַר יאָר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַן ערך 100 (הונדערט) גראַיעווער פּליטים אין פאַר־שיידענע לענדער. אַ צאָל פון זיי האָבן זיך געפונען אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד, אַנדערע אין פאַרשיידענע שטעט אין פוילן, איטאַליע, פראַנק־רייך, ציפּערן און ישראל.

דער קאָמיטעט באַזיצט אַ גרויסע צאָל בריוו פון די גראַיעווער פּליטים. זיי ענטהאַלטן אַלע די טיפּישע געשיכטעס פון צעבראָכענע לעבנס, פון גרויס נויט, קראַנקייטן און אין זיי אַלע איז פאַראַן אַ רוף פאַר דרינגנדיקער הילף.

די הילף וואָס דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעשיקט, איז באַשטאַנען מערסטנס פון פּעקלעך עסנוואַרג, קליידער און געלט. די פאַרטיילונג איז געמאַכט געוואָרן אויף ווי וויט מעגלעך לויט די באַדערפעענישן און צושטאַנד פון די פאַרשיידענע פּליטים. אין אייניקע פאַלן האָט דער קאָמיטעט אויס־געהאַלטן גראַיעווער יונגעלייט מיט אַ מאָנאַטלעכער סובסידיע, כדי זיי זאָלן זיך קאָנען אויסלערנען אַ פאַך און אַזוי אַרום זיך דערשלאָגן צו אַ מענטשלעך לעבן. די פאַכן, וואָס די יונגעלייט האָבן זיך געלערנט זיינען געווען פאַר־שיידענע — פון שוסטעריי ביז דעם שטודיום פון מעדיצין.

אויך אַרבעטס־געצייג און מעדיקאַמענטן זיינען געשיקט געוואָרן — צווישן די לעצטע האָט דער קאָמיטעט געשיקט אינסולין, פּעניסילין און אַפילו אויך דעם נייעסטן מעדיקאַמענט סטרעפּטאָמאַיסין פאַר גראַיעווער קראַנקע.

צום סוף זאָל אויך אין דעם יזכור־בוך דערמאָנט ווערן אונדזער ווייַ־טערדיקע התחייבות צו אונדזערע לאַנדסלייט, די שארית הפליטה אין איי־

ראַפּע און אין ישראל. עס איז נאָך ניט צו שפּעט צו טאָן אונדזער הייליקע פליכט.

דער פאַראייניקטער גראַיעווער רעליף־קאָמיטעט וואָלט געקענט טאָן אַ סך מער אַרבעט פאַר גראַיעווער פליטים ; מען וואָלט אַפילו געקאָנט אָר־גאַניזירן אַ קאָאָפּעראַטיוו פאַר די ניי־אָנגעקומענע עולים אין ישראל, בויען אַ בית־עם (פאָלקס־הויז) אויף דעם נאָמען פון גראַיעווע א. א. וו. אָבער די געלט־מיטלען זיינען באַשרענקטע. די גראַיעווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע דאַרפן ערשט איצט זיך נאָך מער אינטערעסירן מיט דער טעטיקייט פון דעם פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט.

זאָל דער יזכור־בוך, וואָס דער פאַראייניקטער גראַיעווער רעליף־קאָמי־טעט גיט אַרויס, זיין ניט נאָר אַן אייביקער מאָנומענט אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים פון דער אומגעבראַכטער גראַיעווער אידישער קהילה, נאָר אויך אַ דערמאָנונג : ניט צו רוען ביז אַלע גראַיעווער פליטים וועלן זיך איינאָרדענען און וועלן זיך מער נישט נויטיקן אין אונדזער הילף.



אַ גרופּע שילערינס פון דער „תרבות" שולע.

היימאַן בלום

# גראַיעווער ברענטש 35 אַרב. רינג

דער גראַיעווער ברענטש 35 פון אַרבעטער־רינג איז לכתחילה נישט געגרינדעט געוואָרן אַלס אַ ברענטש פון אַרבעטער־רינג. געגרינדעט געוואָרן איז דער ברענטש אָריגינעל אַלס אַ לאַנדסמאַנשאַפט אָרגאַניזאַציע, אין יאָר 1907, פון אַריבערגעקומענע גראַיעווער לאַנדסלייט. ערשט נאָכדעם ווי די „סאָסייעטי", די גראַיעווער יאַנג מענס בענעוואָלט אַסאָסיאיישאָן האָט שוין עקזיסטירט 10 יאָר און פאַרמאָגט איבער 100 מיטגלידער, אַן אָפּגעצאָלטע סעמעטערי און אַ באַדייטנדיקע סומע געלט אין קאָסע — ערשט דאַן האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אָן אַרבעטער־רינג.

נאָר לאָמיר אָנהויבן פון אָנהויב: דאַכט זיך ערשט נעכטן איז דאָס געווען, ווען דריי „גרינע" בחורימלעך — סעם קרינסקי, פיליפּ בוזמאַן און דער שרייבער פון די שורות — זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין העסטער פּאַרק. מיר דריי, ערשט עטלעכע חדשים אין לאַנד, האָבן געפילט דעם עלנט פון יונגע 17־18 יאָריקע אינגלעך, וואָס זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן פון זייערע היימען אין אַ נייער וועלט, אין אַ שטאָט וואָס ברויזט און קאָכט און האָוועט, וואָס האָט נישט קיין צייט זיך אַרומצוקוקן אויף קיינעם. עס האָט זיך געבענקט נאָך אַ היימישער סביבה, נאָך פריינט מיט וועמען צו פאַרברענגען אַן אָוונט, נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבעט.

די לאַנדסמאַנשאַפטן פאַראיינען האָבן דאַן געהאַלטן אין זייער סאַמע בליאונג. די „סאָסייעטי" איז געווען פאַר די אַריבערגעקומענע „גרינע" וי אַ קלוב, וי אַ היים. אין די אָוונטן פון די מיטינגען פלעגט מען זיך אויסטוישן מיט איינדרוקן פון דעם נייעם לאַנד און מיט זיסע אָדער ביטערע דעראינערונגען פון דער אַלטער היים. דאָרטן פלעגט מען פאַר אַ „גרינעם" עפינען אַ צימער, אַ דזשאָב; ביי יעדן מיטינג פלעגן זיך באַווייזן נייע פּנימער, ערשט פון דער שיף אַרונטער. די „געלע", וואָס זיינען געווען אין לאַנד מיט עטלעכע חדשים לענגער, פלעגן זיך אַרומכאַפּן מיט דעם „גרינעם", אָפּנעמען גרוסן פון דער אַלטער היים און דערביי אַרויסווייזן זייער „געלקייט" יערמיט, וואָס זיי פלעגן אַרויסשיסן דעם גאַנצן טוצן ענגלישע ווערטער,

וואָס זיי האָבן באַוויזן דאָן זיך אויסצולערנען און, אַגב, די דאַזיקע ווערטער צעקאַליעטשען, צעמזיקן.

דער ערשטער פאַרזוך צו גרינדן דאָ אַ גראַיעווער לאַנדסמאַנשאַפט איז געמאַכט געוואָרן אין 1903, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ גראַיעווער „יאַנג מענס" פאַראיין, וואָס האָט שוין געהאַט דערגרייכט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום 200, אָבער צוליב סיבות, וואָס זיינען מיר אומבאַקאַנט ביז היינ־טיקן טאָג, איז דער פאַראיין געשטאָרבן ווען ער איז נאָך געווען אַן עופהלע פון אַרום 2 יאָר.

ווען מיר, 17־18 יאָריקע אינגלעך, ערשט עטלעכע מאָנאַטן אין לאַנד, — האָבן דערנאָך אַפּעלירט צו גראַיעווער לאַנדסלייט זיך אַנצושליסן אַן אַ נייעם גראַיעווער פאַראיין, זיינען מיר באַגעגנט געוואָרן מיט גרינגשעצונג און שפּאָס פון די „אַמעריקאַניזירטע" לאַנדסלייט, וואָס זיינען שוין געווען אַ צוויי־דריי יאָר אין לאַנד און זיך שוין געהאַט „אַרויפגעאַרבעט" ווער אויף אַ פּאָר געלע שיך און ווער ס'האָט שוין געהאַט „געמופּט" אַזוי ווייט אַפּ־טאַון, ווי די 4־טע אָדער 5־טע סטריט, און אַנדערע אַפילו אַזוי ווייט ווי האַרלעם. די דאָזיקע „אַמעריקאַנער" האָבן אַרונטערגעקוקט אויף אונדז „גרינע", וואָס זיינען ערשט נעכטן אַרונטער פון שיף.

## די גרינדער

פרייטיק, דעם 5־טן אַפּריל, 1907, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אונדזער ערשטן גרינדונגס־מיטינג, אויף וועלכן עס זיינען געווען אַנוועזנד: הײמאַן (חיים־יוסף) בלום, בערנאַרד גאָלדשטיין און הערי בייקאָווסקי, וועלכע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אַלס צייטווייליקע קאָמיטע; שמואל קרינסקי, רפאל קאַץ, ישכר וואַדאווסקי, סעם בייקאָווסקי, מאָריס לאַווענדער, פיליפּ בוזמאַן, יוסף ראָזען, מאיר בערענזאָן, נייטען לאַווענדער, מאָריס לאַווענדער, יוסף הדסה, חיים זימבערג, לואיס ביאַלאָסטאָצקי, בעני באַגוש, און מאיר וואָקס.

די פאָרזעצונג פון דעם גרינדונגס־מיטינג איז פאָרגעקומען פרייטיק, דעם 26־טן אַפּריל, ביי וועלכן עס זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן אַלס מיט־גלידער און גרינדער: פיליפּ מאָריסאָן, שמעון קאַלקאַ, מאָריס זימבערג, הענאָך מישקאָווסקי, סעם קרעמער, יונה קאָהן, הערי אַמסטערדאַם, בעני פּאַגוש, בעני וואַדאווסקי און דזשייק בייקאָווסקי.

אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון די גרינדער זיינען געווען פריש פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד און אַ סך זיינען ערשט נישט לאַנג צוריק געווען „באָרדערס" ביי צאַר ניקאָלאַי אין די טורמעס, איז עס געווען נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז איינער פון די צוועקן פון דעם פאַראיין זאָל זיין: שטיצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דער אַלטער היים. מיר

1. פרייטיק 5 אפריל 1907




דער ערשטער פּראָטאָקאָל פון „גראַיעווער יאָנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן."

אַלע האָבן דעמאָלט געלעבט מער מיט אונדזער אַלטער היים ווי מיט אונדזער ניי־אַדאָפּטירט לאַנד, אַמעריקע.

און אַזוי ווי מיר זיינען אַלע געווען גאַנץ יונג און נישט פאַרהייראַט, האָבן מיר באַשלאָסן נישט אַריינצונעמען אַלס מיטגלידער אַזעלכע וואָס זיינען עלטער פון 35 יאָר. אַ 35־יאָריקן מאַן האָבן מיר דעמאָלט באַטראַכט פאַר אַ „זקן". און עס איז אויך געווען נאַטירלעך, אַז קיין פאַרהייראַטן זאָלן מיר נישט וועלן אַריינגעמען. מיר האָבן בלויז געמאַכט אַן אויסנאַם מיט דזשייק בייקאָווסקי, ביי וועמען אין הויז מיר האָבן אָפּגעהאַלטן דעם ערשטן מיטינג. ער איז צו יענער צייט שוין געווען פאַרהייראַט, האָבן מיר אים געטאָן די טובה, וואָס מיר האָבן אים נישט געצוואונגען אָפּצוגטן זיין ווייב.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די גזרה קעגן פאַרהייראַטע האָט לאַנג נישט

געקאָנט אָנהאַלטן. די גרינדער גופא האָבן איינער נאָכן צווייטן נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון זייערע טאַטעס און זיידעס. אָבער שוין דער פאַקט אַליין, וואָס דער פאַראיין איז ביי זיין גרינדונג געווען באַגרענעצט מיט יוגנט, האָט דערוויטערט פון אים אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט, וועלכע זיינען שוין געווען אַ צאָל יאָרן אין לאַנד און זיינען דורך דער צייט געוואָרן באַזעסענע יונגע באַלעבעסלעך. זיי זיינען אַוועק אין די מער סאָלידע פאַראיינען פון די אָרו־מיקע שטעט, ווי: שטוטשין, ביאַליסטאָק, לאָמזשע א. אַז. וו.

יענע פאַראיינען האָבן אין דער צייט ווען דער גראַיעווער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן, שוין געהאַט באַדייטנדיקע סומעס געלט אין זייער קאַסע, האָבן געצאָלט קראַנקען בענעפיט, פאַרמאָגט אייגענע קרקע און געהאַט אַ צער־רעמאָניאַל ביי די מיטינגען, וואָס איז אין יענער צייט געווען אין דער מאָדע אין די לאַנדסמאַנשאַפטן פאַראיינען — אַ „פּאַסיר־וואָרט״: אָנקלאַפּן אין טיר אַ באַשטימטע צאָל מאָל ביים אַריינקומען; זיך פאַרנייגן צערעמאָניש צום פרעזידענט און וויס־פרעזידענט, און נאָך אַזעלכע איינפירונגען וואָס זעען איצט אויס לעכערלעך, אָבער וואָס זיינען אין יענער צייט געווען פון די שטאַרקסטע פונדאַמענט־שטיינער, אויף וועלכע די פאַראיינען האָבן זיך גע־האַלטן.

## די קריזיס־יאָרן

באַלד נאָך דער גרינדונג פון גראַיעווער פאַראיין האָט זיך אָנגעיאָגט דער שווערער קריזיס פון די יאָרן 1907־1909. די רעגירונג האָט דאָן נישט געטאָן קיין שום זאַך צו העלפן פאַרלייכטערן די לאַגע. די איינציקע הילף איז געקומען פון די „ברעד־לאַינס״, פון די פריייע קיכן א. אַז. וו. אַזוי געפינען מיר אין פּראָטאָקאָל פון 17־טן אויגוסט, 1907, אַז ווען עס האָט זיך אויפ־געהויבן אַ פראַגע וועגן שטיצן נויטליידנדיקע מיטגלידער, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די מערסטע מיטגלידער ליידן נויט און אַז פון דער קאַסע פון פאַראיין, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די ריזיקע סומע פון 79 דאָלער מיט 49 סענט קען מען אויף דעם צוועק קיין געלט נישט אַרויסנעמען.

אין סעפּטעמבער, 1908 איז דער פאַראיין געווען געצוואונגען צו שטרייכן 27 מיטגלידער פון די 60, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אַ טייל פון זיי האָבן אָפּגעצאָלט זייערע חובות און זיינען ווידער געוואָרן מיטגלידער. די אַנדערע זיינען אַרויס אויף שטענדיק. און דאָס איז געווען אין אַ צייט ווען די „דיוס״ איז באַשטאַנען פון 1 דאָלער מיט 25 סענט פאַר דריי חדשים.

צוליב דעם וואָס דער פונדאַמענט פון דעם פאַראיין איז געבויט געוואָרן אין אַ נישט גינסטיקער צייט, האָט ער זיך אַ לאַנגע צייט נישט געקענט שטאַרק פאַרפעסטיקן. דורך די 42 יאָר וואָס דער פאַראיין האָט עקזיסטירט — צווישן זיי 32 יאָר אַלס ברענטש פון אַרבעטער־רינג — האָט ער בכלל נישט

געמאַכט קיין סך פאַרשריט און האָט קיינמאָל נישט דערגרייכט קיין מיטגלי־דערשאַפט פון עטלעכע הונדערט. די גרעסטע צאָל מיטגלידער אין אַ באַ־שטימטער צייט, איז געווען, גלויב איך, אַרום 150. ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז דער גראַיעווער ברענטש 35 אַ. ר. באַשטייט פון איבער 80 פּראָצענט לאַנדסלייט, בעת אַ סך לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראייניגען זיינען עס בלויז אין נאָ־מען — זייערע מיטגלידער זיינען לאַנדסלייט פון אַנדערע שטעט.

קיין גרויסן פאַרשריט, קיין וויכטיקע פאָסירונגען זיינען, צום באַדויערן, נישטאָ צו פאַרצייכענען אינעם לעבן פון דעם פאַראיין. אויב איך וואָלט וועלן עס אילוסטרירן מיט אַ גראַיעווער בילד, וואָלט איך געזאָגט: ווי די „קאַשע־ראַווע", דאָס שטילע טייכל, וואו מיר אַלס קינדער פלעגן זיך באָדן, נאָכדעם ווי מיר זיינען דורכגעגאַנגען מיט מסירת נפש די צווי וויאָרסט אויף ראַי־גראַדער וועג און פיל מאָל געכאַפּט קלעפּ אָדער שטיינער פון די דאָרטיקע שקצים — אַט אַזוי שטיל זיינען אַריבער די מערסטע יאָרן פון דער עקזיס־טענץ פון דעם פאַראייק. און אפשר טאַקע צוליב אָט דער שטילקייט, צוליב אָט דער רואיקייט, האָבן אַ צאָל טעטיקערע, אַקטיווערע מיטגלידער אויפגע־הערט צו זיין טעטיק אין פאַראיין און האָבן פאַרווענדעט זייער ענערגיע אויף אַנדערע געביטן, וואו זיי האָבן געפונען אַ ברייטערן פעלד פאַר זייערע פעאיקייטן.

עס זיינען אָבער דאָ אַ פּאָר מאָמענטן אין דעם לעבן פון פאַראיין, אויף וועלכע עס ווילט זיך יאָ אָפּשטעלן, און דאָס זיינען:

## די גראַיעווער בעלער

די יערלעכע בעלער, וואָס דער פאַראיין פלעגט דורכפירן, זיינען געוואָרן דער זאַמלפונקט פאַר אַלע גראַיעווער לאַנדסלייט נישט נאָר פון ניו־יאָרק, נאָר אויך פון אַ סך שטעט און שטעטלעך פון אַרום ניו־יאָרק. לאַנדסלייט, יונג און אַלט, פלעגן זיך גרייטן צום גראַיעווער יום־טוב. זיי האָבן געוואוסט, אַז יענעם אָוונט וועלן זיי טרעפן אַלע זייערע פריינט מיט וועמען זיי האָבן פאַרבראַכט זייערע קינדער־יאָרן, און וועלכע דער שיקזאַל האָט איבערגע־וואָרפן אויף דער זייט פון אַטלאַנטישן אָקעאַן. צו די גראַיעווער בעלער פלעגן קומען די ערשט־אַריבערגעקומענע פון דער אַלטער היים. זיי פלעגן דאָ טרעפן די „אַמעריקאַנער" לאַנדסלייט, וואָס זיינען געקומען מיט עטלעכע יאָר פריער פון זיי און פלעגן זיי אָפּגעבן גרוסן פון דער אַלטער היים. אַרום יעדן פון זיי פלעגט זיך פאַרזאַמלען אַ רעדל, וואָס פלעגט נייגעריק שלינגען יעדן וואָרט, יעדן גרוס פון דער אַלטער היים־שטאָט. יונגוואַרג, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, פלעגט זיך אַוועקלאָזן טאַנצן אונטער די טענער פון אַ גרויסן אָרקעסטער און — נישט איין פּאָר־פאָלק האָט צו פאַרדאַנקען איר איצטיקן פאַרהייראַטן לעבן די דערמאָנטע גראַיעווער בעלער.

איבערהויפּט איז געבליבן אין זכרון דער באַל פון 1910, אין העניגנטאַן האַל, צו וועלכן עס זיינען אויך געווען געוויזן געוואָרן אויפן לייזונט סטערעאָפּטישע בילדער פון גראַיעווע. עס האָט אויסגעזען ווי דריי גראַיעוועס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין דעם זאַל, וואָס נעמט אַריין אַרום 2,000 מענטשן. אַ סך האָבן געמוזט גיין צוריק און די וואָס האָבן געהאַט דעם מזל אַריינצוקומען אינעווייניק האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ וואו זיך צו באַוועגן, שוין אָפּגערעדט פון טאַנצן.

מיט דער צייט האָט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די ניו־יאָרקער אידן זיך געביטן. אין די „גרינע" יאָרן האָט יעדערער געהאַט זיינע פריינט בלויז צווישן די לאַנדסלייט. שפּעטער האָט די לאַגע זיך געענדערט. די נייע פריינט זיינען געקומען דורך משפּחה־פאַרוואַנדשאַפט, דורך געשעפטס־פאַרבינדונגען, דורך שכנות, דורך מיטאַרבעט אין איין שאַפּ, דורך טעטיקייט אין געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן א. אז וו. — און דערפאַר וואָס דער „לאַנדסמאַן" האָט אויפגעהערט שפּילן אַ ראָלע אינעם לעבן פון די אידישע אימיגראַנטן, האָבן די לאַנדסמאַנשאַפטן בעלער אויפגעהערט שפּילן די אַמאָליקע ראָלע; די באַזוכער זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל וויניקער, ביז די אינסטיטוציע איז אינגאַנצן אויפגעגעבן געוואָרן.

## אָנשליסונג אין אַרבעטער־רינג

אַרום דעם יאָר 1916 האָט דער גראַיעווער יאַנג מענס אונטערשטיצונג־פאַראיין שוין געהאַט אַ באַדייטנדיקע מיטגלידערשאַפט — אַרום 100; אַן אָפּגעצאָלטע סעמעטערי (קרקע) מיט אַ גדר, וואָס האָט באַטראָפן עטלעכע טויזנט דאָלער, אָבער אַ צאָל מיטגלידער האָבן איינגעזען, אַז פאַר אַ קליינעם פאַראיין איז נישט ראַטזאַם צו בלייבן עקזיסטירן פאַר זיך אַליין; אַז ער מוז זיך אָנשפּאַרן אָן אַ שטאַרקער, מעכטיקער קערפּערשאַפט, וואָס זאָל אים העלפןביישטיין אַ שטורעם, ווען אַזאַ וועט אָנקומען. עס זיינען אָנגעוויזן געוואָרן אויף ביישפּילן פון ענלעכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען צוזאַמענגעבראָכן ווען די מיטגלידערשאַפט האָט דערגרייכט אַ העכערן עלטער און האָבן אָנגעהויבן אָפּטער צו ליידן פון קראַנקייט; שטערבלעכקייט האָט אָנגעהויבן אַוועקנעמען גרעסערע צאָלן, און קיין ניי בלוט איז נישט צוגעפלאָסן.

די אָנהענגער פון דעם געדאַנק, אַז דער פאַראיין דאַרף זיך אָנשליסן אין אַרבעטער־רינג, האָבן אָנגעוויזן, אַז כאָטש די בילס וועלן זיין גרעסערע, וועלן אָבער די מיטגלידער האָבן אונטער זיך אַ שטאַרקערן פונדאַמענט. זיי וועלן האָבן הינטער זיך די צענדליקע טויזנטער אַרבעטער־רינג מיטגלידער; זיי וועלן נישט דאַרפן מורא האָבן, אַז ווען זיי וועלן ווערן עלטער וועט דער פאַראיין נישט זיין אין אַ לאַגע נאָכצוקומען זיינע פאַרפּליכטונגען. עס איז אָנגע־

וויזן געוואָרן אויף די אינסטיטוציעס וואָס דער אַרבעטער־רינג פאַרמאָגט, ווי: 1) אַ מעדיקאַל דעפּאַרטמענט; 2) סאַנאַטאָריום; דערצו — די קולטורעלע טעטיקייט פון אַרבעטער־רינג.

עס האָט גענומען אַ לענגערע צייט רייף צו מאַכן דעם געדאַנק צווישן אַ גרויסער צאָל מיטגלידער, ביז ענדלעך, אין 1917, האָט דער פאַראיין זיך אַנגעשלאָסן אין דער גרויסער אַרבעטער־רינג משפּחה. און כאָטש די גרויסע דערוואַרטונגען וואָס אַ צאָל אָנהענגער האָבן געלייגט, אַז אַריינגייענדיק אין אָרדן וועט דער פאַראיין זיך פאַנאַנדערוואַקסן, זיינען נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן; כאָטש דער פאַראיין איז נישט שנעל געוואַקסן אין צאָל, איז ער אָבער געוואָרן פעסטער און זיכערער. בלויז עטלעכע מיטגלידער האָבן זיך אָנטזאָגט אָנצושליסן אן אַרבעטער־רינג און זיינען געבליבן לאָקאַלע מיט־גלידער. כמעט אַלע איבעריקע זיינען פאַרבליבן מיטגלידער פון אונדזער בראַנטש.

## הילף פאַר מלחמה־קרבנות אין גראַיעווע

אַ שיינעם קאַפּיטל האָט דער גראַיעווער אַרבעטער־רינג בראַנטש פאַר־צייכנט אויף דעם געביט פון הילף פאַר די מלחמה־קרבנות אין דער אַלטער היים, אין גראַיעווע.

עס איז אמת, אַז דער בראַנטש האָט פון זיין קאַסע נישט געקענט ביי־שטייערן קיין גרויסע סומען פאַר דעם צוועק, אָבער דורך זיין איניציאַטיווע איז געגרינדעט געוואָרן די גראַיעווער רעליף־קאָמיטע, וועלכע האָט דורך דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און גלייך נאָכדעם געשאַפן און אָפּגעשיקט קיין גראַיעווע טויזנטער דאָלער.

וועגן דער הילפס־אַרבעט פאַר גראַיעווע וועט דער לייענער געפינען אַ באַזונדער אַרטיקל, אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

אין די יאָרן 1926־28 האָט דער גראַיעווער אַרבעטער־רינג בראַנטש, ווי אַ סך אַנדערע בראַנטשעס, דורכגעמאַכט אַ צעשפּליטערונג צוליב פּאָליטישע מיינונג־פאַרשיידנקייטן צווישן רעכטס און לינקס. נאָך אַ ריי הייסע מיטינ־גען איז דער בראַנטש געשפּאָלטן געוואָרן. עטלעכע און דרייסיק מיטגלידער האָבן פון אַרבעטער־רינג געקראָגן אַ באַזונדער בראַנטש מיטן נומער 187 און עטלעכע און ניינציק זיינען פאַרבליבן אין בראַנטש 35.

אַ געוויסע צייט נאָך דער שפּאַלטונג האָט דער בראַנטש, דורך דער איניציאַטיווע פון דעם דעמאָלטיקן פינאַנץ־סעקרעטאַר, סעם קרינסקי, גע־גרינדעט אַ זייער טעטיקן פרויען קלוב, וואָס האָט געטאָן זייער גוטע געזעל־שאַפטלעכע אַרבעט. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער הילפס־אַרבעט פאַר גראַיעווע אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין די לעצטע יאָרן איז דער קלוב נישט אַקטיוו.

אירווינג קליינמאַן

# דער גראַיעווער ברענטש 56 פון איד. פראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן

דער גראַיעווער ברענטש 56 פון אידישן פאָלקס־אָרדן איז איינער פון די גרעסטע און אַקטיווסטע ברענטשעס פון דעם אָרדן.

דער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרן פון אַ קליינער גרופּע גראַיעווער לאַנדסלייט, פאַרמאָגט ער שוין איצט איבער פינף הונדערט מיטגלידער. דאָס איז אַ דאַנק אַ פאַראייניקונג פון די גראַיעווער מיט די אָסטראָווער און זאַראַמבער — אַלע לאַנדסלייט פון לאָמזשער געגנט.

דער ברענטש 56 צייכנט זיך קודם כל אויס מיט זיין פראַטערנאַלער טעטיקייט צווישן זיינע מיטגלידער, וועלכע ווערן באַזאָרגט מיט קראַנקן־פאַרזיכערונג, מעדיצינישע הילף און אַנדערע פראַטערנאַלע בענעפיטן.

חוץ דעם פירט די אָרגאַניזאַציע אַן סיסטעמאַטישע טעטיקייט אויפן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן געביט צווישן די מיטגלידער, זייערע משפחות און פריינט.

די טעטיקייטן פון דעם ברענטש זיינען אין גייסט און אין די בעסטע טראַדיציעס פון דער פּראָגרעסיווער גראַיעווער יוגנט אין אַמעריקע.

די מיטינגען פון אונדזער ברענטש, וואָס קומען פאָר יעדע צווייטע וואָכן, צייכענען זיך אויס מיט קולטורעלע און קינסטלערישע פּראָגראַמען. עס ווערן דורכגעפירט לעקציעס מיט אָנגעזעענע לעקטאָרן איבער געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע פראַגן. עס ווערן אויך דורכגעפירט פאַרווילערישע און קינסטלערישע אָוונטן מיט דער באַטייליקונג פון פאַרשיידענע קינסטלער.

ביי יעדן מיטינג ווערן אויסגעשטעלט פאַרשיידענע פּאָליטישע און ליטעראַרישע ביכער צום פאַרקויף צו די מיטגלידער און מען זעט ווי וויט מעגלעך צו העלפן דער פאַרשפּרייטונג פון דעם אידישן בוך.

דער ברענטש 56 האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע רעליף־אונטער־נעמונגען אויף צו לינדערן די נויט פון די גראַיעווער מעבר לים. ער האָט צוגעטראָגן זיין חלק סיי דורך דעם גראַיעווער רעליף־קאָמיטעט און סיי דורך דעם אידישן פאָלקס־אָרדן און אַנדערע הילפס־אָרגאַניזאַציעס.

אונדזער ברענטש צייכנט זיך באַזונדער אויס אין די יערלעכע געלט־זאַמלונגען, וואָס דער אידישער פאָלקס־אָרדן פירט אָן פאַר דער רעהאַביליטאַציע פון די אידן אין איראָפּע און ישראל, ווי אויך פאַר דער אויפהאַלטונג פון אידישע יתומים־היימען אין פוילן, פראַנקרייך און בעלגיע.

פאַר די דאָזיקע קאַמפּאַניעס האָט דער ברענטש 56 געזאַמלט אין פאַר־לויף פון פיר נאָך־מלחמה יאָרן איבער צען טויזנט דאלאר.

אין דער צייט פון דער מלחמה קעגן היטלער־דייטשלאַנד האָט ברענטש 56 זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע הילפס־אַקציעס פאַר אונדזערע אייגענע מיליטערישע כוחות און פאַר אונדזערע מלחמה־פאַרבינדעטע. אונדזער ברענטש האָט פאַרקויפט צווישן די מיטגלידער און פריינט מלחמה־באָנדס אויף דער סומע פון איבער 150 טויזנט דאָלער. מיר האָבן אויך מיט אונדזערע אייגענע כוחות און מיטלען געשיקט אַ מתנה פאַר די העלדישע סאָוועטישע קעמפער — אַן „עקס־רעי מאָביל יוניט", וועלכער איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם לענינגראַדער שפּיטאָל.

די דערמאָנטע טעטיקייטן פון ברענטש 56 ווייזן, אַז חוץ דער פּראַקטער־נאַלער הילף און פאַרזיכערונג, וואָס די מיטגלידער קריגן דורך זייער אָנגע־העריקייט צום אידישן פאָלקס־אָרדן, שאַצן זיי אויך אָפּ די וויכטיקייט פון דער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע.

די דערגרייכונגען פון דעם גראַיעווער אָרדן־ברענטש 56 זיינען אַ רע־זולטאַט פון דער אומדערמידלעכער אַרבעט מצד די אַקטיווע טוער און דער געטרייער פירערשאַפט. כדי אויפצובויען אַזאַ אָרגאַניזאַציע פון איבער פינף הונדערט מיטגלידער און אָנפירן מיט אירע פאַרצווייגטע טעטיקייטן, פאָ־דערט זיך, חוץ פאַרשטענדעניש און אחריות, זייער פיל מסירת־נפשדיקע אַרבעט און אָנשטרענגונג מצד דער פירערשאַפט.

זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערן אָנערקענונג צו די בויער און פירער פון ברענטש 56, בראש מיט די פריינט י. מאגידסאָן, בינדער און אַנדערע מיט וועלכע דער שרייבער פון די שורות האָט דעם כבוד און פאַרגעניגן, ווי די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אָנצופירן מיט דער דאָזיקער פרוכטבאַרער פראַטער־נאַלער, געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער פאָלקס־אָרגאַניזאַציע.

ה. ב—ם

# די שטשוטשינער און גראַיעווער שול אין ניו־יאָרק

אויף דער אידישער איסט־סייד, 242 הענרי סטריט, לעבן מאַנטגאָמערי סטריט, שטייט אַ באַשיידענע געביידע, וואָס זעט זיך אָבער באַזונדערס שטאַרק אָן מיט איר אַנדערשקייט פון די דערבייאיקע געביידעס — קלענערע און גרע־סערע טענעמענט־הייזער.

די שול־געביידע טראָגט אויף זיך דעם אויפשריפט: „קאָנגרעגיישאָן אַנשי שטוטשין ואנשי גראַיעווא — געבויט אין יאָר תר"ע (1910).

די געביידע טראָגט אויף זיך סימנים פון עלטער און פון מאַנגל אין כסדרדיקער אויפפּאַסונג, אָבער עס זיינען נאָך אַלץ אויף איר געבליבן די שפּורן פון יוגנט, פון שיינקייט. מען קען זען, אַז דאָ איז אַריינגעטאָן געוואָרן ניט בלויז געלט, נאָר זייער אַ סך ליבע און איבערגעבנקייט.

דער געגנט איז איצט נאָך אַלץ באַזעצט מערסטנס פון אידן, אָבער כמעט קיינער פון די וואָס האָבן די שול געבויט, וואוינט שוין נישט אין יענעם געגנט. ווער ס'האָט זיך באַזעצט אין ברוקלין, ווער אין די בראָנקס אָדער אין אַן אַנדער נייערן אידישן געגנט. אָבער די מערסטע פון די ערשטע בויער האָבן שוין געפונען זייער אייביקע רו.

איצט איז הענרי סטריט אַן אַלטע אָפּגעלאָזענע גאַס, אָבער צוריק מיט פערציק יאָר איז הענרי סטריט געווען איינע פון די אַריסטאָקראַטישע אידישע גאַסן. אַ גרויסע צאָל אידישע דאָקטוירים פון דעם עלטערן אימיגראַנטן־דור, וואָס האָבן איצט זייערע אָפיסעס אין פּאַרק עוועניו אָדער אויף סענטראַל פּאַרק וועסט האָבן אין יענער צייט געהאַט זייערע אָפיסעס אין הענרי סטריט, וואו זיי האָבן אָנגעהויבן זייער מעדיצינישע פּראַקטיק און פון וואַנען זיי האָבן זיך אַרויסגעצויגן, נאָכדעם ווי זייערע פּאַציענטן האָבן דאָס זעלביקע געטאָן.

די ערשטע גראַיעווער חברה אין ניו יאָרק איז געגרינדעט געוואָרן אַרום דעם יאָר 1890 און האָט געהאַט איר שול אין 11 לודלאָו סטריט — אַ געביידע פון סוועט־שעפּער, אין וועלכער די שול האָט פאַרנומען אַ טייל פון אַ שטאָק (פלאָר). דער גרינדער פון דער שול איז געווען שלמה ליטענבערג — איינער



שטשוטשינער און גראַיעווער שוהל, 242 הענרי סטריט, ניו־יאָרק

פון די ערשטע גראַיעווער אימיגראַנטן, וועלכער האָט גלייך מצליח געווען און איז געוואָרן אַ באַדייטנדיקער קלאָוק־מאַנופעקטשורער. ביי אים איז געווען וואָס מ'האָט געקאַנט אָנרופן „אַ גראַיעווער שאַפּ". אַזוי שנעל ווי אַ גרינער שניידער אָדער אײנער וואָס האָט זיך געוואָלט אויסלערנען שניי־דעריי איז פון גראַיעווע געקומען קיין אַמעריקע, האָט מען אים גלייך אַוועק־געפירט צו ליטענבערגן אין שאַפּ, וואו ער האָט זיך אויסגעגרינט און זיך אַרומגעזען וואָס ווייטער צו טאָן. איז ביי אים אין שאַפּ געגרינדעט געוואָרן די גראַיעווער חברה און ליטענבערג איז אַ לענגערע צייט געווען איר פּרע־זידענט. עס זיינען אויך דאָרט געווען טעטיק: הערים ראָטבוים און אהרן לעווענטאַל, וועלכע זיינען אויך שפּעטער געוואָרן זייער אַקטיוו אין דעם גראַיעווער רעליף קאָמיטעט, אין פאַרלויף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — (דער ערשטער אַלס טרעזשורער, און דער צווייטער, אַלס ווייס־טשערמאַן); מאיר וואולף, מייטשע דענענמאַרק, גרשון זומערפעלד, מאַקס זילבערשטיין, ווילי גרינשטיין, לייזער־הערש בערמאַן, לייזער און יהודה מענדעלסאָן, עליע טאַביאַס און אַנדערע, די מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון אַרום 40.

אין דער זעלביקער צייט האָבן די שטוטשינער לאַנדסלייט אויך געהאַט אַ חברה — אַ גרעסערע ווי די גראַיעווער. איר מיטגלידערשאַפט איז באַ־שטאַנען פון אַרום 60. זיי האָבן געהאַט אין פאָרסיט סטריט אַ גרעסערע שול ווי די גראַיעווער. אין 1906 האָבן ביידע שולן זיך פאַראייניקט. די גראַ־יעווער האָבן אויפגעגעבן זייער שול און זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די שטוטשינער.

דער „שידוך" האָט אין אָנהויב אויסגעזען צו זיין ניט קיין געלונגענער. עס האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן רייבונגען. די שטוטשינער האָבן זיך געפילט ביי זיך אין דער היים. זייער חברה איז געווען אַ גרעסערע און אַ רייכערע. זיי האָבן אָנגעהאַלטן זייער היים, זייער שול, און זייערע בעלי־בתים האָבן פון פריער געהאַט פאַרנומען די בעסערע „שטעט" און קאָנטראָלירט די „פעטערע עליות" און אָנגעזעצנע עמטער, בעת די גראַיעווער, אַלס „אורחים", האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט הינטער דער בימה, מיט די מאָגערע עליות און מיט זייער ווייניק און קלענערע עמטער. עס האָט שוין אַפילו געהאַלטן ביי צעשיידונג. די גראַיעווער האָבן שוין געוואָלט זיך אָפּטיילן, אָבער די שטוטשינער האָבן זיך אַנטזאָגט צוריקצוגעבן דאָס אייגנטום וואָס די גראַ־יעווער האָבן אַריינגעבראַכט אין דער שותפות. ביידע צדדים האָבן געבראַכט דעם ענין פאַר אַ דין תורה פון דריי רבנים, וועלכע האָבן געפּסקנט צו גונסטן די שטוטשינער, אָבער זיי האָבן אַפּעלירט צו ביידע צדדים פאַר שלום און צוזאַמענלעבן. דער אַפּיל האָט געווירקט. גלייך נאָכדעם זיינען פאַרגעקומען וואַלן פאַר באַאַמטע און ביידע צדדים האָבן געקראָגן פּאַסיקע פאַרטרעטער־שאַפט אין דער אַדמיניסטראַציע. דער שלום איז אַזוי צעמענטירט געוואָרן,

אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין 1910, האָבן זיי זיך געשטעלט בויען די דער־מאָנטע שול אויף העגרי סטריט.

ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען די שול האָט די חברה פֿאַרמאָגט בלויז 1800 דאָלער. ווען די שול איז פֿאַרטיק געוואָרן האָט זי אָפּגעקאָסט איבער 36 טויזנט דאָלער. דער הויפּט־דאַנק פֿאַר דער שול קומט מר. נייטען האַמער, אַליין אַ דערפֿאַרענער בילדער, האָט ער אָפּגעגעבן זיין גאַנצע צייט און געפֿונען פֿאַרשיידענע מיטלען צו שאַפֿן די מעגלעכקייט, אַז די שול זאָל פֿאַרענדיקט ווערן.

די שול איז ניט קיין גרויסע, אָבער זיכער איינע פֿון די שענסטע פֿון דעם מין שולן אויף דער איסט־סייד. אין די ערשטע יאָרן פֿון דער עקזיס־טענץ פֿון דער שול איז זי געווען ניט נאָר אַ מקום קדוש צום דאַווענען, נאָר אויך אַ צענטער פֿאַר שמחות און אַנדערע געלעגנהייטן. אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די שול אויך געווען אַ צענטער פֿאַר רעליף־טעטיקייט.

דער ערשטער פּרעזידענט פֿון דער נייער שול איז געווען משה קראָ־נענבערג, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט צוויי יאָר, און מאַקס זילבער־שטיין — וויס־פּרעזידענט. דערנאָך איז מר. העריס ראַטבוים געוואָרן פּרע־זידענט. אַרום צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד האָט דעם פּרעזידענט־אַמט אָנגע־האַלטן יאַנקל בורשטיין (ברוך־מרדכי דעם בעדערס אידעם). ער האָט גע־מאַכט פֿאַר זיין אויפֿגאַבע און האָט טאַקע מעגלעך געמאַכט אָפּצואווישן דעם מאָרטגעדזש אויף דער שול.

כמעט אַלע טוער פֿון דער שול זיינען געווען אַרבעטער, האָרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן זיך געמאַכט פֿאַר זייער לעבנס־אויפֿגאַבע אויפֿצוהאַלטן אַ גראַ־יעווער רעליגיעזן צענטער אין ניו יאָרק. צווישן זיי: איזיק קאָהן, משה גאָלדשטיין, אברהם־יצחק האמער, ישראל קליינמאַן, אהרן־יאַנקל ווינבערג, איטשקע ראָזען, גרשון קאָהן, מאַקס זעליגזאָן, אברהם אַבאָט, שמואל בריק־מאַן, יצחק אַלפּערט, מיכל עדעלסאָן, אַלטער פיינזילבער, די ברידער גרין (פֿון וועלכע יאַנקל איז אויך געווען פּרעזידענט), מאַטעס גערסאָן און זיינע קינדער, משה זילבערשטיין, מאַקס ראטביל און זיין זון בעני.

אַ צאָל יאָרן האָט די שול אויך געהאַט אַ טעטיקע לײדיס אַקזילערי, וועלכע האָט זייער פֿיל געהאָלפֿן אין רעליף־אַרבעט. די הויפּט־טוערינס זיינען געווען שרה גאָלדשטיין (שרה מאַנושעס) און פעני זילבערמאַן.

די איצטיקע באַאַמטע פֿון דער שול זיינען: משה קאָהן, פּרעזידענט; סעם בירנבוים, וויס־פּרעזידענט; עני פּיק, סעקרעטערין; מאַקס ראָזענצוויג, טרעזשורער; יאַנקל בורשטיין, גבאי פֿון חברה קדישא. די נייע באַאַמטע האָבן לעצטנס געקויפֿט אַ נייע סעמעטערי פֿאַר 3,000 דאָלער און אויסגע־געבן איבער 6,000 דאָלער אויף רעמאָנטירן די שול.

**א. בלושטיין**

געוועזענער סעקרעטאַר און איצטיקער פּרעזידענט
פון דער „גראַיעווער פרענדשיפּ סאָסייעטי"

# די גראַיעווער לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ

קומענדיג אין שיקאַגאָ אין חודש סעפּטעמבער, 1913, האָב איך דאָרטן געטראָפן אַ גראַיעווער לאַנדסלייט־פאַראיין און וועלכען עס האָבען אויך באַלאַנגט אַ צאָל שטוטשינער לאַנדסלייט. איך בין דאָרטן גלייך געוואָרן אַ מיטגליד.

ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר אָנגעהויבן רעדן וועגן שאַפן הילף פאַר די מלחמה־געליטענע. האָט זיך אָנגעהויבן אַ סכסוך צווישן די גראַיעווער און שטוטשינער מיטגלידער איבער דער פראַגע וואו מען זאָל שיקן די געזאַמלטע געלטער. צווישן די גראַיעווער זיינען געווען אַקטיוו די צווײ לאַנדסלייט: דוד לעווין — בערטשע דעם מלמדס אַ ברודער, וועלכער געפינט זיך איצט אין לאָס אַנדזשעלעס, און פרענק סעוויטש, דעם סימנער מלמדס זון, וועלכער געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק.

דער סכסוך איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די שטוטשינער לאַנדסלייט האָבן פאַרלאָזט דעם פאַראיין און געגרינדעט אַ באַזונדער שטוטשינער אָרגאַניזאַציע. נאָכדעם ווי די גראַיעווער זיינען געבליבן אַליין איז זייער פאַראיין אונטערגעגאַנגען.

אין 1920 איז ווידער געגרינדעט געוואָרן אַ גראַיעווער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט עקזיסטירט נישט מער ווי אַנדערהאַלבן יאָר.

אין סוף פון 1925 האָבן עטלעכע גראַיעווער לאַנדסלייט זיך באַגעגנט ביי דער לוויה פון אַ גראַיעווער יונגן בחור, יודל דוירמיש, דער זון פון אונדזער לאַנדספרוי חיה־פערל דוירמיש, די טאָכטער פון זעליג סמאָל דעם שניידער, אַ שוועסטער פון די בלאַנקשטיינס, אַן אָנגעזעענע פאַמיליע אין שיקאַגאָ.

די באַגעגעניש האָט פיל בייגעטראָגן צו דער גרינדונג פון דער גראַיעווער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע אין שיקאַגאָ, וועלכע עקזיסטירט ביז היינטיקן טאָג. דעם 17־טן יאַנואַר, 1926 איז געגרינדעט געוואָרן די „גראַ־

יעווער פרענדשיפּ סאָסייעטי" ביי אַ מיטינג אין אַרבעטער־רינג לייסעאום, וואו עס זיינען אנוועזנד געווען אַ גרויסע צאָל גראַיעווער לאַנדסלייט. עס זיינען דערוויילט געוואָרן די פאָלגנדיקע באַאַמטע:

מאָריס בוירגלער — פּרעזידענט; א. בלושטיין — סעקרעטאַר און די פאָלגנדיקע זיינען געווען צווישן די גרינדער און ערשטע עקזעקוטיוו־מיט־גלידער פון דעם פאַראיין: דוד סיגל, דזש. סקלאַראָף, בעני קראַוועץ, מאַקס סיגל, הערלד גרינפעלד, נייטען גראָסבערג און זייערע פרויען; אסתר סיגל, די בלאַנקסטיין פאַמיליע, די סילווערסטיין פאַמיליע, די סטיינבערגס, די גאָט־ליב פאַמיליע, די נייטען פאַמיליע, די סטיק פאַמיליע, די פישביינס, דזשייק סקאַלער ע"ה און ביילע־ברײַנע ע"ה.

דעם 21־טען יאַנואַר, 1950, איז געוואָרן 24 יאָר זינט דער גרינדונג פון דער גראַיעווער סאָסייעטי אין שיקאַגאָ. אין משך פון דער צייט האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע הילפס־טעטיקייטן לטובת די נויט־ליידנדיקע אין אונדזער געבורט־שטעטל גראַיעווע און אויך לטובת די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ. אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז געווען אוממעגלעך צו שיקן הילף קיין גראַיעווע און אויך נאָך דער מלחמה, ווען מיר האָבן אויסגעפונען אונדזער טראַגעדיע, האָבן מיר געהאָלפן לויט אונדזערע כוחות די אידישע אינסטיטו־ציעס וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט דער רעטונגס־אַרבעט פאַר דער שארית־הפליטה פון דעם אידישן פאָלק.

מיר מוזן אָבער אויסדריקן אונדזער אַנטוישונג און אומצופרידנקייט, וואָס אונדז איז דורך דער גאַנצער צייט נישט געלונגען צו אָרגאַניזירן אַלע אונדזערע גראַיעווער לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ און זיי צו פאַראינטערעסירן אין אונדזער טעטיקייט. מיר האָבן אָבער נאָך נישט אויפגעגעבן די האָפענונג דאָס צו דערגרייכן.

מיר באַגריסן אונדזערע גראַיעווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, אַלע טוער און מיטגלידער פון דעם גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט צו דער דערשיינונג פון דעם „גראַיעווער יזכור־בוך" — אַ נר־תמיד צום הייליקן אָנדענק פון די קדושים און מאַרטירער, אונדזערע אייגענע און ליבסטע פון אונדזער אַלטער היימשטאָט גראַיעווע.

מיר ווינטשן אייך, חשובע לאַנדסלייט פיל גליק. גייט אָן מיט אייער הומאַניטאַרער טעטיקייט און זאָלן געשטאַרקט ווערן אייערע הענט, איר זאָלט קאָנען טאָן אייער נאָבעלע אַרבעט צו העלפן פאַרזיכערן דאָס לעבן פון אונ־דזערע לעבן־געבליבענע לאַנדסלייט און פון אונדזער פאָלק ישראל אינעם לאַנד ישראל.

עם ישראל חי — דאָס אידישע פאָלק לעבט און וועט איבערלעבן אַלע שונאי ישראל!

# בריוו און דאָקומענטן פון גראַיעווע

**ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה און פאַר דעם**
**אומקום פון אונזער אידישער גראַיעווע.**

## אַ בריוו

**פון דעם גראַיעווער פאָלקס־קאָמיטעט צום הילפס־קאָמיטעט פון די**
**גראַיעווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק**

פריינט און באַקאַנטע !

געדירט פון הונגער, נויט און שווערע באַדינגונגען אַלס רעזולטאַט פון פאַרפאָלגונגען און ווירטשאַפטלעכער אויסראַטונג — דערוויסן מיר זיך, דאַס איר קומט מיט הילף פאַר דער פאַראָרעמטער אידישער באַפעלקערונג אין אייער היים־שטאָט גראַיעווע.

באַגריסנדיק אייער איניציאַטיוו און ברידערלעכע אָנשטרענגונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער הילפס־אַקציע וועלכע איר פירט איצט דורך צווישן אַלע אָרגאַניזאַציעס פון די גראַיעווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און אומ־געגנט, האַלטן מיר — פאָרטרעטער פון אַלע שיכטן פון אונדזער שטאָט וועלכע האָבן זיך קאָנסטיטואירט אין אַ פאָלקס־קאָמיטעט, — פאַר אונדזער מאָראַ־לישן חוב זיך צו מעלדן, פאַרענדיקן צוועקמעסיק די אַרבעט וועלכע איר האָט אָנגעהויבן.

די היגע קהילה־פאַרוואַלטונג איז לײדער נישט באַרופן דערצו. איר צוזאַמענשטעל איז אַזאַ, וועלכער איז אומפעאיק צו דערפילן זייערע פאַר־פליכטונגען לגבי דער אָרעמקייט און אירע נויטן. זייער צופעליקן אויסוואַל האָבן זיי צו פאַרדאַנקען נאָר צוליב דער דעדדריקטער שטימונג, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אונדזערע שווערע לעבנס־באַדינגונגען. די פאָלקס־מאַסן באַ־ציען זיך מיט אומצוטרוי צו די קהילה־פאַרזאָרגער.

דורכגעדרונגען מיט דער געהעריקער פאַרשטענדעניש פאַר דער נויטי־

קער געזעלשאַפטלעכער אָנשטרענגונג און זאָרג פון אונדזער היים־ברידער און שוועסטער פון יענער זייט ים — דריקן מיר אויס אונדזער ווילן — צו נעמען אויף זיך די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט דאָ, — פאַר פּראַקטישער און צוועק־מעסיקער דורכפירונג פון אייער אַרבעט ביזן סוף.

נישט אויסשליסנדיק דרינגנדיקע הילף דאָרט וואו עס איז אומבאַדינגט נויטיק (ווי עס זאָל נישט זיין, שטייט דער ווינטער ביי דער טיר) — מוז זייז די צענטראַלע זאָרג, אַז דאָס געלט זאָל פאַרווענדעט ווערן נישט אויף „קצבה" נאָר אויף קאָנסטרוקטיוו־פּראָדוקטיווע צוועקן.

דעריבער, דאַרף די ריכטליניע און גרונט־באַזע ביים באַשטימען פון דער הילף זיין — אויפבויען רואינירטע אַרבעטס וואַרשטאַטן פון בעלי־מלאכה און קליין־הענדלער, געבנדיק זיי דורך דעם, אַ מעגלעכקייט צו פאַר־דינען אויף דעם טאָג־טעגלעכן שטיקל ברויט.

עס וואָלטן אויך אַנטשטאַנען באַדערפענישן עפּעס צו לייסטן פאַרן קול־טורעלן געביט פון אונדזער שטאָט. עס זיינען פאַראַן אַ סך נויטווענדיקייטן אין דער ריכטונג, אָבער מיר מאַכן דאָס אָפּהענגיק פון דער גרויס און סיס־טעמאַטישקייט פון אייער הילף.

אָנמערקנדיק דעם צוועק און די פאָרם לויט וועלכער מיר ווען זיך ריכטן ביי דער פאַרנאַנדערטיילונג פון אייער שטיצע — נישט איגנאָרירנדיק אייערע וואונטשן און אָנווייזונגען — און אויף אַזעלכע וואַרטן מיר פון אייך צו באַקומען — האַלטן מיר, אונדזער חוב לגבי אונדזער נויטבאַדערפטיקער אַרבעטערשאַפט, הענדלער און אָרעמער באַפעלקערונג — פאַר דערפילט.

מיר וואַרטן אויף אייער צוטרוי צו אונדז!

אונדזער צייטווייליקער אַדרעס פאַר בריוו:

M. Stryjew, Grajewo, w. Pilsudskiego 72.

גראַיעווע, דעם 26־טן נאָוועמבער, 1937.

מיט אַכטונג און היים־גרוס:

קאָנסטיטואירטער פאָלקס־קאָמיטעט פון אַלע שיכטן
פון דער אידישער באַפעלקערונג אין גראַיעווע.

1) ד"ר אלי וואַסער — לאַנגיעריקער מיטגליד פון דער שטאָט פאַר־פאַרוואַלטונג אין גראַיעווע.
2) מאָטל סטריעוו — ראטמאַן פון שטאָט ראַט, פאָרשטייער פון דער אַרבעטערשאַפט.
3) ראיע ליינבערג — מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג געז. „פאַר יתומים פאַרזאָרגונג, קינדער פון יוגנט־שוץ „צענטאָס"".
4) הערשל קאָהן — פאָרשטייער פון דער גמילת חסד קאַסע.
5) אָשר רעכטמאַן — פאָרשטייער פון קאָאָפּעראַטיוון באַנק.

6) הינדע לייזערזאָן—פאַרשטייערין פון לינת־הצדק,
7) א. בארשצווסקי—פאַרשטייער פון דער אַרבעטערשאַפט.
8) א. ח. זיידענבערג — פאַרשטייער פון דער אַרבעטערשאַפט,
9) לייזער גרינשפאַן — פאַרשטייער פון האַנטווערקער,
10) יהושיע לייב קאנאפקא — פאַרשטייער פון האַנטווערקער,
11) קיווייקא, משה — פאַרשטייער פון קליינהענדלער,
12) סאמצעבער, יצחק — פאַרשטייער פון קליינהענדלער,
13) בייקאָווסקי, חנא — פאַרשטייער פון דער אַרבעטערשאַפט,
14) זאַקס, יצחק — געזעלשאַפטלעכער טוער,
15) זייפערט, יצחק — פאַרשטייער פון דער אָרעמער באַפעלקערונג.
16) ווילענסקי, ראובן — געזעלשאַפטלעכער טוער.

אַדרעס פאַר געלט : Bank Spoldzielczy Grajewo

# באַריכט

## קאָנסטיטואירטער קאָמיטעט פון אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין גראַיעווע

צום פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט אין ניו יאָרק.

באַריכט, וועלכער נעמט אַרום די פאַרטיילונג פון די 2־טע דערהאַלטענע $500 (פינף הונדערט) אין מאָנאַט אַפּריל 1938, פאַר אינדיווידועלע הילף, ווי אויך די לעצטע $200 (צוויי הונדערט) דערהאַלטענע אין מאָנאַט יוני, 1938 פאַר אָרגאַניזאַציעס.

חשובע פריינט!

דערמיט קוויטירן מיר אויפן גרונט פון ביילעגנדיקע קוויטונגען די באַקומענדע $500 פון וועלכער סומע זיינען פאַרוועגדט געוואָרן:

| | פוילישע גילדן | וואָס באַטרעפט |
|---|---|---|
| אויף „פסח־הילף" — — — — — — — | 1543 | $295 |
| אויף „שבועות־הילף" — — — — — — | 1060 | 203 |
| און דער רעשט פון — — — — — — | 12 | 2 |

שטעלט מיט זיך פאַר די קאָסטן פון פאָרטא און דרוק־זאַכן.

דער מאָדוס פון דער פאַרטיילונג איז אָנגעווענדעט געוואָרן לויט דעם פריערדיקן סיסטעם: אינדיווידועלע הילף פאַר נויט־ליידנדיקע, קלענערע סומען צווישן ברייטערע שיכטן. אין רעזולטאַט דערפון האָבן געגאַסן פון דער פסח־הילף אַקציע 214 און פון דער שבועות־הילף אַקציע 195 פּעטענטן.

מיר האָבן זיך אָבער אויך דערלויבט צו מאַכן געוויסע אויסנאַמען און פּאָזיטיוו זיינען געוואָרן באַהאַנדלט אייניקע ווענדונגען פון בעלי־מלאכות :

ווען שטיצע אויף צו פאַרריכטן זייערע געצייג (פאַרריכטן ניי מאַשינען א. ד. ג.ל.) מערק־הענדלער: וועגן אונטערשטיצונג צום גרינס־סעזאָן און עס האָבן אויך געמוזט ווערן גענומען אין אַכט דרינגנדיקע קראַנקייטן מיט גרע־סערע סומען אויף אָפּעראַציע צוועקן.

וואָס עס איז שייך אייער לעצטער אָנווייזונג, דאָס די דורך אונדז דער־האַלטענע 200$ פון דער פסח־פאַרטיילונג זאָלן ווערן איצט צעטיילט צו אָר־גאַניזאַציעס, איז לײדער דערגאַנגען צו שפּעט. אויף דעם גרונט פון אייער ענטפער אויף אונדזער פראַגע וועגן דעם ענין איז שוין די פאַרטײליקונג גע־ווען געמאַכט מיט איניקע טעג פריער, נאָך איידער אייער געענדערטער באַשלוס איז צו אונדז געקומען.

גלייכצייטיק באַשטעטיקן מיר דאָס דערהאַלטן פון די לעצטע 200$ (צוויי הונדערט) וועלכע זיינען אין הסכם מיט אייערע דירעקטיוון פאַרטיילט געוואָרן צו גראַיעווער אָרגאַניזאַציעס לויט פאָלגנדיקן אופן:

1. דער קהילה פאַרוואַלטונג — אויף צאַמען און פאַרריכטן דעם צאַם אויפן בית־עולם — איז צוגעטיילט געוואָרן — — 400 גילדן
2. דער לינת הצדק — אויף איינקויפן כלים און דרינגנדיקע הילף — 300 גילדן
3. דעם האַנטווערקער פאַראיין — אויף אונטערשטיצן אָרעמע האַנטווערקער ביים ערווערבן זיך רעכט אויף אַרבעט (געזעלן) און מייסטער דיפּלאָמען — — — — — — — — 165 גילדן
4. דעם „צענטאס" — הילף אויף צו פירן אַ זומער־קאָלאָניע פאַר די אָרעמסטע קראַנקע און שוואַכע קינדער אין שול־עלטער — — — — — — — — — — — — — — — 120 גילדן

די אויבן אויסגערעכנטע 4 אינסטיטוציעס איז דאָס געלט איבערגעגעבן געוואָרן, וואָס עס באַשטעטיקן די ביילייגנדיקע קוויטונגען פאַרזען מיט די געהעריקע אונטערשריפטן און שטעמפּל פון דער געגעבענער אינסטיטוציע. דאַקעגן, מאָטיווירנדיק וואָס די סומע איז צו קליין, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון קוויטירן:

1. דער גמילות־חסד פון בנימין קאָלקאָ — וועמען עס איז באַשטימט געוואָרן — — — — — — — — — — — — 30 גילדן
2. די גמילות־חסד קאַסע ביים קליינהענדלער־פאַראיין — — — 30 גילדן

אַזוי אַרום זיינען איבערגעבליבן ביז אייערע ווייטערדיקע אָנווייזונגען — די סומע פון 60 (זעכציק) גילדן.

גלייכצייטיק, האַלטן מיר פאַר נויטיק, אייך צו באַקענען מיט די מאָטיוון און מיינונגען פון אונדזער אָרטיקן פאַרטיילונגס־קאָמיטעט, ביים באַשטימען די הויך פון דער סומע פאַר די אַלע אויבן דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס.

פאַרוואָס דער קהילה — 400 גילדן? נאָכן אויספאָרשן דורך אַ מיטגליד

פון אונדזער קאָמיטעט צוזאַמען מיטן פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג דעם צושטאַנד פון דעם פאַרקאַן אַרום דעם בית־עלמין און באַ־קענענדיק זיך מיט די פרייזן פון בוי־מאַטעריאַל און אַרבעטס־הוצאות וואָס איז מיט דער אַרבעט פאַרבונדן; שטעלט פעסט דער קאָמיטעט דאָס די סומע פון 400 גילדן איז כמעט ווי גענוג אויף א) אויפשטעלן אַ צאַם פון בעטאָנענע בלאָקן אויף דעם טייל בית־עולם וואָס איז ביים היינטיקן טאָג אין גאַנצן נישט פאַרצאַמט. (דער טייל וואָס גרענעצט זיך מיט דעם בייעם מאַרק־פלאַץ (טאַרגאַוויקאַ) ווי אויך ב) פאַרריכטן און דערגענצן מיט שטיינער די צעשעדיקטע ערטער אין די איבעריקע דריי זייטן בית־עלמין.

איבערגעבנדיק די באַשטימטע סומע דער קהילה פאַרוואַלטונג, געפינט פאַר נויטיק דער קאָמיטעט אויפמערקזאַם צו מאַכן דער קהילה פאַרשטייערשאַפט דאָס די באַקומענע 400 זל. דאַרפן פאַרווענדעט ווערן אויסשליסלעך אויף צו ברענגען אין אָרדענונג דעם צאַם אַרום בית־עולם, אויסדריקנדיק דערביי אונדזער וואונטש דאָס אין די ראַמען פון מעגלעכקייטן זאָלן ווערן באַשעפטיקט אידישע אַרבעטער ווי אויך נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט זאָל ווערן איבערגעגליגט צום פאַראייניקטן גראַיעווער הילפס־קאָמיטעט אַ חשבון פון די אַלע קאָסטן. די קהילה דאַרף שוין באַלד צוטרעטן דורכצופירן די אַרבעט.

פאַרוואָס דעם לינת־הצדק — 300 גילדן? נעמענדיק אין אַכט, דאָס דער איינקויף פון כלים און אַנדערע הייל־פּרעפּעראַטן אויף אַ גרעסערער סומע, טאָרן נישט ווערן געמאַכט פאַר איין מאָל, צוליב דעם וואָס געוויסע אַרטיקלען ווי צ. ב. גומע — ווערט פאַרלעגן, און בלעך־זאַכן ווערן באַדעקט מיט ראָסט. אונטערשטיצט דער קאָמיטעט די מיינונג פון לינת־הצדק פאַרשטייער און קומט צום באַשלוס אַז צוועקמעסיקער איז איינצוקויפן פאַרלויפיק דאָס נויטיקסטע אויף אַ סומע נישט קנאַפּער ווי פאַר 150 גילדן און די איבעריקע 150 גילדן זאָלן ווערן פאַרווענדעט אויף דרינגנדיקע הילף אין קראַנקייטס־פאַלן, וועלכע דער לינת־הצדק איז אָפטמאָל נישט בכוח מיט אייגענע מיטלען אַנטקעגנצוקומען דעם קראַנקן אין דער געהעריקער הויך. ביים איבערגעבן דער פאַרוואַלטונג פון לינת־הצדק די באַשטימטע סומע, ווערט געמאָלדן דער דאָזיקער באַשלוס פאַרלייגנדיק אים אויסצופירן.

פאַרוואָס דעם האַנטווערקער־פאַרבאַנד — 165 גילדן? צוליב דעם וואָס מיטן סוף פון 1938 יאָר, ענדיקט זיך דער טערמין פון הנחה עקזאַמענס אויף צו באַקומען מייסטער און געזעלן צייגענישן אָן וועלכע מען פאַרלירט מיטן אָנהויב פון 1939 דאָס רעכט צו אַרבעטן, און אין אַכט נעמענדיק די אָרעמקייט וואָס הערשט צווישן דער האַנטווערקער־מאַסע און דאָס אין די באַדינגונגען קען קיין רייד נישט זיין, דאָס מיט אייגענע געלט מיטלען זאָל דער בעל־מלאכה־מענטש זיך דאָס קענען דערווערבן — געפינט אין דער קאָמי־

טעט פאַר נויטיק צו אַסיגנירן די אויבן דערמאָנטע סומע, וועלכע דאַרף פאַרווענדעט ווערן אויסשליסלעך אויף צו העלפן דעם אָרעמסטן בעל־מלאכה און געזעלן כדי צו זיכערן זייערע עקזיסטענץ מעגלעכקייטן.

פאַרוואָס דער „צענטאָס" געזעלשאַפט 120 גילדן? אָפּשאַצנדיק די וויכטיקייט פון איינאָרדענען דעם יתום און פאַרוואָרלאָזטן קינד אין אַ זומער־קאָלאָניע וואו אין די חדשים יולי און אויגוסט באַקומען 60 קינדער פון די אָרעמסטע קינדער פון אונדזער שטאָט בעסערע דערנערונג, אָטעמען איין פרישע לופט און פאַרברענגען אין געזאַנג און אין שפּילן זיך די פעריען צייט — האַלט דער קאָמיטעט פאַר נויטיק קומען צו הילף דער נויטיקער אינסטיטוציע מיט דער אויבן דערמאָנטער סומע וואָס באַטרעפט דעם ווערט פון 10 טאָגיקער באַשפּייזונג.

פאַרוואָס די ביידע גמילות־חסדים קאַסעס נישט מער ווי צו 30 גילדן? נישט איגנאָרירנדיק דעם געזעלשאַפטלעכן נוצן און ווערט פון די ביידע אינסטיטוציעס, באַטראַכט אָבער דער קאָמיטעט פאַר נישט דרינגנדיק נויטיק צו שטיצן פאַרלויפיק זיי, צוליב דעם וואָס עס לאָזט זיך נישט — ווען די סומע איז אַ קליינע, צו באַפרידיקן אַלע אָרגאַניזאַציעס אין זייערע נויטן. עס איז דעריבער די מיינונג פון קאָמיטעט, דאָס דער גמילות־חסד פון בנימין קאַלקאַ ווי אויך די גמילות־חסד קאַסע ביים קליינהענדלער פאַראיין זאָלן אָפּוואַרטן ביז דער נעקסטער שטיצע, און גלייכצייטיק און דאָס מאָל — צוליב האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט און קעגנזייטיקער אָנערקענונג — זאָל זיי ווערן צוגעטיילט דער איבערגעבליבענער רעשט פון די צוויי הונדערט דאָלער — די 60 גילדן.

דערמיט איז אויסגעשעפּט דער פינאַנציעלער באַריכט ביזן היינטיקן טאָג, איבערלאָזנדיק אין אונדזער באַזיץ די 60 גילדן. נאָכן פאַרטיילן זיי — אָפּהענגיק פון אייערע וויטערדיקע אינסטרוקציעס — וועלן מיר איבערשיקן דעקונג.

וואָס איז שייך די פראַגן, וועגן אַ קינאָ בילד פון גראַיעווע, לעצטע פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען ווי אויך אַרטיקלען פאַרן זשורנאַל וועלכן איר פּלאַנט אַרויסצוגעבן, מעלדן מיר אייך פאָלגענדעס:

נאָכן אויספאָרשן דעם ענין אין די געהעריקע קינאָ געזעלשאַפטן און דער היגער אויפזיכטס־מאַכט לאָזט זיך די זאַך ניט רעאַליזירן. 300 מעטער טאַשמע באַטרעפט אומגעפער 700 גילדן, טראָץ דעם ביי די נייע פאַרשריפטן פון גרענעץ פאַרקער, איז מעגלעך דאָס מען וועט אויך נישט באַקומען די געהעריקע דערלויבעניש פון דער מאַכט אויף דעם.

דאַקעגן פאָטאָגראַפישע בילדער פון דער לעצטער צייט וועלן מיר צושיקן אין אָנהויב אָקטאָבער צוזאַמען מיט אַרטיקלען וועגן סאָציאַל־עקאָנאָמישן, קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן מצב פון אונדזער גראַיעווע.

צו דעם צוועק איז צוזאַמענגערופן געוואָרן דורך אונדזער איצטיקן קאָמיטעט אַ באַראַטונג פון אַלע שרייבער־טאַלאַנטן אונדזערע און ביי 10 מאַן האָבן זיך פאַרפליכטעט וואָס אָנצושרייבן. ביזן 15־טן סעפּטעמבער מוז עס ווערן דערלידיקט.

אין דער האָפענונג דאָס איר וועט אונדז אַנטשולדיקן פאַרן לאָזן צו לאַנג וואַרטן אויף אונדזער באַריכט און ענטפער צייכענען מיר מיט גרוס:

קאָנסטיטואירטער קאָמיטעט פון אַלע שיכטן פון
דער אידישער באַפעלקערונג אין גראַיעווע.

גראַיעווע דעם 20־טן אויגוסט, 1938 סעקר. מאָטל סטריעוו.

ביילייגענדיק שיקן מיר איבער:

1) רשימה נומ. 1 פון דער פאַרטיילונג אויף פסח־הילף,
2) רשימה נומ. 2 פון דער פאַרטיילונג אויף שבועות־הילף,
3) רשימה נומ. 3 פון דער פאַרטיילונג פאַר אָרגאַניזאַציעס.
4) 214 קוויטונגען אונטערגעשריבענע דורך די מקבלים פון דער פסח שטיצע.
5) 195 קוויטונגען אונטערגעשריבענע פון דער שבועות־הילף.
6) 4 קוויטונגען מיט די אונטערשריפטן און אָרגאַניזאַציע שטעמפּלען וועלכע האָבן הילף דערהאַלטן.

סעקר. מאָטל סטריעוו.

# אַ הילפס־רוף

## פון דעם „ועד הקהלה העברית בגריבו" (אידישע קהלה־פאַרוואַלטונג אין גראַיעווע) צו דעם פאַראייניקטן גראַיעווער רעליף קאָמיטעט אין ניו־יאָרק

אין אונדזערע פריערדיקע בריוו האָבן מיר אייך שוין אייניקע מאָל צו־וויסן געגעבן, אַז די אָרטיקע מאַכט פאָדערט פון אונדז דורכצופירן אַ גרינד־לעכן רעמאָנט אין אַלע קהילהשע געביידעס און אינסטיטוציעס ווי: בית־עלמין, באָד, שחיטה־הויז, בתי־המדרש, תלמוד־תורה א. א. וו.

מיר האָבן דעמאָלט געבעטן, אַז מען זאָל אונדז צורו לאָזן ביזן פרילינג און האָבן דאָס געפועלט. עס איז אָבער דער ווינטער אַריבער און האַלט שוין ביים סוף פרילינג. היינט איז געקומען אַ קאָמיסיע מיט דער באַטייליקונג פון סטאַראָסטע און בורמייסטער און פאָדערן פון אונדז, אַז מיר זאָלן דעם געפאָדערטן רעמאָנט דורכפירן אין אַ צייט פון 2 וואָכן, אויב נישט וועלן זיי די אַלע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן שליסן.

דער רעמאָנט דאַרף קאָסטן פינף טויזנט זלאָטעס און די קהילה־קאַסע איז

פּוסט, נישטאָ אין איר קיין גראָשן. מיר האָבן אונדזערע באַאַמטע, וואָס זייער געהאַלט באַטרעפט גראָשנס, שוין אַ פּאָר חדשים קיין שכירות נישט געגעבן. פון די איבעריקע אינסטיטוציעס ווי תלמוד־תורה, לינת־הצדק, יתומים פאַר־זאָרגונג איז שוין אין גאַנצן אָפּגערעדט. זיי האָבן פון אונדז שוין לאַנג גאָר־נישט באַקומען. די לאַגע אין שטאָט איז ממש קאַטאַסטראָפאַל. די אָרעמקייט לאָזט זיך גאָרנישט ארויסצושרייבן. מיר קענען זיך קיין עצה נישט געבן. דער איינציקער וועג וואָס אונדז איז געבליבן איז זיך צו ווענדן צו אייך, ווייל לויט ווי אונדז איז באַוואוסט שאַצט איר אָפּ די וויכטיקייט פון דעם ענין אין אייער באַציאונג צו דעם איז אַ פּאָזיטיווע.

מיר ווענדן זיך צו אייך אין דער ענגער צייט און פאַר אונדז שווערער שעה מיט אַ הילפס־רוף, אַז איר זאָלט אייערע גוטע מחשבות און ווילן פאַר־וואַנדלען אין באַלדיקע מעשים און אונדז טעלעגראַפיש אַרויסשיקן אייער הילף כדי אונדזערע אינסטיטוציעס, ווי דער בית־עלמין, באָד, א. א. וו. זאָלן נישט געשלאָסן ווערן. ווייל עס איז קיין שום ספק נישט, אַז אויב מיר וועלן די רעמאַנטן נישט מאַכן וועט די מאַכט געוויס האַלטן וואָרט... און שליסן.

מיר גלויבן אין אייער ערנסטער באַציאונג צו דעם באַרירטן ענין און דערוואַרטן אייער באַלדיקע ברידערלעכע הילף און דאַנקען אייך אין פאָראויס.

מיט אַכטונג,

(זיגל) משרד הקהלה, גריבה.

פאָרזיצער נחמיי פיורקא

יעקב מלינארסקי

מ. טאקאַר

אפרים וואדאווסקי

שמואל בוראווסקי

סעקרעטאַר י. פאפאווסקי

# אַ בריוו פון גראַיעווער ישיבה „בית יוסף"

בע"ה, יום ט"ו לחודש סיון שנת תרצ"ט

צום זייער חשובן איבעראַל באַוואוסטן ה"ר מ"ר י. בלום נ"י

פרעזידענט פון גראיוער לאַנדסלייט, און פון דרוקער פאַראיין אין ניו יאָרק.

אַזוי ווי ס'געפינט זיך ביי אונדז אין גראַיעווע שוין קרוב 10 יאָר אַ ישיבה וואָס ס'לערנען אין איר איבער פופציק תלמידים כ"י, וועלכע ווערן אַנטוויקלט אין גייסטיקן געביט אויף גאָר אַ הויכן ניווא. דער גרעסטער טייל פון די תלמידים זיינען פון די וואָס ענדיקן די היגע תלמוד־תורה און ווילן פאָרזעצן זייער שטודיום ווייטער, ווערן אָנגענומען אין ישיבה און ווערן אויס־געהאַלטן צוליב זייער אָרימען צושטאַנד מיט עסן און טרינקען. זעלבסטפאַר־

שטענדלעך איז די הוצאה פון דעם זייער גרויס. און ביי איצטיקן קריזיס איז דער דעפיציט אַ קאַטאַסטראָפאַלער, נישט געפינענדיק קיין אויסוועג צו דערהאַלטן דעם הייליקן מוסד ווייטער.

פאַראַיאָרן בעת ס'איז אָנגעקומען פון אייך אַ בריוו מ'זאָל אייך צואוויסן געבן וועלכע אינסטיטוציעס ס'געפינען זיך אין גראַיעווע און נויטיקן זיך אין הילף, האָט דער היגער קאָמיטעט נישט געוואָלט אַריינשטעלן צווישן די אי־בעריקע אינסטיטוציעס די היגע ישיבה, און אויך נישט די היגע תלמוד־תורה, ווייל דאָס זיינען רעליגיעזע אינסטיטוציעס. ס'האָט נישט געהאָלפן די פראָ־טעסטן פון די עטלעכע רעליגיעזע פאָרשטייער, אַז אונדזערע ברידער אין אַמעריקע גיבן זייערע שפענדונגען אויך פאַר רעליגיעזע צוועקן. און צוליב דער מערהייט קעגנערשאַפט זיינען די צוויי אינסטיטוציעס אָפּגעוואָרפן געוואָרן. היינטיקס יאָר האָט שוין אויך די היגע תלמוד תורה אַ דאַנק אייער אינטער־ווענץ באַקומען אַ געהעריקע סומע. אַזוי אַרום איז די איינציקע גרויסע אוני־ווערסיטעט פון תורה, די ישיבה הק' געבליבן פאַרשעמט און עקאָנאָמיש געדריקט קעגן אַלע אַן אויסנאַם אינסטיטוציעס וואָס געפינען זיך ביי אונדז אין שטאָט. כאָטש עס לערנען אין איר בלויז אָרימע און זייער געדריקטע תלמידים וואָס ווערן געשטיצט פיל דורך דער ישיבה. און וואָס אויך אַ דאַנק דער ישיבה עקזיסטירט די תלמוד־תורה, וואָס די קינדער זעען פאַר זיך אַ צוקונפט נאָכן ענדיקן די ת"ת.



אַ גרופּע תלמידים פון דער ישיבה „בית יוסף"

דערום ווענדן מיר זיך צו אייך און בעטן אַז אי״ה אויפן צווייטן מאָל, נעמען אין אַכט אונדזער הייליקע ישיבה און פאַרדעכענען איר צוגלייך מיט די איבעריקע אינסטיטוציעס און סובסידירן אויך אַ שטיצע פאַר דער ישיבה, כדי מיר זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן דורך שפייזן אונדזערע תלמדים לכה״פ מיט לחם צר ומים לחץ. מיר דינען איבערצייגט, אַז גע־וויס וועט איר אונדזער ביטע דערפילן, ווייל די עוולה וואָס ס׳איז באַגאַנגען געוואָרן איז נישט געווען די שולד אין אייך. ווייל איר האָט נישט געוואוסט וועגן דעם. ווינטשן מיר אייך מיט כל טוב ותצליחו בכל אשר תפנו ותזכו לראות בנחמת ישראל בקרוב בקבץ פאר ישראל על הרי ציון וירושלים הכ׳ למען כבוד התורה ולומדי׳ ומחזיקי׳ בעה״ח יום הנ״ל הראש מתיבתא ומנהל דהישבה הק׳ דגראַיעווע.

הישיבה ה״ק „בית יוסף״, גראַיעווע.

נאום אברהם בכרך

נאום אלטער צוקערט

נאום זייצקי שו״ב

נאום יעקב וואדאווסקי

נאום משה מנחם מישקאווסקי

שו״ב דפה

נאום שמואל ליפשיץ,

נאום שלום זיידענבערג.

## אַן אַפּיל

### פון דעם גראַיעווער „צענטאס״

גראַיעווע, 25, אויגוסט, 1938.

צו די גראַיעווער לאַנדסלייט אונדזערע ברידער אין אַמעריקע!

די פאַרוואַלטונג פון „צענטאס״, די אינסטיטוציע פאַר פאַרזאָרגונג פון יתומים און פאַרלאָזענע קינדער אין גראַיעווע ווענדעט זיך צו אייך מיט פאָלגנדיקען הילף־רוף.

שוין דריי יאָר עקזיסטירט אין אונדזער שטאָט אַ האַלב־אינטערנאַט פאַר יתומים און פאַרלאָזענע קינדער. ביי איצטיקן טאָג געפינען זיך אין האַלב־אינטערנאַט 32 קינדער, מיידלעך און יינגלעך, וועלכע באַקומען דאָרט עסן, קליידונג, מיטלען צום לערנען ווי אויך מעדיצינישע הילף.

אויסער דעם פירן מיר דורך אין די צוויי מאָנאַט שול־פאַראיין אַ האַלב־קאָלאָניע פאַר 120 קינדער די אָרימסטע, וועלכע רוען אָפּ פיזיש און גייס־

טיק, פאַרגעסנדיק כאָטש אויף אַ קורצע צייט די נויט און פינצטערניש אין זייערע הייזער.

די הויפּט אויפגאַבע פון אונדזער אינסטיטוציע איז מאַכן פון די קינדער, וועלכע געפינען זיך אין האַלב־אינטערנאַט, אין דער צוקונפט פּראָדוקטיווע זעלבסטשטענדיקע מענטשן, דאָס הייסט נאָך ענדיקן די שול, לערנען זיי פאַכן און אַזוי אַרום אַרויסרייסן זיי פון דער סביבה, וועלכע וואָלט פון זיי זיכער געמאַכט אייביקע שנאָרערס.

די ערשטע צייט זיינען מיר געווען אומשטאַנד אויסצוהאַלטן דעם האַלב־אינטערנאַט מיט אייגענע מיטלען, נאָר צוליב דער אַלע מאָל גרעסערער נויט און שווערער, זאָגאַר קאַטאַסטראָפאַלער עקאָנאָמישער לאַגע פון אידן אין פוילן און אין אונזער שטאָט בפרט, איז אונדז וואָס ווייטער שווערער געוואָרן צו פירן די אַזוי וויכטיקע אינסטיטוציע. זייט אַ יאָר אַרבעטן מיר מיט אַ גרויסן דעפיציט. ביי איצטיקן טאָג איז די לאַגע אַזאַ, אַז אויב מיר וועלן נישט באַקומען קיין מאַטעריעלע הילף פון אונדזערע ברידער פון אויסלאַנד, וועלן מיר זיין געצוואונגען צו שליסן די וואַרימע היים פאַר די אומגליקלעכע עלנטע קינדער.

מיר אַפּעלירן און בעטן אייך, העלפט אונדז פּראָדוקטיוויזירן די קינדער פון די אָרימע מאַסן, ווייל נאָר אַ דאַנק אייער הילף וועלן מיר נישט זיין געצוויט זיי צו שטויסן אין זומפּ פון וועלכן מיר האָבן זיי מיט דריי יאָר צוריק אַרויסגעשלעפּט.

מיר בעטן אייך, איילט מיט אייער הילף, ווייל דער האַרבסט קומט אָן און די קינדער האָבן נישט קיין שיך און וואַרימע קליידער.

מיר האָפן אַז אונדזער הילף־רוף וועט געפינען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג ביי אייך, און אָפּשאַצנדיק די וויכטיקייט פון אונדזער אינסטיטוציע, וועט איר גלייך צוטרעטן דורכצופירן אַ זאַמל־אַקציע פאַר אונדז.

אייער הילף איז דרינגנדיק נויטיק.

גלייכצייטיק באַשטעטיקן מיר דאָס דערהאַלטן פון 120 זל. פאַר וועלכע מיר דריקן אויס אַ הייסן דאַנק אין נאָמען פון די 32 קינדער.

מיט אַכטונג,

פּרעזעס : נ. וואַססער.

סעקרעטאַר, עפּשטיין,

נ. ב. — געלט ביטע צו שיקן אויפן נאָמען פון אונדזער פּרעזעס :

WMP. N. WASSER

Grajewo, Pilsudskiego 19

י. מ. פראמער

# אַ באַזוך אין „צענטאָס"

אין דרויסן האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט און מענטשן זיינען ממש געלאָפן פונקט ווי דער ווינט וואָלט זיי געיאָגט. כ'בין שנעל דורכגעלאָפן עטלעכע קליינע געסלעך און אַריין אינעם ווייסן הויז פון „צענטאָס". אַ קוק מיט 3 צימערן. ריין און דער עיקר וואַרעם. אַן אנגענעמע וואַרעמקייט האָט אַ שלאָג געטאָן מיר אין פנים אַריין און 30 פּאָר שיינע, קינדערשע אויגן האָבן גענומען נייגעריק מיר באַטראַכטן פון אַלע זייטן. כ'בין אַריין אין ערשטן צימער, באַגריסט די לערערין מיט די קינדער, אויסגעטאָן דעם מאַנטל און געזעצט זיך צום טיש גלייך מיט אַלע. געוואָלט זיך פילן היימיש, אַזוי ווי די קינדער פילן זיך דאָ.

ביי דריי לאַנגע טישן זיינען געזעסן 30 קינדער: 15 אינגלעך און 15 מיידלעך, אַלע פון 14—6 יאָר אַלט, און האָבן געגרייט די לעקציעס אויף מאָרגן. כ'בין צוגעגאַנגען צו מיינע אַלטע באַקאַנטע (די שילער פון אונדזער „תרבות"־שולע) און באַטראַכט זייערע אויפגאַבן. דאָ פילן זיי זיך עטוואָס פרייער ווי אין שולע. דאָרט זיינען זיי שטילע, האַלטן זיך צוזאַמען, זיצן צוזאַמען און שלאָגן זיך קיינמאָל נישט. לערנען גאַנץ גוט און אַרבעטן פלייסיק. איך האָב פאַרפירט אַ געשפּרעך אין וועלכן כ'האָב זיך באַמיט אַריינצוציען אויך אַנדערע קינדער און איבערהויפּט די קליינינקע. זיי ענטפערן דרייסט אויף אַלע פראַגן, און אָבסערווירן וואָס פאַר אַ רושם עס מאַכט אויף מיר. זיי זאָגן — מיר פילן זיך דאָ זייער גוט און מיר זיינען צופרידן. 7 אזייגער אינדערפרי קומען מיר עסן און פונדאַנען גייען מיר אין שולע. 2 אַזייגער קומען מיר אויף מיטאָג און דערנאָך בלייבן מיר דאָ ביז 7 אין אָוונט, ווען מיר עסן אָוונטברויט און מיר גייען אַהיים שלאָפן. עס גלוסט זיך אַפילו נישט גיין פונדאַנען, ווייל אין שטוב איז דאָך קאַלט, פינצטער און אומעטיק. דאָ האָבן מיר חברים, חברות, דאָ איז אַזוי וואַרעם און ליכטיק... נאָך מיטאָג גרייטן מיר די לעקציעס און מיר שפּילן אין אַלערליי שפּילן.

ביים וואַנט שטייט אַ שאַפע. דאָ ליגט וואַרעמע וועש. עס איז קאַלט געוואָרן, טיילט מען היינט ריינע, אויסגעוואַשענע, אויסגעפּרעסטע ווינטער־וועש. אַ טייל באַקומען שיך, קאַלאָשן און אַפילו ווינטער־מאַנטלען מיט פוטערנע קעלנערלעך. אַלע טראָגן שווערע ווינטער־היטלען מיט קלאַפּעס צו פאַרדעקן די אויערן. חיים נעמט אַרויס פון טיש קליינינקע, קאָלירטע חנוכה־ליכטלעך און ער בענטשט הויך חנוכה־ליכט. אַלע קינדער ענטפערן מיט אַ געזאַנג א־מ־ן!

זיי ווילן עפּעס זינגען, דעקלאַמירן דער לערער (איך) זאָל הערן. — ביטע זייער. הערשל דעקלאַמירט זלמן רייזענס אַ ליד. אַ פיינע אויסשפּראַך, הויך, מוטיק און אַלע קלאַפּן בראַוואָ. שרהלע זינגט אַן אומעטיק אידיש פאָלקס־לידל. די מעלאָדיע צוגיסט זיך איבערן צימער, די שיינע קינדער שטימע וויגט זיך און וויגט זיך, אַלע כאַפּן אונטער דעם פריילעכן רעפריין און דער גאַנצער צימער זינגט. עס זינגען די פּאָרטרעטן און בילדער אויף די ווענט, עס זינגען די גרויסע היגיענע־אויפשריפטן אויף די ווענט, די ביכער מיט די קאָעטן זינגען און איבער אַלעמען רייסט זיך דורך שרהלעס שטימעלע. דער־נאָך לידער און דעקלאַמאַציעס: אידישע, העברעאישע, פּוילישע און צום סוף אַ שטאַרקער מאַרש — דער קאָלאָניע הימן, פול מיט ליכט, זון, לופט און וואַסער...

— אויף די זומער קאָלאָניע איז אונדזער משפּחה אַ גרעסערע — זאָגט משה. — מער ווי 100 קינדער נעמען אין איר אָנטייל. דאָרטן איז לעבעדיק, פריילעך, גוט. אָבער אַז עס ענדיקט זיך די קאָלאָניע און אַ טייל גייט פון אונדז אַוועק, זיינען זיי אונדז מקנא, ווייל מיר בלייבן דאָ אויך ווינטער. מ'זאָגט זיי צו אַז מ'וועט פאַרגרעסערן דעם אינטערנאַט אבער... איך גיי אַריין אין צווייטן צימער און פרעג אַ מיטגלידערין פון פאַרוואַלטונג פאַרוואָס זיינען זיי נישט מקיים וואָס זיי זאָגן צו.

— איר דאַרפט וויסן, אַז אויך די דרייסיק קינדער איז אונדז זייער שווער אויסצוהאַלטן. די שטאָט דעקט קוים 25 פּראָצענט פון בודזשעט, 50 פּראָצענט שיקט די צענטראַלע פון „צענטאָס" און די רעשט בלייבן חובות, וועלכע מען דעקט מיט וועקסלען, וועלכע טוישן זיך אַלעמאָל, אָבער פאַר־קלענערן די צאָל קינדער האָבן מיר קיין מוט נישט.

— ווי לאַנג עקזיסטירט שוין דער דאָזיקער אינטערנאַט?

— דריי יאָר. צווישן די קינדער זיינען געווען עטלעכע פּסיכיש אָפּגע־שטאַנענע. מיר האָבן זיי פון אונטער די בעטן אַרויסגעצויגן, ווי ווילדע קעץ זיינען זיי דאָרט געלעגן. אָט דאָס מיידעלע, האָט דאָך נישט געקאָנט רעדן אַפילו, כאָטש זי איז שוין אַלט געווען 5 יאָר. היינט לערנט זי אין צווייטן קלאַס, שרייבט, לייענט און זינגט אַפילו.

— וואָס ווערט מיט די קינדער וואָס פאַרלאָזן דעם אינטערנאַט?

— מיר באַמיען זיך איינאָרדענען זיי אין פאַך־שולן, אָבער עס קומט אונדז אָן זייער שווער, ווייל דאָס קאָסט זייער אַ סך געלט. דאָ אין גראַיעווע איז דאָך קיין פאַך־שולע נישטאָ, מוזן מיר זיי שיקן אין ביאַליסטאָק.

— צי זיינען נאָך דאָ אַ סך קאַנדידאַטן וואָס ווילן אָנקומען אין אינ־טערנאַט?

— מען רייסט פשוט אָפּ די טירן. גראַיעווע איז לעצטנס שטאַרק פאַר־אָרימט געוואָרן, די צאָל אָרימע קינדער וואַקסט און וואַקסט און מיר שטייען

מאַכטלאָז. ווען מיר זאָלן כאָטש קענען איינאָרדענען דאָ נאָך אַ 20 קינדער — זיפצט די פרוי פון פאַרוואַלטונג. איך רייס איבער דעם טרויערדיקן געשפרעך און גיי אַריין צוריק צו זיי. מען עסט געשמאַק און די פּנימער זיינען פריי־לעכע, יום־טובדיקע. איך רוק זיך צו דירעקט צום טאַפל און לייען איבער די רובריק „וואָס איז היינט אויף מיטאָג" : „זופּ, קאַשע מיט פלייש"... ס'איז באמת צו באַוואונדערן דאָס ביי די היינטיקע פּרייזן פון פלייש, זאָגט מען זיך נישט אָפּ פון געבן די קינדער כאָטש עטלעכע מאָל אין דער וואָך פלייש. איך האָב געהערט אין שטאָט, אַז די פאַרוואַלטונג אַרבעט מיט ענערגיע און מיה און עס גלוסט זיך מיר צוגיין און אין נאָמען פון די קינדער דאַנקען זיי, און בעטן, אין נאָמען פון די קינדער וואָס וואַרטן, אַז מען זאָל זיי נאָך אָננעמען.

די קאָלאָדיע איז געענדיקט. נאָך עטלעכע לידער. און פּויל אָן חשק, הויבן די קינדער אָן אָנטאָן זיך. אין קיך וואַרטן עטלעכע טאַטעס אָדער מאַמעס, וועלכע זיינען געקומען אָפּנעמען די קליינע. אָרימע אַרבעטער וואָס אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי זיך געמאַטערט און געהאָרעוועט. איצט שטייען זיי און קוקן ווי פאַרכישופט אין די קליינע פּנימלעך פון זייערע ריינע, זאַטע קינדער. מיר גייען אַלע צוזאַמען. דער שניי סקריפּעט אונטער די פיס. די קינדער גייען שנעל, צוגייען זיך אין אַנדערע קליינע געסלעך און מיך באַגלייט נאָר די אומעטיקע מעלאָדיע פון שרהלעס פאָלקס־לידל און עס קלינגט, קלינגט אין די קאַלטע אויערן.



**די פאַרוואַלטונג פון דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק**

פון רעכטס צו לינקס (זיצנדיק) : **יהודה ראָזענבוים, רבקה קאַימאַן, חנה ביקאָווסקי ;**
(שטייענדיק) **אברהם נעוואַדאָווסקי, אברהם ווייגראָוו, פּערל קאַמינסקי.**

# From AMERICAN JOINT DISTRIBUTION COMMITTEE, WARSAW

Warsaw, October 21st, 1938

American Joint Distribution Committee
Paris

Dear Sirs:

"The town of Grajewo numbers about 9,000 inhabitants in this 2,500 Jews (i.e. above 500 families.) Jews are mostly engaged in small trade and crafts.

The local G. Ch. Kassa was established in 1927 and has actually 252 members. The Board consists of the following 9 persons: 1. B. Kolko, Chairman, 2. H. Kohn, Secretary, 3. A. Abedinski, 4. S. Gurowski, 5. M. Wapinski, 6. B. Zilberman, 7. I. Tenenbaum, 8. I. Zakrzewski, 9. A. Liner. The Auditing Committee consists of 1. Tikocki, 2. N. Piurko and 3. I. Popowski.

As regards the actual status of the Kassa, it can be inferred from its balance-sheet on April 1st, c.y.:

The number of loans granted during the period under review was 640. On the whole the Kassa shows an intensive activity. This can be seen also from the following statement of returns:

| | | |
|---|---|---|
| Working capital | Zlotys | 18.581,06- |
| Own capital | " | 7.355,56- |
| Credits from J.D.C. | " | 10.125,50- |
| Loans granted during 1 year | " | 46.425,00- |
| Loans repaid druing 1 year | " | 45.498,00- |
| Local income during 1 year | " | 1.223,95- |
| Admin. expens. during 1 year | " | 1.002,01 |

In 1936 there were granted 690 loans totalling zł.49.417-
In 1937 there were granted 699 loans totalling zł 51.077-
The Kassa distributes credit to about 300 customers.
The number of members of the Kassa is 57 customers.

ח. אנטשקאָווסקי *)

# גראַיעווער אידן אין ארץ־ישראל

לזכר עולם: פון מיין יונג־פאַרשטאָרבענער מוטער רייזל, פון צו הויז יאַנושעווסקי (געשט. אין גראַיעווע, י״ב אדר ב׳, 1927, און אויפן אומבאַוואוסטן קבר פון מיין פאָטער אברהם, מיינע שוועסטערס: רבקה גאָרטשיצקי, שיינע, מיין ברודער לוי — זכרונם לברכה.

ביי אַ גרענעץ, ביי אַ טראַקט. דאָס שטעטל איז קליין און די „גרויסע וועלט" ליגט אַזוי נאָענט. 3—2 קילאָמעטער און דו ביסט אין אויסלאַנד. גענוג דורכשפּאַצירן דאָס באַגושער וועלדל, אָדער דורכשווימען דעם ניע־רוטשער טייך און עס עפנט זיך די גרויסע וועלט, און זי לאָקט און רופט... איז דער גראַיעווער איד וועלטלעכער, אונטערנעמערישער ווי פון אַנדערע שטעטלעך. מען איז אויסגעפאָרן אַ וולט. שמוגלערס דזשעקטשאַרעס וועלכע פליען אויספאָרן גאַנץ דייטשלאַנד, גענדז־הענדלערס, וועלכע פלעגן טרייבן די גענדז פון טיף רוסלאַנד אַזש ביז קעניגסבערג, פערד־הענדלער און אַנדערע.

נייע קולטורעלע און סאָציאַלע שטרעמונגען אין אידישן לעבן געפינען דאָ, אין דער קליינער גרענעץ־שטאָט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג. דורך גראַיעווע שוואַרצן דעם גרענעץ אַנטלאָפּענע — פון צאַרישע טורמעס — רעוואָלוציאָנערן

*) חיים רשף אַנטשקאָווסקי איז אַן אבוטוריענט פון דער העברעאישער „תרבות"־גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק און שפּעטער פון דעם אגראנאָמישן פאַקולטעט אין אַ טשע־כאָסלאָוואַקישער אוניווערזיטעט. איז אַ מיטגליד פון קיבוץ „כפר־מנחם" אין ישראל און איז טעטיק אין דער באַוועגונג פון „השומר הצעיר." האָט פאַרעפנטלעכט אַ צאָל קורצע דערציילונגען אין די זשורנאַלן „השומר הצעיר" און „משמר." ער גרייט איצט צו צום דרוק אַ זאַמלונג פון העברעאישע דערציילונגען. — רעד.

און פון אויסלאַנד קומט אָן דורך דאָגען פאַרבאָטענע ליטעראַטור, געשריבן אויף פאַפּיראָס־פאַפּיר. עטלעכע און דרייסיק קילאָמעטער פון גראַיעווע, אין ליק גייט אַרויס דער העברעאישער „המגיד" פון דוד גאָרדאָן. אין גראַיעווע זיצט דער באַוואוסטער מדקדק און שריפטשטעלער, ר' אברהם מרדכי פיורקא און איז מרביץ תורה ברבים. ער שרייבט און גיט אַרויס דעם ערשטן קינדער־זשורנאַל אין העברעאיש: „גן שעשועים"; די ערשטע העברעאישע יוגנט־צייטונג: „לבני הנעורים". ער באַווירקט זייער שטאַרק די גראַיעווער יוגנט בכיוון חבת ציון. ביי געפּאַקטע, האַלב טונקעלע (קיין בייז אויג פון אגאַר־אָוואַי זאָל נישט שאַטן!...) אין בתי־מדרשים שטייען מטיפים און דערציילן וועגן אויסגעבענקטן לאַנד, וואָס וואַרט אויף אויסלייזונג. צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס שיקט גראַיעווע אַ דעלעגאַט — ר' חיים־יצחק ראַווידאָוויטש, וועלכער פאָרט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה קיין ארץ־ישראל און איז מקיים די מצווה פון בנין הארץ מיט לייב און לעבן. ווערט אַ מיטגליד און מיטבויער פון מושב מרחביה. (זיינער אַ זון איז איינער פון די גרינדער פון ניי באַר טוביה.)

אין די ערשטע יאָרן פון 20 יאָרהונדערט איז שוין דאַ אין גראַיעווע אַ שטאַרקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, איבערהויפּט אַ פועלי־ציוניסטישע. דער ערשטער פון גראַיעווע וועלכער פאָרט קיין ארץ־ישראל נישט צום באַוויינען די חורבות, נאָר אָנהויבן אַ ניי לעבן איז ר' יהודה־אשר אַנטשקאָווסקיס זון, ישראל קלמן. געטריבן פון גאולה־חלום, פאַרלאָזט ער באַלד נאָך זיין חתונה זיין פרוי און פאָרט אַוועק. ער אַרבעט אַלס פעלד־אַרבעטער, סטאָליאַר. אַ צייט איז ער לערער פאַר האַנט־אַרבעט אין דער גימנאַזיע „הרצליה"; מיט־גרינדער און מיטאַרבעטער פון דער ערשטער פאַך־צייטונג אין העברעאיש: „הנגר". איינער פון די בויערס פון כפר סבא, וואו ער לערנט און אַרבעט ביז איצט. אין יענער צייט פאָרן אויך בלייבערגס טעכטער, וועלכע באַזעצן זיך אין רחובות, כרמין דעם מלמדס זון, וועלכער איז היינט אַ באַוואוסטער וויסנשאַפטלער אויפן געביט פון זאָאָלאָגיע, באָטאַניק און ביאָלאָגיע, לערער, שריפטשטעלער, גרינדער און פירער פון די „אומאָפּהענגיקע לאַבאָראַטאָריעס פאַר ביאָלאָגיע". טעפּעראָוויטש — אַ בוי־אונטערנעמער. מנשה פּורמאַן, וועלכער ווערט שפּעטער איינער פון די טעטיקסטע בויער פון קופּת חולים, אָרגאַניזאַטאָר פון די אַפּטייקן — אַליין אַ באַוואוסטער פאַרמאַצעווט. עס פאָרן נאָך אייניקע גראַיעווער פאַמיליעס ,אָבער דער שטראָם איז נישט קיין גרויסער.

די ערשטע וועלט־מלחמה צעשטערט און רואינירט דיווירטשאַפטלעכע לאַגע פון גראַיעווער אידן. דאָס גרויסע הינטערלאַנד פון רוסלאַנד איז שוין מער נישטאָ. די גרענעצן זיינען געשלאָסן. דורך פאַרשידענע וועגן רייסן זיך יוגנטלעכע אַרויס און גייען קיין ארץ־ישראל. דורך ליטע קומט יוסף

קאַרנעצקי (דעם משגיחס) היינט יוסף קרני — אַ הויכער אָנגעשטעלטער ביים וועד לאומי, די אָנפירנדיקע קערפערשאַפט פון אידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

דורך דייטשלאַנד קומט לייב גאָלדשטיין, וועלכער — אַלס ערשטער סעקרעטאַר — העלפט ער אָרגאַניזירן דעם ערשטן העברעאישן אוניווערזיטעט אויף דער וועלט. ער ווערט באַרימט אַלס שריפטשטעלער אויף פאַרשידענע געביטן פון ליטעראַטור. אין איניקע פון זיינע צאָלרייכע ווערק שפיגלט ער אָפּ קינסטלעריש און מיט ליבע דאָס גראַיעווער לעבן פון פאַר דער מלחמה. ביסלעכוויז ווערט די גראַיעווער קאָלאָניע אין ארץ־ישראל גרעסער.

אין דער נייער פוילישער מדינה, נאָך דער מלחמה, — דערמוטיקט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, צעוואַקסט זיך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין גראַיעווע. עס אַנטשטייען יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „החלוץ" און „השומר־הצעיר", וועלכע זיינען בשטאַנדטיילן פון דער פוילישער און אַלוועלטלעכער אידיש־נאַציאָנאַלער יוגנט־באַוועגונג. שפּעטער ווערט אויך אָרגאַניזירט אין גראַיעווע די „פרייהייט", אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע ביי די רעכטע פועלי ציון. דאָס אַלץ באַאיינפלוסט דעם לעבנסוועג פון דער גראַיעווער יוגנט. דער „החלוץ" שיקט זיינע מיטגלידער אויף הכשרות, אויף ערד־אַרבעט (ביי אביעדזינסקין אין דאָרף פּאַפּאַווע) זיך גרייטן צום ארץ־ישראל לעבען. די עליה פון גראַיעווע ווערט גרעסער.

מיט דער אַזוי גערופענער 4־טער עליה (יאָרן 25־1927) ווען די גרויסן פון דער אויפלעבנדיקער ארץ־ישראל און זיך בויענדיקע תל־אביב זיינען זייער וואַרעמע, פאָרן אַריבער אַהין גאַנצע גראַיעווער פאַמיליעס. צ. ב.: ראַדאַם, אַבראַמסקי, בוקאָווסקי, יהודה־אשר אַנטשקאָווסקי, זיין אידעם ר' יצחק־משה ברוסטין, וועלכער ווערט נאָכהער באַקאַנט אין פּתח־תקוה אַלס דער גראַיעווער רב, און פיל, פיל אַנדערע. אַלע צייכענען זיך אויס מיט זייער מוט, אונטערנעמערישן גייסט, התלהבות און מסירות — אַ ביישטייער צום אויפבוי פון אידישן היימלאַנד.

ראַדאַם בויט אויס אַן אייז־פאַבריק, רפאל אַבראַמסקי — אַ בוי־אונטערנעמער פון גאָר גרויסן מאַסשטאַב. ער בויט הייזער, קעמפּס, פליפעלדער, א. א. וו.

פון די ערשטע גראַיעווער חלוצים איז ווערט צו דערמאָנען: אריה (לייבטשאַק) עלקאָן, וועלכער איז אַ מיטבויער פון עין חרוד. ער פאַלט אַלס העלדישער פרייהייטס קעמפער אויף די הועסקאַ פעלדער אין שפאַנישן ביר־גער־קריג אין 1937.

פאַמיליעס שיקן זייערע קינדער קיין ארץ־ישראל, צוזוגרייטן דעם באָדן פאַר זיי אַליין. אין די לעצטע צוואַנציקער יאָרן ווערט די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די אידן אין פוילן, איבערהויפּט אין אַזאַ שטעטל ווי גראַיעווע, ערגער. עס ווערן אַריינגעשיקט אין גראַיעווע פוילישע בעלי־מלאכות, פוי־

לישע קרעמער וועלכע שטופּן אַרויס דעם אידן — מיט דער שטילער הילף פון דער רעגירונג (דורך געבן הלוואות, פּרעמיעס, הויכע שטייערן אויפן איידישן סוחר א. א. וו.) די אידישע קרעמלעך אויפן גראַיעווער מאַרק פּוסטעווען. יוגנטלעכע זוכן זיך אַרויסצורייסן פון דעם האָפענונגסלאָזן, קליין שטעטלדיקן לעבן.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און אַלע אירע שאַטירונגען פאַרגרעסערן און פאַרברייטערן זייער אַרבעט. די חלוצישע טעטיקייט צעוואַקסט זיך. גראַיעווער יוגנט פּאַרט אויף הכשרות זיך גרייטן צו דער גרויסער אויפגאַבע: בנין הארץ. אָבער די טויערן פון אויסגעבענקטן לאַנד זיינען געשלאָסן. ערשט אין די יאָרן 1932־33 און איבערהויפּט 1936־34 הויבט זיך אָן אַ מאַסן עליה פון גראַיעווער יוגנט. די האָפענונג אויף אַ ניי לעבן, איז גרויס. דער ווילן צום פאַרווירקלעכן דעם חלום פון דורות איז שטאַרק. דאָס אַלטע היימלאַנד רופט און די גראַיעווער יוגנט — אַזוי ווי די יוגנט פון אַלע פּוילישע שטעט אָן שטעטלעך רייסט זיך קיין ארץ־ישראל. מ'פאָרט דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, מיט און אָן סערטיפיקאַטן, לעגאַל און נישט לעגאַל, אַלס סטו־דענטן, אַלס טוריסטן א. א. וו. גראַיעווער יונגעלייט און גאַנצע פאַמיליעס צעשפּרייטן זיך איבערן גאַנצן לאַנד.

איר טרעפט זיי ביים אַקערן אויף די פעלדער פון עמק און גליל, אויף די בוי־רישטאוואַניעס פון תל־אָביב אָדער חיפה. זיי זיינען דאָ אין דאָרף און אין שטאָט, צווישן די גרינדער און בויער פון נייע ישובים און קבוצים אין נגב אָדער גליל, אין די ערשטע רייען פון פון די קאַמפס־גרופּן פון דער הגנה.

אין חיפה איז דאָ אַ גאַנץ גרויסע גראַיעווער קאָלאָניע. אויף ימים טובים קומט מען זיך צונויף — נישט נאָר חיפה'ר, נאָר אויך פון אַנדערע שטעט און קבוצים — ביים גוט באַקאַנטן גראַיעווער לערער, גרינדער פון „תרבות" שולע, באַוואוסטער ציוניסטישער טוער ר' אלימלך פאַמעראַנץ. מ'פּראַוועט אַ יום־טוב'דיקע סעודה און מ'דערמאָנט זיך וועגן דעם שטעטל גראַיעווע און איר לעבן.

יעדער איינער פון די גראַיעווער אין מדינת ישראל גיט לויט זיינע פעאיקייטן און מעגלעכקייטן אַ ביישטייערער צום אויפבוי פון לאַנד. גרויסע געשעפטסלייט (עלקאָן, רייכעלסאָן, לעווין א. א.) ערד־אַרבעטער, לערער, בויער און גרינדער פון קבוצים, ליטעראַטן, וויסנשאַפטלער, דאָקטוירים, (פינסקי, באַראַוויטש, א. א.) אינזשעניערן (פורמאַן, אייזענשטאַט א. א.) א.א.וו.

גראַיעווער געפינט איר אויך אויף הויכע פּאָזיציעס פון קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. גענוג צו דערמאָנען ד"ר עמנואל אָלשוואַנגער, שריפט־שטעלער, פאָלקלאָר־פאָרשער, דעלעגאַט צום פּאַן־אַזיאַטישן קאָנגרעס, איבער־זעצער פון דאַנטע, פאַר וואָס ער באַקומט דעם טשערניכאָווסקי פרייז. ד"ר

צבי וויסלאָווסקי, באַוואוסטער קולטור־היסטאָריקער, שריפטשטעלער, איבער־זעצער פון פרויד און „קאַפּיטאַל" פון מאַרקס (אָן אויסערגעוויינלעכער קול־טור אויפטו, פאַר וועלכן ער באַקומט דעם טשערניכאָווסקי פּרייז.) אליהו־משה גענאַכאָווסקי — גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַלוועלטלעכן „מזרחים פאַרבאַנד". דער אויבן דערמאָנטער א. אבן־זהב. מגר. יצחק (גאַרטשיצקי) אַבישי, לערער, שרייבער פון לערן־ביכער, רעדנער, איבערזעצער פון מוזיק־ביכער, דער יונגער נאָוועליסט חיים (אַנטשקאָווסקי) רשף און אַנדערע.

מיטן באַן וועלכער פאָרט אַרויס פון וואַרשע — 3 אַזייגער נאָכמיטיק דעם 31־טן אָקטאָבער, 1939 — עטלעכע שעה פאַרן אויסברוך פון 2־טן וועלט־קריג — אויפן וועג קיין קאָסטאַנצע, בכדי צו קומען קיין ארץ־ישראל, געפינען זיך אייניקע גראַיעווער יונגעלייט. און נאָכדעם, ווען דער קאַפּיטאַן און די מאַטראָזן פאַרלאָזן, אויס מורא פאַר אַרעסט, ביי ביירוט די שיף (די שיף „טע־גערט היל" איז געווען אומלעגאַל), נעמט איבער דעם רודער פון דער שיף אַ גראַיעווער יונגערמאַן, און ברענגט זי בשלום צו די ברעגן פון תל־אָביב. די באַן וועלכע איז אַרויסגעפאָרן 12 בייַנאַכט אויף דעם זעלביקן וועג און אויף וועלכער ס'האָט זיך געפונען אַ גרעסערע גרופּע גראַיעווער, איז שוין — צום באַדויערן — נישט אָנגעקומען צום ציל. די מלחמה איז אויסגעבראָכן און די באַן האָט געמוזט צוריקקערן קיין וואַרשע.

די מלחמה און די נאַציִשע בעסטיעס מאַכן אַ תל פון דער אידישער גראַ־יעווע, אַזוי ווי זיי האָבן געמאַכט פון גאַנצן אייראָפּעאישן אידנטום. מיטן פּוילישן מיליטער וועלכע קומט אָן פון סאָוועט־רוסלאַנד אין נאָענטן מזרח קומען אויך אייניקע גראַיעווער אידן קיין ארץ־ישראל.

מיט דעם סוף פון דער מלחמה, נאָך דער באַפרייאונג פון די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן קומען קיין ארץ־ישראל — דורך קפריסין — אייניקע גראַ־יעווער יונגעלייט. איינצלנע, אָפּגעבּרענטע האלאָוועשקעס, נאָך אַ לאַנגן, בלו־טיקן דערנער־וועג, דורך ניסים געראַטעוועט פון די נאַציִשע גאַזאָוונעס, מיט די ביטערע דעראינערונגען פון די שווער דורכגעליטענע יאָרן, מיטן בילד פון דער אויסגעקוילעטער אידישער גראַיעווע נאָך אין די אויגן — הויבן זיי אָן אַ ניי לעבן. די גראַיעווער אידן נעמען זיי אויף מיט אָפענע הענט און אָפענע הערצער, אויף אַן אמתן גראַיעווער שטייגער.

לאָמיר האָפן, אַז אין פרידן זיך בויענדיקע ארץ־ישראל וועלן גראַיעווער אידן פון דער גאָרער וועלט (און גראַיעווער זיינען אַ ביסל צעשפּרייט . . .) אויפשטעלן אַ געהעריקע מצבה, אַ קולטור־הויז וואָס זאָל זיין אַ בכבודיקער דענקמאָל פאַר דער אידישער גראַיעווע, וואָס האָט לויט איר פּראָפּאָרציע געגעבן אַ גרויסן ביישטייער דעם אידישן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן שאַפן און וואָס איז אַזוי איינגעבאַקן ביי אונדז אַלעמען אין האַרצן און איז ליידער שוין מער נישטאָ.

## גרשון סוועט

# די דריי גראַיעווער אין ירושלים

### ד"ר עמנואל אָלשוואַנגער, ד"ר צבי וואַיסלאַווסקי, אריה אבן־זהב

דער פּרעמיער־מיניסטער פון ישראל דוד בן־גוריון, דער געוועזענער אי־נערן־מיניסטער יצחק גרינבוים, דער פירער פון דער מפ"ם טאַבענקין און דער שריפטשטעלער ש. צמח — שטאַמען אַלע פון איין שטאָט: פון פּלאָנסק, אין פּוילן. אָבער קיין פּלאָנסקער לאַנדסמאַנשאַפט, נוסח אַמעריקע, האָבן זיי נישט געגרינדעט אין ישראל. אויב בן־גוריון טרעפט זיך אַמאָל מיט ש. צמח — איז נישט ווייל ער איז זיינער אַ בן־עיר, נאָר ווייל ער איז ש. צמח. איך דערצייל עס דאָ נישט לשבח און נישט לגנאי, נאָר סתם אַלס עובדה.

אין ישראל זיינען נישט פאַראַנען קיין ביאַליסטאָקער, ווילנער, שקלאָ־ווער און קיין אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן און פאַראיינען. נישטאָ דאָרט אויך קיין גראַיעווער לאַנדסמאַנשאַפט. אָבער געמאַכט האָט זיך, אַז אין ירושלים האָבן זיך באַזעצט דריי גראַיעווער עולים. און אַלע זיינען זיי — ווער מער און ווער ווייניקער — באַוואוסטע מענטשן. אויך זיי טרעפן זיך אין ירושלים נישט אַלס גראַיעווער, נאָר אַלס ירושלימער תושבים, וואָס געהערן צו דער זעלבער שיכט פון שרייבער און עסקנים.

וועגן די דאָזיקע דריי גראַיעווער — דעם ד"ר עמנואל אָלשוואַנגער, ד"ר צבי וואַיסלאַווסקי און אַרי אבן זהב — וויל איך דאָ דערציילן.

***

איך וועל אָנהויבן פונעם סיניאָר פון די גראַיעווער: פונעם ד"ר עמנואל אָלשוואַנגער, וועלכער איז שוין אַריבער די 60.

ד"ר אָלשוואַנגער איז פון יענעם מין פּערזענלעכקייטן, וואָס מ'קאָן זיי נישט כאַראַקטעריזירן מיט איין באַשטימטער באַצייכענונג: שרייבער, רעדנער, געלערנטער, עסקן וכד'. ער געהערט צו גלייכער צייט צו אַלע דערמאָנטע קאַטעגאָריעס, און אויך דערמיט ווערט מען נאָך נישט פאַרטיק ווען

מ'וויל געבן אַ פולע כאַראַקטעריסטיק פון דער מענטשלעכער דערשיינונג, וועלכע הייסט עמנואל אַלשוואַנגער.

אין דער אידישער ליטעראַרישער וועלט איז ד"ר אַלשוואַנגער באַקאַנט אַלס דער מחבר פון די פאָלקלאָריסטישע מעשיות־זאַמלונגען „ראַזינקעס און מאַנדלען", „רויטע פאָמעראַנצן", וועלכע זיינען דערשינען, אויך געדרוקט מיט לאַטייניש‌ע אותיות, אין אַ פאַגעטישער טראַנסקריפּציע, און האָבן געמאַכט אַ רושם אין די נישט־אידישע ליטעראַטורן.

די דערמאָנטע צוויי זאַמלונגען פון אידישע מעשיות, אַנעקדאָטן און וויצן זיינען אַ זייער וויכטיקער פאָלקלאָריסטישער אויפטו. נאָך דער באַרימטער זאַמלונג פון גינבצורג און מארעק, איז עס, דאַכט מיר, דאָס באַדייטנדיקסטע, וואָס עס איז ביז איצט אויף דעם געביט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. (מיט גרויסן אינטערעס ווערט דערוואַרטעט דאָס דערשיינען פון פריינט סטוטשקאָס בוך, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פונם יוו"א, אָבער לעת־עתה איז עס נאָך נישט דער־שינען).

עמנואל אַלשוואַנגער באַזיצט אַלע מעלות, וואָס זיינען נויטיק פאַר אַ פאָלקלאָריסט. ערשטנס איז ער אַ פּאָליגלאָט, אַן אומגעווינלעכער שפּראַכן־קע־נער. ער רעדט אַ צען לשונות, דאַכט מיר: אידיש, העברעאיש, רוסיש, ענג־ליש, פראַנצויזיש, פויליש, ער לייענט אין אָריגינאַל איטאַליעניש, לאַטיין, גריכיש און האָט אין דער עספּעראַנטאָ־וועלט אַ שם פון איינעם פון די בעסטע מייסטער פון דעם עספּעראַנטאָ־לשון. אַלשוואַנגער האָט אויף איינעם פון די עספּעראַנטאָ קאָנגרעסן באַקומען דעם ערשטן פּרייז פאַר זיין עספּעראַנטאָ־רעדע.

אַרום אַ 20 יאָר, אויב נישט לענגער, איז ד"ר אַלשוואַנגער געווען אַ קרן־היסוד שליח. ער האָט באַזוכט אַ ריי לענדער, איז געקומען אין אַ מגע ומשא מיט די „בני משה" אין אינדיען, מיט ידן אין דרום־אַפריקע, אויס־טראַליע, אַ פּשיטא — מיט די אידן פון די איראָפּעאישע לענדער. ער האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין לאָנדאָן. אַלשוואַנגער איז געווען כמעט ביי אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן פון די לעצטע 25 יאָר. באַזיצנדיק אַ בולטן חוש פאַר הומאָר, איז אַלשוואַנגער מלא וגדש מיט וויצן און מעשיות און אַנעק־דאָטן פון קאָנגרעסן, אַקציאָנס־קאָמיטעט־זיצונגען, פון אַ ציוניסטישן שליח אין ווייטע לענדער און א. וו.

דאָס איז טיפּיש פאַר אַלשוואַנגערן. ער איז בטבע אַ סקעפּטיקער, אַ מענטש וואָס ווייסט אַז „עס ווערט נישט אַזוי הייס געגעסן ווי עס ווערט הייס געקאָכט", אַז עס זיינען דאָ ווייניק אַבסאָלוטע אמתן אין דער וועלט, אַז מ'דאַרף דעריבער נישט נתפעל ווערן פון נצחונות און זיך נישט מצער זיין פון נידערלאַגן. ער איז אַ ציוניסט מימי נעוריו. אָבער ער האָט קיינמאָל פונעם ציוניזם קיין פעטיש נישט געמאַכט. אפשיטא אַז ד"ר אַלשוואַנגער איז קיינ־

מאָל נישט געווען פון די שוללי הגולה. מענדעלע און פרץ זיינען אים נישט ווייניקער טייער ווי ביאַליק און טשערניכאָווסקי.

אין די לעצטע יאָרן פאַרט אַלשוואַנגער ווייניקער אַרום אין קרן־היסוד שליחותן. גיט ער זיך מער אָפּ מיט ליטעראַרישע אויפגאַבן. ער האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק איבערזעצט פון איטאַליעניש אויף העברעאיש דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע". ער האָט איבערזעצט אויך שעקספּירן. און ווי מ'דער־ציילט שרייבט ער אויך זיינע מעמואַרן. אַלשוואַנגער האָט דורכגעמאַכט אַ קאַלירפולן לעבנסוועג. ער האָט באַזוכט אַ סך לענדער, האָט זיך געטראָפן מיט אַ סך מענטשן אין זיין לעבן. און צו דערציילן מעשיות, איז ער אַ מייס־טער. זיצט ד"ר אַלשוואַנגער ביי אַ קאַפע־טישל אין אַ ירושלימער קאַפע — ווערט ער באַלד אַרומגערינגלט מיט צוהערער.

וועלן זיינע מעמואַרן אַמאָל דערשיינען — וועט עס געוויס זיין אַ שפּאַ־נענדיק און אינטערעסאַנט בוך. און אויך גראַיעווע וועט אין דעם, וואָרשיינ־לעך, פאַראייביקט ווערן.

## ד"ר צבי וואַיסלאַווסקי

אויך ד"ר צבי וויאַסלאַווסקי איז שוין באַלד אַ 60־גער. ער געהערט צו דעם קרייז פון דער אָדעסער ישיבה פון רב צעיר, פון וועלכער עס זיינען אַרויסגעקומען ד"ר יחזקאל קאופמאַן, פּראָפ. יהושע גוטמאַן, שלמה גינצבערג (איצט גינוסר — דער ישראל געזאַנדטער אין איטאַליען) און אַנדערע. וואַיס־לאַווסקי זיצט אין ארץ־ישראל באַלד 16 יאָר. ער וואוינט אין ירושלים. וואַיסלאַווסקי לעבט אויסשליסלעך פון ליטעראַטור. ער איז איינער פון די ערנסטסטע העברעאישע פּובליציסטן אין ישראל. זיינע ביכער „דברי הדור", „יחידים ברשות הרבים" זיינען פילאָזאָפיש־סאָציאַלאָגישע באַטראַכטונגען וועגן דעם מהות פון דעמאָקראַטיע, וועגן דעם קאָנפליקט צווישן די אינטע־רעסן פונעם יחיד און די אינטערעסן פונעם כלל.

וואַיסלאַווסקי איז אַ זייער פּראָדוקטיווער איבערזעצער. ער האָט איבער־זעצט אויף העברעאיש די זכרונות פון ד"ר שמריה לעווין (געווען מיט יאָרן צוריק געדרוקט אין „פאָרווערטס"). ער האָט איבערזעצט „דאָס קאַפּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס, די רוימישע געשיכטע פון טעאָדאָר מאָמזען, די „פּסי־כאָפּאַטאָלאָגיע פון לעבן" פון זיגמונד פרויד. ער שרייבט קריטיק איבער ליטעראַטור און וויסנשאַפטלעכע פראַגן. וואַיסלאַווסקי איז זייער אָפט אַ מיטגליד פון כלערליי זשוריס וואָס פאַרטיילן פרייזן.

ער האָט זיך דערוואָרבן אין לאַנד אַ פיינעם נאָמען. ער איז אַ אָנערקענטע אויטאָריטעט אויף זיין געביט. מ'האָט צו אים פאַרטרויען. דאָס וואָס מ'ווילט ד"ר וואַיסלאַווסקי כמעט יעדעס יאָר אין אַן אַנדער זשורי — איז דער בעס־טער באַווייז דערצו.

# ארי אבן־זהב

ארי אבן־זהב האָט לעצטנס פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר אין אַמעריקע און האָט דאָ געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג מיט זיין טעאַטער־שטיק „שיילאָק — דער איד פון װענעציע״ אין מאָריס שװאַרצעס טעאַטער. אבן־זהב איז אַ זייער פּראָדוקטיװער שרייבער. צווישן זיינע ביכער זיינען פּאַראַנען ראָמאַנען און לידער און פאָלקלאָריסטישע באַשרייבונגען און רעפּאָרטאַזשן און דראַמען און פאַר־שונגס־אַרבעטן און אַזוי װייטער.

צוועלף און צוואַנציק יאָר איז אבן־זהב געווען פאַרבונדן מיט דער העברעאישער אוניווערזיטעט. ער איז געווען אַ מקורב פון ד״ר י. ל. מאַגנעס, האָט מיט אים צוזאַמען געגרינדעט די „היברו יוניווערסיטי פּרעס״.

דאָ נישט לאַנג איז אבן־זהב צוריקגעקומען קיין ירושלים.

ער איז דער „בנימין״ צווישן די דריי גראַיעווער. אָבער אויך ער איז שוין אַ איד פון 52 יאָר. אבן־זהב האָט נאָך זיך ליטעראַרישן וועג נישט פאַרענדיקט. ער איז ערשט אין זיינע בעסטע שאַפונגס־יאָרן.

דר. ג. גאָרין

# אברהם־מרדכי פיורקאָ

## דער שרייבער, פּאַרשער און לערער

(ביאָגראַפישע נאָטיצן פון זיינעם א תלמיד)

ר' אברהם־מרדכי פיורקאָ ז"ל איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע אידן אין גראַיעווע. איך וועל דאָ איבערגעבן אַ קורצע ביאָגראַפיע פון אים, פאַר וועלכער איך בין דאַנקבאַר זיין זון יצחק פיורקאָ פון ירושלים.

א. מ. פיורקאָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1853, אין לאָמזשע. ביז דעם עלטער פון דרייצן יאָר האָט געלערנט אין חדרים, דערנאָך האָט ער געלערנט פלייסיק אַליין און ער האָט זיך דערוואָרבן אַ טיפע קענטעניש פון תנ"ך, תלמוד און אַנדערע קוואַלן פון דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור. נאָך אַלס אַ יונגערמאַן איז ער שוין געווען באַקאַנט אין לאָמזשע אַלס אַ בקי. נאָך זיין חתונה האָט ער זיך באַזעצט אין גראַיעווע וואו ער האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע פעדאַגאָגישע און ליטעראַרישע אַרבעט ביז די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. פיורקאָ האָט איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון דער יוגנט גרויסע ליבשאַפט צו העברעאיש און צו אידישע טראַדיציעס. נאָך ווען ער האָט גע־לעבט האָט ער זוכה געווען צו זען די פרוכט פון זיין גרויסער אַרבעט. פיל פון זיינע תלמידים זיינען היינט העברעאישע שרייבער און באַוואוסטע גע־לערנטע אין דער אידישער וועלט.

אַלס אַ שרייבער איז ר' אברהם־מרדכי פיורקאָ אויך געווען זייער טע־טיק. ער האָט געהאַט זיין דרוקעריי אין רבס געסל און האָט עס נישט געניצט צו ציען דערפון פרנסה, נאָר ער האָט עס געווידמעט צום דינסט פון דער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט געשריבן און אַרויסגעגעבן פיל ביכער פאַר קינדער — שול־ביכער און אַנדערע ווערק. אין 1899 האָט ער אָנגע־

הויבן אַרויסגעבן אַ וואָכנטלעכן זשורנאַל פאַר קינדער „גן־שעשועים.*) דאָס איז געווען דער ערשטער העברעאישער קינדער־זשורנאַל און איז דערשינען רעגלמעסיק אַלע וואָך פאַר גאַנצע 2 יאָר. פיל פון די מיטאַרבעטער פון זשורנאַל, וואָס זיינען דעמאָלט געווען יונגע אינגלעך, זיינען שפּעטער געוואָרן באַרימטע העברעאישע שרייבער און פּאָעטן.

אין יאָר 1907 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ העברעאישן מאָנאַט־לעכן זשורנאַל פאַר יונגנטלעכע — „לבני הנעורים", אָבער צוליב נישט גענוגנדיקע געלט־מיטלען איז דער זשורנאַל דערשינען נישט מער ווי זעקס חדשים.

ר' אברהם־מרדכי פּיורקאָ האָט אויך אַרויסגעגעבן אין די שפּעטערע צוואַנציקער יאָרן אַ פּעריאָדישן זשורנאַל פאַר תלמוד־פאָרשונג, אין וועלכן פיל פּראָמינענטע רבנים און תלמוד־פאָרשער האָבן זיך באַטייליקט. ער האָט זיך פיל מאָל באַקלאָגט פאַר מיר איבער וואָס ער האָט גערופן „קנאת־סופרים" צווישן די רבנים, און די שוועריקייטן וואָס ער האָט געהאַט אין באַקומען מאַטעריאַל פאַר זיין צייטשריפט, אָבער זיין אויסערגעוויינלעכער אידעאַליזם און טאַקט האָבן אַרויסגערופן רעספּעקט צו אים אַפילו צווישן זיינע וויסנ־שאַפטלעכע קעגנער אין געביט פון תלמוד־פאָרשונג.

ר' אברהם־מרדכי פּיורקאָ האָט זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע העברע־אישע צייטשריפטן פון זיין דור מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן העברעאיש און מחקרים וועגן תנ"ך און תלמוד. אָבער זיין וויכטיקסטע אַרבעט און וועלכע איז, צום באַדויערן, קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן איז געווען זיין פּירוש אויף דעם תנ"ך. ווען איך האָב געענדיקט די העברעאישע גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק און איך בין געווען באַקאַנט מיט די אַרבעטן פון פיל אידישע און נישט אידישע ביבל־פאָרשער, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט, אויף איי־גענעם פון מיינע באַזוכן אין גראַיעווע צו לייענען זיין פּירוש אויף דעם תנ"ך אין כתב־יד. איך האָב זיך פיל מאָל ממש געוואונדערט, ווי אַזוי מיין חשובער לערער פּיורקאָ האָט געשריבן אַזעלכע גלענצנדיקע באַמערקונגען צום תנ"ך אָן אַ ביבליאָטעק און אָן רעפערענץ־ביכער. זיין פּירוש ענטהאַלט נישט נאָר אויסגעצייכנטע שפּראַכלעכע אָפּהאַנדלונגען נאָר אויך היסטאָרישע דער־קלערונגען, וועלכע זיינען אין פיל שטעלן זייער שאַרפזיניק און גלענצנדיק.

אברהם־מרדכי פּיורקאָ האָט איבערגעלאָזן 5 ביכער אין מאַנוסקריפּט. לאָמיר זיי דאָ דערמאָנען:

1) מפתח לכתבי הקודש — אַ לענגערע סינטאַקסיס;

*) דער זשורנאַל האָט זיך געדרוקט אין ליק, פּרייסן, אין דער דרוקעריי און מיט די שריפט פון דער ערשטער העברעאישער צייטונג „המגיד".

2) דרך הקודש — אַ אינטערפּרעטאַציע פון די הייליקע שריפטן, תורה, נביאים וכתובים;

3) ערך — מלים החדש — אַ פאַרשונג וועגן חז"ל;

4) בוצר עוללות — באַמערקונגען וועגן באַבילאָנישן און ירושלמער תּלמוד;

5) אמרות טהורות — באַמערקונגען און דרש וועגן די פרשות פון דער תורה.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די פּאַטריאַרכאַלע פיגור פון ר' אברהם־מרדכי פּיורקאָ, זיינע שאַרפע, קלוגע אויגן, זיין געלאַסנקייט, איידלקייט און פיינעם כאַראַקטער בכלל. זיין הויז איז געווען אַ הויז פון קולטור. זיינע קינדער און פרוי האָבן די אַטמאָספער פון זייער הויז געמאַכט פריינטלעך און אָנגענעם. עס איז געווען אַ הויז וואו מען האָט געקענט דיסקוטירן אידישקייט, העברעאישע קולטור און אַלגעמיינע פּראָבלעמען.

אויף מיינע אָפטע באַזוכן אין גראַיעווע פלעג איך שטענדיק באַזוכן מיין אַלטן לערער פּיורקאָ און עס איז געווען אַ גרויסער כבוד פאַר מיר צו זיין פאַררעכנט צווישן זיינע פריינט און פאַרערער.

אַ טייל פון אַ בריוו פון אברהם מרדכי פיורקאָ צו הײמאַן בלום.

דר. עמנואל אַלשוואַנגער (ירושלים)

# זכרונות וועגן אברהם־מרדכי פּיורקאָ

איך מוז זיך באַגרענעצן אין שרייבן די דאָזיקע זכרונות, ווייל איך האָב נישט אונטער דער האַנט דעם נויטיקן מאַטעריאַל, כדי צו געבן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג וועגן אברהם־מרדכי פּיורקאָ און זיינע פיל און פרוכטבאַרע טעטיקייטן.

פּיורקאָס ספרים זיינען געלייענט געוואָרן מיט אַ פופציק יאָר צוריק אין חדרים פאַר קינדער אין דער גאַנצער ברייט פון מזרח־איראָפּע. זיין ספר „נטעי נעמנים" האָט זיך געפונען אין פיל אידישע היימען.



אברהם מרדכי פּיורקאָ

פּיורקאָס וואָכנבלאַט „גן שעשועים", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין דער פרייסישער שטאָט ליק, וואָס איז געווען אַביסל ווייטלעך פון גראַיעווע, האָט אַריינגעבראַכט פרייד אין די הערצער פון אידישע קינדער אין אַלע שטעט און שטעטלעך.

עטלעכע העברעאישע שריפט־שטעלער און דיכטער, וועלכע זיינען דערנאָך באַרימט געוואָרן, האָבן אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן זייערע ליטעראַרישע אַרבעטן אויף די זייטן פון דעם דאָזיקן וואָכנבלאַט.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט פּיורקאָ אַרויסגעגעבן אין גראַ־

יעווע אַ חודש־זשורנאַל „בית המדרש החדש", געווידמעט דער תלמודישער פאָרשונג, מיט אַ צוגאָב פון אַ הומאָריסטישן ווינקל אין אידיש.

א. מ. פיורקאָ — אַ הויכגעוויקסיקער, אויסגעדאַרטער איד — איז געווען די צענטראַלע פיגור אין אונדזער שטעטל. וועד האָט ביי אים נישט געלערנט? ער האָט געהאַט אַ נאַטירלעכן פעדאַגאָגישן חוש און ער האָט געוואוסט ווי צו דערקלערן די גראַמאַטיק פון דער העברעאישער שפּראַך און די פאַרשידענע קאָמפּליצירטע פאָרמען פון דער גראַמאַטיק, מיט פשוטע ווערטער און מיטן כוח פון קלאָרער לאָגיק.

פון מיין קינדהייט אָן ביז מיין צוואַנציקסטן לעבנס־יאָר האָב איך ביי אים געלערנט, עטלעכע חדשים אין זיין חדר, אָבער ס'רוב אין זיין היים, אָדער אין הויז פון מיינע עלטערן.

ווען איך בין אַוועק שטודירן אין גימנאַזיע אין סואוואַלק האָב איך אויך פאָרגעזעצט מיינע לימודים ביי אים, יעדעס מאָל ווען כ'בין אַהיים געקומען אויף וואַקאַציע, און מיט יאָרן שפּעטער, יעדעס מאָל ווען איך בין אַהיים געקומען פון אוניווערזיטעט אין קעניגסבערג, האָב איך געלערנט ביי אים.

איך האָב אין מיין לעבן געהאַט אַ סך לערער, צווישן זיי, מענטשן מיט וועלט־נעמען, אָבער קיין איינער פון זיי האָט אויף מיר נישט געהאַט אַזאַ טיפע ווירקונג ווי מיין לערער פיורקאָ.

ווען איך פלעג אים אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַזוכן האָב איך ליב געהאַט צו זיצן ביי זיין טיש. ער פלעגט פאַר מיר לייענען אויסצוגן פון זיין פירוש אויפן תנ"ך, און ער פלעגט אָפּט אָנכאַפּן מיין אויער, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווען ער האָט געוואָלט אונטערשטרייכן די וויכטיקייט פון אַן ענין.

זיין פירוש, וואָס נעמט אַרום גאַנץ תנ"ך, מיט אַ גרינטלעכער איינלייטונג, געפינט זיך איצט אין מאַנוסקריפּט אין הויז פון זיין זון אין ירושלים. צי וועט, חלילה, פאַרלאָרן גיין אָט די פרוכט פון זיין לעבנס־ווערק — אַ ווערק, וואָס אויף געוויסע טיילן וואָלטן זיך אונטערגעשריבן די גרעסטע תנ"ך מפורשים ביי אידן און ביי אַנדערע פעלקער?

אַ הייליקער חוב ליגט אויף די אַלע, וואָס געדענקען פיורקאָן, וועלכער האָט זיי אַריינגעפירט אין היכל פון תנ"ך און העברעאישער ליטעראַטור, אַרויסצוגעבן די דאָזיקע קאָלאָסאַלע אַרבעט!

דר. ג. גאָרין *)

# פּראָפעסאָר שמעון ראַבידאָוויטש —
## דער שרייבער און געלערנטער

פּראָפעסאָר שמעון ראַבידאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין גראַיעווע אין 1897. זיינע קינדער־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין גראַיעווע, וואו ער האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעל־תלמודיסטישע דערציאונג, הויפּטזעכלעך פון זיין פאָטער ר' חיים־יצחק ראַבידאָוויטש ז"ל, דער פאַרפאַסער פון בוך „מרחבי־יצחקי" (אַ פּירוש אויף רש"י).

עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געלערנט אין לידע אין דער ישיבה פון הרב ריינעס. אין פאַרלויף פון די מלחמה־יאָרן איז ראַבידאָוויטש געווען זייער טעטיק אין ביאַליסטאָק אויף דעם געביט פון העברעאישע דערציאונג און אין דער „צעירי־ציון" באַוועגונג.

אין 1919 האָט ראַבידאָוויטש אָנגעהויבן זיין שטודיום אין בערלינער אוניווערזיטעט וואו ער האָט איניקע יאָר שפּעטער באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע.

שוין אין זיינע יונגע יאָרן האָט ראַבידאָוויטש ארויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן אויף דעם געביט פון ליטעראַטור. אין 1919־20 האָט ער רע־דאַקטירט אין בערלין די צייטונג „אונדזער פרייהייט" פאַר די אָרגאַניזאַציעס „הפּועל־הצעיר" און „צעירי־ציון". צווישן די יאָרן 1919־33 האָט ראַבי־דאָוויטש אַנטוויקלט אין בערלין אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף דעם געביט פון העברעאישער ליטעראַטור; דאָרט האָט ער געגרינדעט דעם העברעאישן

*) איך דריק אויס מיין דאַנקבאַרקייט צו רבי קבקוב פון דער הסתדרות־עברית פאַר זיין הילף אין באַשרייבן די ליטעראַרישע טעטיקייט פון שמעון ראַבידאָוויטש. איך דאַנק אויך מיין חבר ד"ר אלעזר מאַרוויק, הויפּט פון דער אידישער אָפּטיילונג אין דער ביבליאָטעק פון קאָנגרעס, וואַשינגטאָן, פאַר די ביאָגראַפישע פּרטים, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט.

פאַרלאַג „עינות״ און איז אויך געווען איינער פון די אַרויסגעבער פון דער „התקופה״ און דער פאַרוואַלטער פון שטיבל־פאַרלאַג.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ראַבידאָוויטש אַרויס־געגעבן אין ענגלאַנד דעם מאָנאַטלעכן העברעאישן זשורנאַל „ילקוט״ און דעם יאָר־בוך „מצודה״ (4 בענדער זיינען שוין דערשינען און דער 5־טער באַנד איז איצט אין צוגרייטונג). די דאָזיקע צווי צייטשריפטן זיינען געווען די איינציקע העברעאישע ווערק וואָס זיינען דערשינען אין גאַנץ אייראָפּע אין משך פון די מלחמה־יאָרן.

ער האָט אויך רעדאַגירט אין לאָנדאָן דעם „ספר־סוקולוב״ (1944) וואָס אַנטהאַלט אויסער אָפּשאַצונגען פון די טעטיקייטן פון גרויסן ציוניסטישן פירער און שרייבער, אויך שריפטן פון נחום סאָקאָלאָוו, וועלכע זיינען ביז דעמאָלט נישט דערשינען אין דרוק.

אינגיכן וועט דערשיינען אונטער ראַבידאָוויטשעס רעדאַקציע דער „ספר־דובנוב״. דאָס בוך וועט אַנטהאַלטן אַ גרינטלעכע אָפּשאַצונג פון דער שאַפונג פון גרויסן אידישן היסטאָריקער און אויך אַ זאַמלונג פון דובנאָווס בריוו.

ראַבידאָוויטש רעדאַגירט אויך איצט דעם „פנקס שיקאַגא״, וועלכער וועט אָפּשפּיגלען דאָס קולטורעלע לעבן פון אידישן קיבוץ אין שיקאַגאָ.

ראַבידאָוויטש האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען, מחקרים און ביכער אין העברעאיש, אידיש, ענגליש און דייטש (אַ בוך וועגן לודוויג פויערבאַכס פי־לאָזאָפיע, 1931).

אויף דעם געביט פון פילאָזאָפיע פון מיטלאַלטער האָט ראַבידאָוויטש וויסנשאַפטלעך אַנאַליזירט די שאַפונגען און קלאָר געמאַכט אויף זיין אופן די פילאָזאָפישע שיטות פון העברעאישע דענקער, ווי סעדיה גאון, אַבּרבנאל און ספּעציעל דער רמב״ם. ער האָט זיך נישט באַשרענקט בלויז מיטן טעאָ־רעטישן שטודיום; ער ברענגט אויך דעם לייענער פּראַקטישע מסקנות; זיין הויפּט ציל איז צו געבן אַ מאָדערנעם אידישן צוגאַנג צו די יסודות פון דער אידישער רעליגיע און פילאָזאָפיע. דער דאָזיקער נייער צוגאַנג מאַכט אויך בולטער דיביישטייערונג וואָס די אידישע פילאָזאָפיע האָט געמאַכט צו דער אַלגעמיינער פילאָזאָפיע.

דעם „ספר המדע״ פון רמב״ם, אַ נייע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבע אויפן גרונט פון כתב־ידן און ערשטע דרוקן, האָט ראַבידאָוויטש אַרויסגעגעבן אין 1947; דער צווייטער טייל — קוועלן און פירושים צום „ספר־המדע״ וועט אינגיכן דערשיינען.

צו ראַבידאָוויטשעס וויכטיקסטע אַרבעטן אויף דעם געביט פון פילאָ־זאָפיע געהערט די ערשטע אויסגאַבע פון ר׳ נחמן קראָכמאַלס ווערק — רנ״ק (1924). ראַבידאָוויטש האָט אָנגעשריבן אַן אויספירלעכע איינלייטונג פון 225 זייטן אין וועלכער ער האָט אַנאַליזירט רנ״ק אין אַלע היניזיכטן (פילאָ־

זאַפּיש, פּיקאַלאָגיש א. א. וו.). די דאָזיקע אַרבעט, וועלכע ראַבידאָוויטש האָט אַרויסגעגעבן, ווען ער איז אַלט געווען 27 יאָר, האָט אַרויסגערופן גרויס אָנזען אין דער אידישער וויסנשאַפטלעכער וועלט מיט איר אייגנאַרטיקן אַנאַליז און מיט דעם וואָס ער האָט מחדש געווען, אַז רנ״ק איז נישט באַאיינפלוסט געווען פון העגעלס דיאַלעקטישער שיטה. די נייערע פאָרשונגען וועגן רנ״ק נעמען אַלץ מער און מער אָן ראַבידאָוויטשעס אויפפאַסונג וועגן ר׳ נחמן קראָכמאַל.

די זעלבע טיפקייט כאַראַקטעריזירט אויך ראַבידאָוויטשעס אַרבעטן וועגן משה מענדעלסאָן (יודאאיקאַ 1930) און די מאָדערנע אידישע דענקער, ווי א. ד. גאָרדאָן און אחד־העם. זיין שאַרפע קעגנערשאַפט צו אחד־העמס שיטה פון „מרכז רוחני״ איז אַ לאָגישער רעזולטאַט פון זיין באַציאונג צום גלות און זיין וויכטיקן פּרינציפּ פון קולטורעלער שותפותדיקייט צווישן ארץ ישראל און דער „דיאַספּאָראַ״.

אין 1931 האָט ראַבידאָוויטש, דעמאָלט פאָרזיצער פון „בית עם עברי״, געגרינדעט אין בערלין די „אַלוועלטלעכע העברעאישע ליגע״ („ברית עברית עולמית״). אויף דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר האָט ער געהאַלטן זיין באַרימטן פאָרטראַג „אם לא כאן — היכן״ ?, אין וועלכן ער האָט אַנטוויקלט די גרונט־פּרינציפּן פון אַ פאַרצווייגטער העברעאישער באַוועגונג אין גלות. ער האָט דאָרט פאָרמולירט זיין אויפפאַסונג פון „שותפות״ צווישן ארץ־ישראל און דעם גלות: דאָס וועלט־אידנטום האָט צוויי געשטאַלטן — ארץ־ישראל און די דיאַספּאָראַ; בידע זיינען פאַראייניקט אין שאַפן פון קולטורעלע ווערטן — איין טייל קען נישט האָבן קיין דערפאָלג אָן דעם צווייטן. ראַבידאָוויטש האָט שאַרף קריטיקירט די אָפיציעלע ציוניסטישע נעגאַטיווע באַציאונג צום גלות. ער האָט געפאָדערט אַ רעוויזיע פון די פונדאַמענטאַלע אָנשויאונגען פון ציוניזם און האָט שטאַרק באַטאָנט זיין פּאָזיטיווע שטעלונג צום גלות־לעבן.

ראַבידאָוויטש האָט דעמאָלט אויך געמאַכט פאַרבערייטונגען פאַר דער שאַפונג פון אַ צענטראַלן העברעאישן קולטור־פאָנד („קרן־התרבות״) און פאַרן צוזאַמענקומען פון אַן ערשטן העברעאישן קאָנגרעס; די דאָזיקע פּלענער זיינען איבערגעריסן געוואָרן צוליב דער היטלעריסטישער איבערקערעניש אין דייטשלאַנד.

ראַבידאָוויטש פירט דאָן אַריבער זיין טעטיקייט קיין ענגלאַנד וואו ער האָט פאַרבראַכט די יאָרן 1933־48. אין לאָנדאָן איז ער געווען טעטיק אַלס פאָרזיצער פון דער תרבות־אָרגאַניזאַציע און אַלס לעקטאָר פון אידישער פילאָזאָפיע אין לאָנדאָנער אוניווערזיטעט. שפּעטער איז ער נאָמינירט געוואָרן אַלס הויפּט פון דער העברעאישער אָפּטיילונג אין דעם אוניווערזיטעט פון לידס, ענגלאַנד.

אין 1948 איז ראַבידאָוויטש איינגעלאַדן געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פון אידישער פילאָזאָפיע אין דער הויך־שול פון אידישע וויסנשאַפטן ביי דער „מדרשה ללימודי היהדות" אין שיקאַגאָ; דאָרט איז ער טעטיק ביז היינט אַלס פּראָפעסאָר און אַלס פאָרזיצער פון פּאָסט־גרעדיועיט דעפּאַרטמענט.

**

ווי מען קען זען פון דעם קורצן איבערבליק, פירט ראַבידאָוויטש אָן אַ פאַרצווייגטע און פילפאַרביקע טעטיקייט, דורך וועלכער ער האָט זיך דער־וואָרבן די רעפּוטאַציע אַלס איינער פון די וויכטיקסטע וויסנשאַפטלער אויף דעם געביט פון העברעאישער קולטור פון אונדזער צייט.

זיינע אַנשויאונגען האָט ראַבידאָוויטש אַרויסגעבראַכט דורך זיין לאָגישן דענקען און קלאָרן סטיל אין פיל אַרבעטן אין די העברעאישע זשורנאַלן „העולם", „מאזנים", „תרביץ" און ספּעציעל אין לענגערע פּובליציסטישע ווערק אין „התקופה", „ספר־ביאַליק" און „מצודה".

אין איינקלאַנג מיט זיין פּאָזיטיווער שטעלונג צום גלות, קאָנצענטרירט איצט ראַבידאָוויטש זיין אַרבעט אין אַמעריקע. לאָמיר האָפן, אַז נאָך זיינע לאַנגע וואַנדערונגען וועט אים געלינגען צו בויען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ צענטער פאַר העברעאישער קולטור, צו דערגאַנצן דעם בנין פון זיין פילאָ־זאָפיש־ליטעראַרישער שיטה און צום נוצן זיינע גרויסע פעאיקייטן צום גונסטן פון דער העברעאישער קולטור.

# וועגן די צייכנונגען פון א. ד. פישביין



די רעדאַקציע פון יזכור־בוך דריקט אויס איר דאַנקבאַרקייט צו אונדזער לאַנדסמאַן א. ד. פישביין פון מעקסיקע פאַר זיינע שיינע צייכנונגען אין דעם בוך.

אין דער צייכענונג פון שול האָט ער אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן בילדלעכן זכרון דורך די גענויע פרטים פון אַרכיטעקטור. 30 יאָר נאָך זיין פאַרלאָזן גראַיעווע איז אים גלענצנדיק געלונגען איבערצוגעבן די פּרעכטיקע שיינקייט פון דער שול.

אין דעם בילד „צווישן מנחה און מעריב" ווייזט פישביין אַ טיפּישע סצענע אין אַלטן בית־המדרש, וואו ער האָט פאַרבראַכט פיל צייט אין זיינע קינדער־יאָרן. די טיפּן זיינען פאַרשידנאַרטיק — עס איז דאָרט פאַראַן דער שאַרפער תלמודיסט, דער בעל־מלאכה וואָס הערט זיך צו מיט דרך־ארץ צו יענעמס פּלפּול; דער טרוימער, וואָס פאַרקלערט זיך וועגן אַנדערע ענינים — יעדער איינער האָט אַ כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק.

אַ באַזונדער רושם מאַכט די צייכענונג פונעם אַלטן טייל פון בית־עולם — ווער געדענקט דאָס נישט דעם סודותפולן פחד וואָס דער טייל פלעגט אַרויסרופן אויף קינדער פון דער ווייטן?

עס איז דעם מחבר געלונגען נישט נאָר צו געבן געטריי די לאָקאַלע סצענע, נאָר אויך אויסצודריקן די געפילן פון זיינע — אונדזערע קינדער־יאָרן. נאָכאַמאָל, אַ יישר־כוח פאַר דעם האַרציקן בייטראַג צו דעם יזכור־בוך.



אַ גרופּע טוער אויף אַ בלימל־טאָג פון פייער־לעשער.



**אַ פוטבאָל מאַנשאַפט אין די צוואַנציקער יאָרן**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייע: **אַבראַמסקי, פעלד, אומבאַקאַנט**; צווייטע רייע: **א. גער־שטאַנסקי, מאיר לעוויט, ל. וואַקס**; דריטע רייע: **ב. באָגוש, וואַלוש קאָלקאָ, אומבאַוואוסט, ל. באגוש און מ. זאָמערפעלד.**



דער אַרייַנגאַנג צום ספּאָרט־פּלאַץ.



די שול־גאַס אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע אין 1916. לינקס, אין הינטערגרונט, זעען זיך דער אַלטער בית המדרש און די שול.



**מאיר וואקס, ישכר וואדאווסקי און שמעון קאָלקאָ**

דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אין 1906 אין ניו־יאָרק. וואקס און קאָלקאָ זיינען צוריק־געפאָרן קיין גראַיעווע, וואו זיי זיינען אומגעקומען דורך דער מלחמה.

In memory of our Parents

BENJAMIN and FEIGA

KOLKO

and our brothers and sisters,

RUBIN, SIMON, JOSEPH,

and

ESTER (Stusza) KOLKO

who perished

JACK KOLKO, Chicago

צום אייביקן אָנדענק

פון

אונזער באַליבטער שוועסטער און שוואָגער רייזעל און חיים מישקאָפּסקי, מיט זייערע טייערע קינדער, מאָטעל און אסתר.

ערע זייער אָנדענק!

סיידע גאָלדשטיין

איזידאָר לאַווענדא

---

איך אָנדענק

פון

אונזער מוטער

חנה גיטל קלײמאַן

און אונזער טאַנטע

קיילע און אָנקל

קורלענדער.

די קינדער קליימאַן

---

צום הייליקן אָנדענק

פון מיינע

ברידער און שוועסטער

חיה מירקע קאָהן

יצחק מאיר מישקאָף

הענאך מישקאָף

שוועסטער

סערע שיינקמאַן

---

צום אייביקן אָנדענק

פון

מיין פאָטער

יהושע אליעזר

און

מיין מוטער

דבורה

ראובן באגיש

---

## על אלה אני בוכיה

איבער די זעקס מי־ליאָן פון אונזערע ברי־דער און שעסטער, וועלכע זיינען אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די היטלער־מערדער.

פיליפ בוזמאַן

---

צום אָנדענק פון מיין שוועסטער

שיפרה און איר מאַן

אברהם יצחק בוזמאַן

מיט זייערע 5 קינדער

וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די הענט פון די פאַשיסטישע מערדער.

פייוול קאַנאוויטץ

---

צום אייביקן אָנדענק

פון

יחיאל זעליגמאַן

און פאַמיליע

רחל בורשטיין

(רייך)

מעקסיקאָ

---

צום אָנדענק פון אונדזער מוטער

רייזל

בריקמאַן

ערע איר אָנדענק!

ליבע

פעשע

איידא



צום אייביקן אָנדענק

פון

# ר׳ אלימלך ב״ר צבי וואקס

ע״ה

(געב. 1841, געשט. 1914)

ר׳ אלימלך וואַקס איז גע־וועזן איינער פון די חשובסטע בעלי־בתים צווישן די גראַיעווער פיאָנערן. איינער פון די בעסטע תלמודיסטן פון דער מירער ישיבה, באַוואוסטער גאַלאַנטערעי־געשעפטסמאַן און גרויסער כלל־טוער. פאַרהייראַט צו דער נאָבעלער פרוי מרתביילע בריינע בת ר׳ ישראל מינץ ע״ה.

יאָרנלאַנג איז ער ערווילט געוואָרן אַלס דאָזאָר אין גראַיעווע און האָט געווידמעט זיין גאַנצן לעבן לטובת הכלל. זיינע גרויסע פעאיקייטן האָט ער ניט אויסגענוצט אָנצוזאַמלען פאַרמעגנס, נאָר געהאָלפן שאַפן אין גראַיעווע אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי די נייע באָד, דעם הכנסת אורחים, דעם נייעם בית המדרש, די קהלשע יאַטקעס, א. אַז. וו.

זיין הויז איז תמיד געווען אַ בית ועד לחכמים, אַן אָפענע טיר פאַר נויטבאַדערפטיקע, פאַר עמיגראַנטן מארבע פינות העולם, וואָס פלעגן קריגן ביי אים די ריכטיקע עצות און הילף. הונדערטער עמיגראַנטן וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן ביים אַריבערשמוגלען די גרעניץ זיינען דורך אים באַפרייט געוואָרן. פאַר דער מצווה פון פדיון שבויים איז פאַר אים קיין זאַך ניט געווען צו שווער. די טירן פון אַלע רעגירונגס־אַפאַראַטן זיינען פאַר אים געווען אָפן.

אַזוי האָט ער אָפּגעלעבט אַ שיינעם לעבן און זיך רעזערווירט אַ פּלאַץ אויף יענער וועלט, אין וועלכער ער האָט שטאַרק געגלויבט.

חבל על דאבדין ולא משתכחין. ת נ צ ב ״ ה.



איינע פון די שענסטע פאַמיליעס און טראַדיציאָנעלן יחוס — איידים און טאָכטער פון באַרימטן ר׳ אלימלך וואקס — הרב הגאון ומטיף ר׳ יוסף זיידענבערג ע״ה; זיין נאָבעלע פרוי מרת ציפורה; זייערע קינדער: 1) ברוך משה; 2) ברײנע; 3) שיינע איטקע; 4) אלימלך; 5) נאָמען ניט באַקאַנט. אַלע אומגעקומען אויף קידוש השם אין היטלערס ימ״ש גאַז־קאַמערן.

מאַקס מ. און אליהו וואקס
ברידער.

# חבל על דאבדין
# ואינם משתכחין!



**In Loving Memory of the Unforgettable**

**BUFFENSTEINS, PELTONOWITZS & VOISLAVSKIS**

**DR. W. PELTON (Peltonowitz)**
**Chicago, Illinois**

# צום אייביקן אָנדענק

פון

אונדזערע

ליבע עלטערן

## מענדל ברוך

און

## מלכה

# ציכאצקי

און פון אונדזערע טייערע שוועסטער

**רייזקע, בלומע און טויבע**

מיט זייערע פאַמיליעס

וואָס זיינען אומגעקומען דורך די הענט פון די היטלער-מערדער.



היימי ציכאצקי (שילער)

בנימין ציכאצקי

סאל ציכאצקי (שילער)

איזידאָר ציכאצקי (שילער)

מיט זייערע פאמיליעס.

# אין הייליקן אָנדענק

פון

מיין ליבער מוטער

# מיני דאָן

אן איבערגעגעבענע טוערין פאר די אָרימע און נויטבאדערפטיגע גראיעווער לאנדסלייט.

אן אומדערמידלעכע שטיצערין פון גראיע-ווער רעליעף-קאָמיטעט אין דער אַרבעט פון באַזאָרגן די לעבן-געבליבענע לאנדסלייט, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די היטלערישע מערדער.

ערע איר אָנדענק!



פיליפ דאָן

## צום אייביקן אָנדענק

פון

אונדזערע

עלטערן

# משה יוסף

און

# פּעשע מאָסענזניק

און

שוועסטערס

**חוה און טויבע**



די ברידער :

**באָריס** (דוב), **אַדאָלף** (אברהם)

**און מאַקס** (מרדכי) **מאָסען**

## על אלו אנו בוכים!



אין טרויער נאך אונזערע ליבע
שוועסטער און שוואגער
**פעשע און חיה ראָטשטיין**
זייערע קינדער
**יוסף און סימע־רחל**
אומגעקומען אין ווארשעווער געטא.

אין אנדענק פון אונזער ברודער
**הענעך רייכלסאָן**
געשטארבען אין תל־אביב.

שרה (רייכלסאן) זאַקוסקי
דוד רייכלסאן
חיה (רייכלסאן) פענסטער

---

אין אָנדענק
פון
**אייזיק און חיה מירקע**
**קאָהן**
(קלמן משה מישקאָווסקעס טאָכטער)

מרס. בוירטע קעטץ

---

אין אָנדענק
פון
**אַלע אומגעקומענע פריינט**
**און לאַנדסלייט**
פון
מאיר באַרקאָווסקי

---

## צום הייליגן אָנדענק

פון אונזער ליבען פאטער
# ר׳ לייבוש בלום
**(לייבוש דער מלמד)**

געשט. אין ניו יארק, ה׳ טבת, תרצ״ח

און אונזער ליבער מוטער
# שרה רבקה

געשט. אין ניו יארק, י״ב חשון, תש״א

די קינדער:
**היימאן,**
**מאריס**
**ראובן**

---



## צום הייליגן אָנדענק

פון אונזער ליבען פאטער
# חנא בוזשימסקי
און אונזער ליבער מוטער
# פריידע

די קינדער: עני ראזען, יעטע
בלום, אַלעקס בוזשימסקי, איידע
בערנאף, מאריס בוזשימסקי און
בעקי גאלדשטיין (מילוואקי).

מיט טיפן צער אויף אונזער גרויסן פארלוסט
פון צוויי אומדערמידלעכע טוער פון
גראַיעווער הילפס־פאַראיין

**מרס. מיני דאַן**

און אונזער וויצע־פאָרזיצער

**אברהם מלאווסקי**



ת נ צ ב ה

---

**ווען מלחמות, ראַסן־האַס און פאַרפאָלגונגען
וועלן אָפּגעשאַפט ווערן**

**דאַן וועלן מיר דעם שוידער פאַרגעסן!**



**אירווינג
סאפירשטיין**

צום הייליקן אָנדענק
פון
אונזערע עלטערן
**תנחום**
און
**מרים נעכע**
און אונזער ברודער
**הערשל**
**טעטענבוים**



די ברידער:
היימאַן, טשאַרלס,
און
מאָרים טעטענבוים

---

**אין אָנדענק**

פון
אונזערע
ליבע
עלטערן

**יאָסל** און **רחל**
**באָגוש**

די קינדער:
בעקי, מיני,
אוירווינג
און סילוויע

---

צום הייליקן אָנדענק

פון
מיינע ליבע עלטערן
**איטשע** און **שרהקע**
**אייבראַמסאָן**

מיין פעטער הערשעל, מיין מומע יהודית און מיינע צוויי קוזינעס: רחל און ריוועשע מאַראַטשעווסקי.



מאיר אייבראַמסאָן

---

אין אָנדענק פון די אומגעקומענע
**שלום זיידענבערג**
פרוי און פאַמיליע
**פאַלק רוטצקי**
פרוי און פאַמיליע
**עליע חיים רוטצקי**
פרוי און פאַמיליע
פון אַנטווערפּען, בעלגיע

ראָבערט רוטצקי

---

אין אָנדענק פון אונזערע ליבע עלטערן
**הערצקי און חיה באגוש**

די קינדער;
ריוועשע, פישל, חנה,
פייגל, ציוויע, עסטער,
רחל און מאיר.

In memory of

**CHANINA GRON'S**

Children and Grandchildren

from Warsaw and Siedlec

---

אין אָנדענק

פון

אַלע

אומבאַוואוסטע

מאַרטירער

אין

גראַיעווע



אהרן מאיר פישביין

מעקסיקא

---

לזכר עולם

צום אייביקן אָנדענק פון מיין ליבער שוועסטער און שוואָגער

**שרה און שלמה ווײַנשטיין**

מיט זייערע פיר קינדער, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער אין דער גראַיעווער געטאָ.

אליעזר און ציפע בראַמסאָן

סימע און שמואל גינזבורג

לינאַ לעווין

---

צום הייליקן אָנדענק

פון די אומגעקומענע

מיין מוטער דבורה רחל לעוויב־זאָן ז"ל, מיין קוזינע שיינקע מאלדאַרסקי, מאַן און קינדער ז"ל, מיינע קאָזינס און קוזינע: אליהו און פרוי, יעקב און פאַ־מיליע און באַשע כהן ז"ל, די משפחות זילבערשטיינס און לע־ווינזאָנס — פריינט, באַקאַנטע און לאַנדסלייט.

ד' ינקום דמם!

אהרן משה לעווינזאָן

---

אין אָנדענק פון מיין פאַמיליע

אומגעקומען דורך די היט־לער־רוצחים אין גראַיעווע.

**אסתר אבקעוויטש**

(באַרנשטיין)

### צום הייליגן אָנדענק פון אונזערע עלטערן

# ר׳ מאָטעל לייב און גאָלדע מלאַווסקי



ר׳ מאָטעל לייב מלאַווסקי איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים אין גראַיעווע. ער איז געווען באַוואוסט אַלס למדן און גרויסער חסיד, און האָט זיך באַליבט געמאַכט דורך זיינע מעשים טובים.

אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען דער פאַרוואַלטער פון פּאָקראָיסקיס שלייקעס פאַבריק ביזן יאָר 1890, ווען די פאַבריק איז איבערגענומען געוואָרן פון העפּנערן. שפּעטער איז ר׳ מאָטעל לייב מלאַווסקי געוואָרן אַ ליפעראַנט פון האָלץ אין וואַרשעווער ציטאַדעל און איז באַוואוסט געוואָרן אַלס סוחר און בעל־צדקה.

ר׳ מאָטעל לייב מלאַווסקי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1846 און איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די הענט פון די נאַצישע מערדער אין יאָר 1943. ערע זיין הייליקן אָנדענק!

ראָוז מילער.



**In memory of my beloved parents**
**HERSCH and SLOVI GORCZYCKI;**
my brothers
**JACOB and SZYMON LEIB GORCZYCKI**
and their families and my sister
**FRUME ITKE**

*Harry Green*



צום אייביקן אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן
**הירש און סלאָווי גארטשיצקי**
מיינע ברידער
**יעקב און שמעון לייבעל מיט זייערע פאַמיליעס**
**און מיין שוועסטער פרומע איטקע**

איך באַוויין אייער פריצייטיקן טויט מיט טיפן טרויער — אייער אָנדענק וועט אויף אייביק פאַרבלייבן איינגעקריצט אין מיין האַרץ!

ה. גרין

אין הייליקן אָנדענק פון דער

## גינזבורג משפחה

יעקב

(יאַנקל וויגדערס)

און אסתר

און זייערע קינדער
שלום, חיים און שמחה

נעכע זילבערמאַן
מענדל גינזבורג
רבקה בערגמאַן
שרה גוטפריינד
קלמן גינזבורג

---

צום אייביקן אָנדענק פון אונזער
פאַרשטאָרבענעם פאָטער

**נתן זילבערמאַן**

(י״ח טבת, תרפ״ה)

אונזער טראַגיש־אומגעקומענער מוטער

**רייזעל זילבערמאַן**

(י״ח כסלו, תש״ב)

און אונזערע אומגעקומענע ברידער

ברוך יצחק, אברהם, שלמה
און לייבל; און שוועסטער
רבקה און מינדעל לאה.

שלום, אביגדור און
יוסף זילבערמאַן

---

ר׳ שלמה הלוי פרידמאַן תנצב״ה
(באַקאַנט אַלס דער רוסישער קרעמער)
דאָבע פרידמאַן (פרוי), חיה (טאָכטער)
תנצב״ה, הי״ד.

יהודא צבי הלוי פרידמאַן

---

אין אָנדענק פון אונזערע עלטערן
משה מענדל און שרה מישקאָוו־סקי און אונזערע ברידער: שכנא, בערטשע, אהרן, צמח און ענאך, מיט זייערע פרויען און קינדער.

חיה שטיינסאַפיר
מאיר וויטקאָווסקי

אין אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן
ביילקע און מיכל ווילענסקי, און מיינע שוועסטער: פייגל און איט־קע מיט זייערע פאַמיליעס.

אַלטע וויטקאָווסקי

---

אין אָנדענק פון מיין ליבן מאַן — סעם
און מיין זון אברהם ראָזען.

עני ראָזען.

---

אין אָנדענק פון מיין ליבן מאַן
שייקע זילבערשטיין

ראָוז און קינדער

---

אין אָנדענק פון מיינע עלטערן
חיים שרגא און פייגל מאַרקוס

חיה צירל מאַרקוס

---

צום אָנדענק פון אונזער ליבן
מאַן און פאָטער

טוביה סאַפירשטיין

די פרוי ליבע, און זון
איזידאָר סאַפירשטיין

---

אין אייביקן אָנדענק פון

פאַמיליע וואָגסאָווסקי
פאַמיליע גוזיק
פאַמיליע שקלאַרזשעווסקי
פאַמיליע מאַרגאָליס



אין אָנדענק פון אונזער פאָטער

## שלום מאָטל דאָרף

אונזערע ברידער

## לייבל און מאיר דאָרף

אונזער אָנקל מאיר און גאָלדע
ריווע מיט זייער פאַמיליע.

אונזער טאַנטע צירל מיט איר
מאַן, דוד לעווינסאָן.

און אונזער טאַנטע רויזע דאָרף
מיט אירע קינדער.

אברהם דוד פישביין און פאַמיליע
נייטן און בעטיע וויסמאַן
רויזקע, יעטאַ און שלמה דאָרף

---

צום הייליקן אָנדענק פון אונזערע עלטערן





## חיים הערש און פייגעל קאַלינאָווסקי

**און אונזער ליבער ברודער ידידיה קאַלינאָווסקי**

**וועלכע זיינען אומגעקומען פון די ברוטאַלע הענט פון די נאַצישע מערדער.**

סיימאָן, וואולף, ראָזע, דזשין

צום אָנדענק פון
מיין פאָטער

**שלמה ראַפּאַלאָווסקי**

געשטאָרבן אין גראַיעווע אין דער צייט
פון דער ערשטער וועלט־מלחמה,

**מיין מוטער מיכלע**
**מיין שוואָגער אברהם־חיים**
**מיין שוועסטער ליבע גערזאָן**

וואָס זיינען טראַגיש אומגעקומען דורך
די מערדערישע היטלעריסטן.

זייער אָנדענק וועט אויף אייביק פאַר־
בלייבן איינגעקריצט אין מיין האַרצן !

**הערמאַן ג.**
**ראַפּאַלאָווסקי**

---

אין אָנדענק פון אונזערע ליבע עלטערן
**יאַנקל און מלכה קאָהן**
די קינדער : דאָבקע, שרה, ליבע.

אין אָנדענק פון אונזערע עלטערן
**סעם און בעקי קאָהן**
די קינדער : בעני און יעטאַ.

אין אָנדענק פון מיין פאָטער
**גרשון קאָהן**

מעקס קאָהן

---

לזכר הורינו
**מרדכי ורחל ופינסקי**
ואחיותינו פשקה ודובה
שנשחטו ע״י הרוצחים הגרמנים.

ד״ר אפרים ופינסקי ומשפחתו

אידה ויעקב פבריצקי
יפה וירחמיאל זילברשטין

---

**In memory of the martyrs who made the supreme sacrifice for the Jewish people.**

*Jacob Mordecai Ravid*

---

**צום הייליקן אָנדענק**
פון אונזערע ברידער, שוועסטער און
קאָזינס, וועלכע זיינען אומגעקומען
דורך די פאַשיסטישע מערדער אין
גראַיעווע :
אליהו קאָהן און פרוי, יאַנקל
קאָהן, פרוי און קינדער ; באַשע
קאָהן און מאַן, דבורה לעווינזאָן,
לייבל לעווינזאָן, איצע גערשטאַנ־
סקי, פרוי און קינדער ; וועלוול
לעווין און קינדער.
די ברידער משה, שלמה און
מאיר קאָהן, קאָזין רבי פּאַ־
מעראַנץ און פאַמיליע.

---

**צום הייליקן אָנדענק**

פון

אונזער פאַמיליע, וואָס איז אומ־
געקומען דורך די היטלער־מער־
דערישע הענט !

פיליפּ סאָסנאָוויטש
און פאַמיליע.

אין אָנדענק פון מיינע עלטערן
**לייזער וועלוול און חנה ביילע אַבעלסקי**

טילי (אבעלסקי)
טאָפּאָלסקי

---

אין אָנדענק פון מיין ברודער
**חיים שלמה מאַרגאָלים**
זיין פרוי עטקי
מיט זייערע דריי קינדער.
די שוועסטער
אסתר גאלינקער

---

אין אָנדענק פון מיינע עלטערן
**אברהם יצחק און ליבע גארטשיצקי**
טאָכטער
עוועלין טשאַליף

---

אין אָנדענק
פון
**אַלטער גארטשיצקי**
אַנאַ יאַבלאָנסקי

---

אין אָנדענק
פון
מיין ליבן פאָטער
**גרשון קאָהן**
זון: מעקס קאָהן

---

אין אָנדענק פון מיינע עלטערן
**בנימין און פייגע קאָלקאָ**
מיין שוועסטער אסתר (סטושא)
מיינע ברידער: ראובן, שמעון, יוסף קאָלקאָ
עמנואל קאָלקאָ

---

אין אָנדענק פון דער
**וואָדאָווסקי פאַמיליע**
פאָטער יעקב, אפרים, מיט זיין פרוי ריווטשע; שמואל, זיין פרוי רויזקע, זייערע צוויי קינדער, חיה פייגל און באַשקע, רייזל און נחמה.
פאולין וואודאָוו

---

אין אָנדענק
פון
**חיים לייב ביילים**
סאָל ביילים

---

אין אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן
**בערל הערשל און רויזע רוטקאָווסקי**
פיליפּ רוטקאָווסקי

---

אין אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן
**שעפּסל און חיה טויבע מאראשעווסקי**
דער זון
דב מאָראָשעווסקי

---

אין אָנדענק פון מיינע ליבע
עלטערן און פון מיין
משפחה!
סעם מאָס

---

די טאָכטער און אייניקלעך פון
**גראַיעווער חזן**
**ר' שלמה חיים הכהן רעזניק**
מושקע בארקאָווסקי, אירע טעכטער, סאלטשע, אַנדזשע מיט איר מאַן און קינדער, שולמית, און איר זון חענוש.
ת נ צ ב ה
דעם חזנים פרוי
מיט די קינדער

---

לזכר עולם
**זדאַנאָוויטש פאַמיליע**
משה לייב, שיינע הינדע, אפרים מיט זיין פרוי פאָליע און 2 קינדער, ראני מיט איר מאַן יאסאַק און קינדער סוני, ליזע, זשעני.
סילוויא רובינשטיין

---

לזכר עולם
**שקלאַווין פאַמיליע**
שמעון, דינקע, פייטשע מיט איר פאַמיליע, דושקע מיט איר פאַמיליע, אפרים מיט זיין פאַמיליע, אויך ראָדקי, דאָני און באַשקי.
סילוויא רובינשטיין

# צום אייביקן אָנדענק

פון

אונזערע אומפאַרגעסענע עלטערן

## צבי יוסף און רחל

# שעווצאָווסקי

און שוועסטער

**חנה פּערל**



די קינדער:

סילוויע שילער (שעווצאָווסקי)

און מאָריס נאַיטאָן

---

# צום אָנדענקען

פון

מיין פאָטער

הרב

# יצחק ספּירשטיין

מיין מוטער

## מאַלי די „דיינטע"

מיין שוועסטער: מנוחה

מיינע ברידער: משה און טוביה

יצחק ספּירשטיין

# צום אייביקן אָנדענק

פון אונזער באַליבטן ברודער שבתי פרידאַ, און זיין פרוי פייע, זייערע קינדער: איטקע און פייגעל, מיט זייערע פאַמיליעס: שרה׳קע, ראָזקע, חייקעלע און זיידקע; אונזער שוועסטער: חייקע כלופיצקי און איר מאַן אברהם און קינדער: שרה׳לע און מאָטעלע; אונזער טאַנטע חנה דאַנאָווסקי און איר טאָכטער מירעל; אונזער טאַנטע אסתר פינקעלשטיין און איר פאַמיליע.

מיט טיפן צער באַוויינען מיר אייער פריצייטיקן טויט! אייער אָנדענק וועט אויף אייביק פארבלייבן איינגעקריצט אין אונזערע הערצער!

מרים בערקאָוויץ
נתן פרידמאַן

---

די קינדער און אייניקלעך
פון
## ר׳ מרדכי נאָוואַלסקי ע״ה
און
## רחל לאה נאָוואַלסקי ע״ה
קרבנות פון מערדערישן נאַציזם

**משה און זיין פרוי**
**איטקע עלקאַן, איר מאַן און קינדער**
**שרה אבראַמסקי, איר מאַן און קינדער**

ת נ צ ב ה

ברוך נאָוואַלסקי, קאָסטאַ ריקאַ
פרידאַ אוראַוו (נאָוואַלסקי) מעקסיקאַ

צום הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן

## יואל און גאָלדע בארטשעווסקי



אויך מיינע ברידער און שוועסטער :

**חיים אריה, אברהם, געצל, יעקב און ליבע, מיט זייערע פאַמיליעס.**

**אַ ספעציעלע דערמאָנונג אין מיין ברודער חיים אריה בארטשעווסקי, וועלכער איז געפאַלן קעמפנדיק אין אויפשטאַנד פון דער ביאַליסטאָקער געטאָ.**

חוה בארטשעווסקי־בערק

---

אין אָנדענק פון

**פייגל און מוישקע בייקאָווסקי**

**און זייער זון שמעון זעליג**

**וועלכע זיינען אומגעקומען אין גראַיע־ווע, אויך לייבל לעוו, שרה לעוו און זייערע פיר זין, וועלכע זיינען אומ־געקומען אין ליטע. זיי וועלן אייביק לעבן אין אונזערע הערצער.**

די מוטער רחל לעוו
און די שוועסטער
שרה קאנטאָר

אין אָנדענק פון

## אייזיק און חיה מירקע קאָהן

מרס. בוירטע קעטץ

---

## In Memory Of Our Dear Departed Mother

# רבקה עברי

**"Gone But Not Forgotten"**

*THE IVRY FAMILY*

## צום אייביקן אָנדענק

פון אונזער ליבן ברודער

# סענדער פרידמאַן

זיין פרוי

## פייגל ביילע

און זיינע קינדער

## מערי, אברהם משה, און שלמה

און אין אָנדענק פון די אַלע קדושים פון אונזער היים־שטאָט גראַיעווע, די וועלכע איך געדענק און די וועל־כע איך געדענק נישט.

זאָלן די ווערטער זיין די יאָהרצייט־ליכטלעך נאָך די אויסגעלאָשענע לעבנס, וועלכע זיינען אומגע־בראַכט געוואָרן דורך מערדערישע הענט. זייער ווייי־געשריי איז געווען אַ קול קורא במדבר...

וועלוול פרידמאַן און זיין פאַמיליע
שעפסל פרידמאַן און זיין פאַמיליע
דזשייק קאַלינסקי און פאַמיליע
חנה לוריע און פאַמיליע
טשאַרלי לעווינסאָן און פאַמיליע.

# לזכר עולם

צום אָנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן

רפאל ב״ר נתן (ו׳ אדר, תרצ״ב)

און

אסתר שרה בת אברהם (ו׳ אלול, תרצ״ג)

# לייזערסאָן



די זין:

מאיר, לייבל, משה, ישראל

און אברהם לייזערסאָן

טאָכטער: שפרינצע סטיין

---

# לזכר עולם

אין אָנדענק פון די אומגעקומענע

גראַיעװער קדושים, די

# באָגישעס



די פאַמיליע

בעני און מילי באָגיש

# מצבת עד

לנפשות בית טיקוצקי אשר נפלו בידי זדים בימי-הכליון אשר כמוהם לא היו. הלא הן נפשות הקדושים:

צביה טיקוצקי עם המשפחה
הירש טיקוצקי ואשתו חנה שרה
עזרא טיקוצקי ואשתו רייזל, בנם חיים ובתם שרה

שפרה ובעלה פנחס פאקלר ובתם חשקה

יקום ה' את דמם.



השארית בישראל ובאה"ב

---

# צום אייביקן אָנדענק

פון מיינע ליבע עלטערן
מיין פאָטער

## משה מענדל דער שוחט

און מיין מוטער

## שרה זעלדע

אויך מיינע ברידער:

### חיים שמואל און ישראל יצחק

זייערע פאַמיליעס און קינדער

וועלכע זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם. אייביק וועלן מיר טראָגן דעם צער איבער זייער פריצייטיק פארשניטן לעבן.



מאיר לייזער מישקאָווסקי און פרוי.

חנה עלקי גלאַזער
אברהם מישקאָווסקי

# לזכר עולם

צום אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן

## אברהם מרגלית

געשטאָרבן נאַטירלעך כ"ה כסלו, 1939

## ברײנע מרגלית

אומגעקומען דורך מערדערישע הענט

מײנע ליבע שװעסטער

**לאה צוקערט, איר מאַן שײמע צוקערט, זײער זון מלך צוקערט (6 יאָר), זײער טאָכטער זיסל (1 יאָר אַלט).**

איך װעל אײך קײנמאָל ניט פאַרגעסן!



זון:

יאַנקל װעלװל מרגלית

---

אונדזער ליבע שװעסטער **צביה** מיט אירע קינדער



אומגעקומען פון די פאַשיסטישע רוצחים!

איביק װעט זי לעבן אין אונדזער זכרון.

אסתר סאַװיצקי און דוד בערנשטײן

צום אָנדענק פון אונדזער
אומפאַרגעסלעכער
פאַמיליע !

אונזער פאָטער, מרדכי טיקאָצקי,
אונזער ברודער אפרים און זיין
פרוי נחמה, מיט זייער קינד יודל,
וועלכע זיינען אומגעקומען דורך
די היטלעריסטישע מערדער אין
דער ביאַליסטאָקער געטאָ.

אייביק וועלן מיר אייך טראָגן
אין אונזערע הערצער.



העני גרינבערג
(דעטראָיט)

חנה פרעסקאָווסקי
(תל־אָביב)

---

צום אָנדענק

פון

אונזער באַליבטן
מאַן און פאָטער

חיים הערש
קליימאַן

געשטאָרבן דעם 31־טן יולי, 1949
אין עלטער פון 53 יאָר.

שטענדיק וועלן מיר טראָגן
זיין אָנדענק אין אונזערע
הערצער.

די פרוי דאָרא
און די קינדער
געצל, שיינדל
און גיטל.

---

צום אָנדענק פון אַלע
אונדזערע פריינט, וועמעס
לעבנס די היטלעריסטן
האָבן אומגעבראַכט !

מיר וועלן אייך קיינמאָל
נישט פאַרגעסן !



אליהו
און
מאיר סאָסנאָ

---

צום אָנדענקונג

פון

מיינע ליבע עלטערן

הירש און דאָבע
באָרקאָווסקי

אויך מיין ליבע שוועסטער
און שוואָגער

חיה און יצחק
סאָליסטינסקי

וועלכע זיינען אומגעקומען
אויף קדוש השם דורך די
בעסטיאַלישע היטלעריסטן.

ערע זייער אָנדענק !



אפרים
באָרקאָווסקי

## ברוך אהרן
און
## ענאַך
## מישקאָווסקי

אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים.

מיט ליבע ווען מיר טראָגן זייער אָנדענק.



**ביילקע פישביין**
**קוטשיק**
**ש. י. פישביין**

---

מיט טיפן צער און פרויער ערן מיר דעם הייליקן אָנדענק פון אַלע גראַיעווער קדושים.



**פרידא,**
**אוראָוו**
**נאָוואַלסקי**
(מעקסיקאָ)

---

צום הייליקן אָנדענק
פון
מיין מוטער
## חנה באַשע

מיין שוועסטער זעלדע, מיינע ברידער: עזרא זעליג און גדליהו און זיין משפחה, און מיין שוואָגער אַנשל גאָלדמאַן

וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע מערדער.

ערע זייער אָנדענק!



**פ. וואָיסלאָווסקי**

---

צום אייביקן אָנדענק

פון מיין ליבן פאָטער
## יצחק שלמה
## סאַליסטאָווסקי

און אויך מיין אָנקל, קוזינס און משפחה.



מר. און מרס.
**דוד סיגעל**
שיקאַגאָ, איל.

**Mr. & Mrs. D. H. SIEGEL**
1037 Dwersey Parkway
Chicago, Ill.

# גראַיעווער, אָסטראָווער, זאַראמבער
# בראַנטש 56

פון

# אידישן פראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן

ערט דעם אָנדענק פון די קדושים פון גראַיעווע
און אומגעגנט, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די
בלוטיקע הענט פון די פאַשיסטישע הענקער.



מיר באַגריסן די טוער פון גראַיעווער רעליף פאַר
זייער גוטער אַרבעט לטובת די געליטענע.

## בראַנטש 56, אידישער פראַטערנאַלער פאָלקס־אָרדן

א. מאַגידסאָן, פרעזידענט

ב. בינדער, פינאַנץ סעקרעטאַר

ר. בלום, רעקאָרדינג סעקרעטאַר

א. שטיין, קאַסירער

פ. גאָלוב, ליטעראַטור־פאַרוואַלטערין

א. קליימאַן, קראַנקן־דירעקטאַר
(מאַנהעטן און בראָנקס)

ר. גאָלדבערג, קראַנקן־דירעקטאַר
(ברוקלין)

מ. פריד, רעליף־דירעקטאַר

עקזעקוטיווע מיטגלידער:

ב. שטיין, ס. לעווין, ב. יאַגאַדניק

לזכרון עולם

**In Memory of My Beloved Parents**

**ISAAC and SARAH EIN**

**my brothers**

**CHAIM, MORRIS and BORIS**

**my sisters**

**ESTHER and FRIDA**

**The latter victims of Nazi barbarism**

ת נ צ ב ה

*Max Ein*

---

**גראַיעווער בר. 35, אַ.ר.**

דריקט אויס דעם טיפן צער און
חייטיק אויפן אומקום פון אַלע

**גראַיעווער קדושים**

חאָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך
די בלוטיקע מערדערישע הענט !

די באַאמטע :

מאָריס בלום
מאַקס קאָהן
הערי רודער
סאָל ביקאָווסקי
סעם גראָס
דזשעק ריבא
הימי בערנאף
און אַלע מיטגלידער.

---

לזכר עולם

**הלל און לאה**
**טייטעלבוים**

די קינדער :

אייזיק און
אדם טייטעלבוים
איטקע קאַלעקאַ

---

אין אָנדענק
פון
מיינע עלטערן

**לייזער װעלװל**
און
**חנה ביילע**
**אַבעלסקי**

**פּאָול אַבעלסקי**

# לזכר עולם



## על אלה אני בוכיה!



צום אייביקן אנדענק
פון אונדזערע לאנדסלייט און
פריינט פון אונדזער שטאט גראיעווע
וועלכע זיינען אומגעבראכט געווארן
אין דער גרויסער שחיטה פון אידישן
פאלק דורך די מערדערישע נאצי־
בעסטיעס אין דער צווייטער
וועלט־מלחמה.



**In Memory of Our Landsleit and Friends of Our Town GRAYEWO, POLAND Who Were Massacred By The Nazi Murderers in the Second World War**

**Officers and Members of the**
**GRAYEWER FRIENDSHIP SOCIETY**
**of Chicago, Illinois**



אהרן יעקב   ראָזקע   טעוועל   באַשע



## מיט טיפן צער שטעלן מיר די דאָזיקע מצבה
## אויף די אומבאַקאַנטע קברים

פון

## אונזער פאָטער אהרן יעקב גארטשיצקי
## אונדזער מוטער באַשע
## אונזער ברודער טעוועל
## אונזער שוועסטער ראָזקע

זייער זכר וועט אויף אייביק בלייבן
איינגעקריצט אין אונזערע הערצער.



יצחק גארטשיצקי
מרים גערשטאנסקי
דר. ג. גאָרין

צום אָנדענק פון אונזערע ליבע און טייערע עלטערן

## משה הערש און חיה שרה קאַימאַן און ברודער ישראל ע"ה



וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די הענט פון די היטלער־רוצחים.

אייביק וועלן מיר אין צער טראָגן אייער ליבן נאָמען!

**חיים, זאב און ניסן קאַימאַן**

# צום אייביקן אָנדענק



מיט ליבע און טרויער דערמאָן איך

מיין שוועסטער

## א י ט ק ע

מיין שוואָגער

## לייבל קובערסקי

און זייערע קינדערלעך

**חנה, ישראל, חיים און ריוואַ**



וואָס זיינען טראַגיש אומגעקומען דורך די מערדערלעכע נאַצים.

זייער אָנדענק וועט אויף אייביק פאַר־בלייבן איינגעקריצט אין אונזערע הערצער.

**מר. און מרס. סעם ריבעט**
ניו־יאָרק



IN LOVING MEMORY OF

OUR BELOVED FATHER AND HUSBAND

# HYMAN SILVERSTEIN

DIED FEBRUARY 9, 1949



*Mrs. Dinah Silverstein*

*Mrs. Jeanne Roe Mishkin*

sants for firewood. The hoodlums searched and rummaged. Perhaps they were seeking buried Jewish gold, that legendary "Jewish treasure" which every Jew "must" have. Suddenly they struck on something soft or hard. Who knows? But it was suspicious; they quickly began digging at the earth under their feet and were stunned at what they found. Before their eyes there opened a grave, a ditch in which were lying two *living corpses*. . . . The clothes on the two had already rotted away. Only the boots remained whole. One can only guess how these two Jews managed to hide during the liquidation and how they managed to stay alive in the ditch for an entire month. When the treasure-hunting hoodlums saw that two Jews still lived, their beastly "patriotic" blood was inflamed. They dragged the two from the ditch, ordered them to remove their boots, and to embrace each other, so that one bullet penetrated both skulls. The two Jews were *Velvl Videnski* and his young wife! (eye-witness account of the Polish worker, *Yankolsky*).

Now Grayevo, "Juden-rein", can sleep peacefully. No more Jews in Grayevo. . . .

But:

The earth of Grayevo shall not rest for a long, long time. Long, very long shall sleep be taken from the eyes of those in Grayevo who helped in the great crime. The pain of the murdered women and children, fathers and sons, shall long disturb their rest. Mortal fear shall grip them by night and black melancholy shall torture them by day for the awful deeds they have done. The curse which our martyrs cast in the final moments of their being, shall pursue them eternally to the end of their days. . . .

Then the blood of our martyrs shall be quieted. . . .

* Note: The English spelling of many of the family names contained herein has been approximated by the translators.

H.H., M.S.

That same day, the oven of the Birkenau death factory swallowed forever the last remnants of the Grayevo Jews. . . .

## *THUS IT WAS*

Dead, as though following some horrible flood, Grayevo remained without Jews. . . . A quiet, thick cloud of recently-shed Jewish blood seemed to rise from every corner, from every bit of earth. The flat hills around the village Przekopke, the shallow waters on the Kosherufke brook, the ruins of the houses of the synagogue street, the murder chamber in the synagogue, the huge cemetery near the Bogushe camp. All these places contained for eternity the remains of a Jewish community on Polish soil. . . . Sobs shake the earth of Grayevo. The birds in the church-garden sing a dreary song. The sun is ashamed to look upon the fresh graves, because when she warms such a grave with her contenance, a choked cry rises from the innocently-tortured victim who curses the world, curses the sun for having shone on the enemy. . . . Then the shamed sun hides and a thick, damp fog settles over the city like a great shawl of mourning, and the city appears then to be sitting *shive* at the foot of the "green mountain." . . . There is no light in Grayevo! So the dark-souled creatures crawl from their holes, sniffing: Is everything done? Have we somewhere overlooked someone? So they crawl among the villages and woods seeking hidden Jews—and not finding any, they seek everywhere until . . . they came to the Bogushe camp. . . .

. . . That which I am about to tell happened a month after the "emptying" of the camp in Bogushe, when on the soil of Grayevo and its environs, there rested not one Jewish foot.

Some of the Polish hoodlums from among Grayevo's rich store of the underworld went to visit the Bogushe camp. The barracks were empty, partially dismantled by the pea-

rat", Zalman Sutker, and his aide, Lazar Grossman, was taken to Treblinka and destroyed in the crematoria. (To this day, we do not know of a single person who managed to escape from that transport.)

Some thousand persons remained in the camp. The German murderers, who had carefully laid their criminal plans, wanted to create the illusion among the remaining ones that they were no longer in any danger. They were placed in the better and larger barracks and were even better fed. M. Kletski tells about one instance in which a number of killed geese and other fowl were brought from the Prostken pasture for the internees. It was intimated that the internees would be allowed to "recuperate", and then be sent to labor camps. The Germans then designated a Jew from Augustov as camp commander and a week later ordered him to prepare the Jews for their journey.

On January 2nd, 1943, the Germans ordered the Jews to pack up and prepare to leave the next day. On January 3rd, the last Grayevo Jews left the Bogushe camp forever. In jammed cars, they left the Prostken railway station and rolled on through Bialystok, Warsaw, Treblinka. . . .

When the train passed Treblinka and did not stop, a ray of hope shone among the unfortunate. They did not yet know that there were other death camps besides Treblinka. . . . So the Grayevo Jew, *Jacob Shidlow,* consoled his brethren: "Jews, if we have passed the hell of Treblinka we shall survive. . . ." Unfortunately, this was a false hope.

At midnight, the train arrived at the Birkenau death camp, adjacent to Auschwitz (Oswiencim). As soon as the train stopped, it was attacked by SS men with tommy guns who drove the prisoners from the carriages. Whoever tried to take anything with him, even a piece of bread, was shot on the spot. Alongside the rails, a selection was made, some 100 young men were taken out and the other 900 men and women were jammed onto trucks and taken down the long road to the crematorium.

were collected in a ditch and were removed in the morning to the camp cemetery, which was the cemetery of the Russian prisoners-of-war.

Everyone of the interned Jews was at the mercy of any one of the SS guards. In relation to this, it is told of the Grayevo Jew, *Shaie Leib Konopko,* a casualty of World War I. One morning a gestapo man came into the camp, and called the Jew out of the barrack. The invalid, Shaie Leib, realized that his time had come. With tears in his eyes, he bid farewell to his friends, took from his basket the leather gloves which he had always worn because of his rheumatism, gave them to his brother-in-law, *Leibl Sharfstein,* and said: "Take them. I don't need gloves anymore." He entered the prepared ditch . . . and the gestapo man extinguished his life with one shot.

A "selection" was made in the camp on the 15th of December. Some 5,000 people were closely packed into separate barracks. They were told that they would be sent to a Silesian labor camp the next day. It is interesting to note that at that time, there was already the rumor that the Jews were being sent to the crematoria of Treblinka and Maidanek, but no one believed the rumor. Therefore the majority of those selected for "labor in Silesia" calmly accepted the news of their transference. The transportation was carried out in the usual German manner: terrible blows and shootings on the spot drove the people out of the barracks to the railway station in Prostken. The roads were soaked by the fall rains and the mass was too tired to walk. But the beasts drove them on; those who lagged were immediately shot. The road from Bogushe to Prostken was littered with the dead and dying. The next day, the camp administration ordered the remaining Jews to collect the corpses from the road. 200 bodies were collected and buried in the camp cemetery.

The entire transport of 5,000 Jews, among whom were the camp commander and former president of the "Juden-

